# משה און דאס פאלק

אדער

# גלות און בעפרייאונג



אין צוויי טהיילען



פון משה מ. עפשטיין





ערשטער טהייל

## פון משה׳ס געבורט ביז׳ן ים־סוף

לזכר אבי מורי ז"ל,
המשכיל, נדיב הלב וירא אלהים
ה' בצלאל יעקב במוהר"ר יחזקאל אפשתין.

# ערשטער טהייל

## פון משה'ס געבורט ביז'ן ים-סוף

### א ווארט צום לעזער און קריטיקער.

דאס ערשטע טהייל פון דיזען בוך, וועלכען איך פערעפענטליך יעצט און גיעב איבער אויף דעם אורטהייל פון דעם ווערטהען לעזענדען פובליקום, האט געזאלט געדרוקט ווערען אין „די אידישע צוקונפט", ניו־יארקער אויס־גאבע פון יאהר 1908. גראדע האט דיזער זשורנאל זיך געשלאסען ביי זיין דריטען נומער און דער מאנוסקריפט איז פערבליבען ניט פערעפענטליכט. צייט דאן האב איך דאס ערשטע טהייל מעהר בעארבייטעט און פערענדיגט דאס צווייטע טהייל.

דער בוך פאנגט אן מיט משה'ס געבורט און ענדיגט מיט זיין טויט.

דאס ערשטע טהייל בעהאנדעלט דעם פעריאד צייט פון דעם טאג, וואס משה איז געבארען געווארען ביז'ן ים־סוף. דיזע טהייל שילדערט משה'ס ענטוויקלונגס־וועג און זיינע בעשטרעבונגען, וועלכע זיינען נאכהער אריינ־געלעגט געווארען אין דעם פונדאמענט פון אונזער קולטור און געזעטצגע־בונג; עס ערקלערט די אורזאכען, ענטוויקלונג און אייזערנע געזעטצע פון גלות און יודענהאס; עס דעקט אויף דעם כאראקטער פון א שקלאפען־פאלק און פאלגט נאך דעם ערלעזונגס־וועג ביז דעם לעצטען מאמענט.

דאס צווייטע טהייל נעהמט ארום דעם פעריאד־צייט פון ים־סוף ביז משה'ס טויט ביים גרענעץ פון ארץ־ישראל. דיזעס טהייל בעהאנדעלט די אור־זאכען פון דעם לאנגען אידישען וואנדערען אין מדבר, בעטראכט דעם כא־ראקטער פון דעם איבערגאנגס־דור, דעם דור־המדבר, וועלכער נאך זיין ער־ציהונג און געוואהנהייטען איז געווען שקלאפעריש און געטצענדינעריש און נאך זיינע פעהיגקייט און שטרעבונגען — פילאזאפיש און אויפגעקלעהרט. דיזעס טהייל, געוויסערמאסען, בעהאנדעלט אויך דעם גייסט און הויפט־פרינציפען פון יודענטהום אויף וויפיעל זיי זענען נאטירליך, ערהאבען און אמת.

דער פעריאד און דור אין וועלכע מיר לעבען יעצט זיינען אין פיעלע הינזיכטען עהנליך צו יענער צייט און יענעם דור. דאס זעלבע אונערטרעג־ליכע לאגע אין גלות, דאס ערוואַרטונג פון עטוואס נייעס, די מאראלישע וואנדערונג פון פערשיעדענע פאלקס־טהיילען אויף פערשיעדענע וועגען צו זוכען רעטונג, דאס אידעאלען־יאגענעס און גאט־זוכענעס פון געוויסע פאלקס־שיכטען, דאס זעלבע פערזינקענים אין די מ"ט שערי טומאה פון גלות און אסימילאציאן און די זעלבע הויכע בעשטרעבונגען און שוואכע קרעפטען צו אויספיהרען דיזע בעשטרעבונגען.

דיזע געמיינזאמע כאראקטעריסטישע ציגע פון אונזער צייט און דור האבען מיך געבראכט צו דער אידעע, צו שרייבען דיזען בוך.

אבער פון שרייבען ביז פערעפענטליכען א בוך איז א היבשער מהלך.

מאנכעס מאָל איז פיעל שווערער צו בעשליסען זיך צו פערעפענטליכען א בוך איידער צו אָנשרייבען איהם.

א שרייבער פון אזא סאָרט בוך מוז בעזיעגען פיעלע שוועריגקייטען אויף זיין וועג. די טהעמא זעלבסט, דער אינהאלט איז אונגעהייער וויכטיג און פעראַנטוואָרטליך; די צייט און די האנדלונג איז חויך און ווייט פון אונזער צייט און פערשאַפט שוועריגקייטען אין שילדערן און צופאַסען אויסדריקע אין דער מאָדערנער אידיש. העברעאיש גיט פיעל מעהר בע־קוועמליכקייטען פאר א ווערק פון דיזען סאָרט. ווייל די אַלע קוועלען, אויף וועלכע דיזער בוך איז בעגרינדעט, זענען אָריגינעל אין העברעאיש, און דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור.

ליידער זיינען יעצט אונזערע ברייטע פאָלקס־שיכטען אָבגעפרעמדט געוואָרען פון אונזער נאַציאָנאַלער שפּראך און מיר ברויכען זיך ווענדען צו זיי אין דער שפּראַך, וועלכע זיי פערשטעהען אם בעסטען. בעזאָנדערס, ווען מיין צוועק מיט דיזען בוך איז ניט די שפּראך, מעג זי אפילו זיין העברעאיש, נור די אידעע: צו איבערגעבען צום אַלגעמיינעם, אַלטעגליכען אידען, צו די ברייטע אדישע מאַסען, אייניגע פערל פון אונזערע אַלטע צייטען און אוצרות און צו ווענדען צוריק די בליקען פון פאָלק צו די ערלעזונגס־וועגען פון דער ערשטער בעפרייאונג און צו אונזערע ערהאבענע אידאַלען און געזעצע, וועלכע זענען אזוי לאַנג צוזאַמענגעבונדען מיט דעם ערשטוינענדען פאַקט פון אייביגען עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק און וועלכע, צום בעדויערען, אין דער לעצטער צייט, זיינען אזוי געפאַלען ביי אונז..

דאָס איז א ביסעל טענדענציעז. און אזא טענדענץ איז אין היינטיגער ד ו ר ־ ד ע ה צייט ניט מאָדערנע, ניט פאָרטגעשריטען און עס פאָדערט זיך פון א שרייבער א געוויסע מאָס ענטוואגונג, אום צו בעווייזען זיך צווי־שען ל יי ט ע ן מיט אזעלכע טענדענצען. אָבער אויסער די ערמוטהיגונג פון אייניגע פון מיינע פריינדע, בין איך זעלבסט געקומען צום בעשלוס דאָס עס איז גלייכער צו זיין אן ענו׳דיגער בעל־גאוה איידער א בעל־גאוה׳דיגער ענו.

אַלס א פאָלקס־בוך, האָב איך זיך בעמיהט צו מאַכען דעם סטיל לייכט און די שפּראַך פּאָפּולער ווי נור מעגליך. און זאָל דער שטרענגער קריטיקער פערוועגדען זיין מדת־החסד, אויב אין מאנכע פּלעצער, פון קלאָהרקייט וועגען, האָב איך פיליכט געזינדיגט געגען דער ליטעראַרישער קורצקייט און שאַרפקייט.

דיזער בוך איז קיין קריטישע אָבהאנדלונג. ער פאָלגט נאָך טריט ביי טריט די טראַדיציאָן. אַלע פּלעצער פון תלמוד און מדרשים זענען איבעראַל איינגעוועבט אין דעם טעקסט, אום ניט צו שטערען דעם גאַנג און אינטערעס פון לעזען.

איך וועל זיין דאַנקבאַר יעדן עהרליכען קריטיקער, וואָס וועט מיר אָנ־צייגען אויף אונגערנדיגע פעהלערען געגען דער מסורה, אָדער וואָס וועט מיר מאַכען אויפמערקזאַם אויף וועלכע עס איז פעהלערן איבעראַל.

דער פּערפאַסער.



# משה.

ווי א גרויסע ליכטיגע זון שיינט משה'ס נאמען אין דער היסטאריע פון דאס גאנצעם מענשהייט. די ליכטיגע שטראהלען פון דיזען זון דרינגען דורך דעם אונענדליכען רוים פון די יאהרטויזענדע, זיי דערגרייכען די ווייטע, ווייטע צייטען און זיי לייכטען און ווארימען אין אלע ווינקעלעך פון דער וועלט.

קיינער ווייסט ניט דעם פלאץ, וואו די ביינער פון דיזען איבערמענש ליעגען, קיינער האט איהם קיינע מאנומענטען ניט געשטעלט. און דאך לעבט זיין נאמען אין דער גאנצער מענשהייט און, וואהרשיינליך, וועט ער לעבען כל זמן עס וועלען זיין מענשען אויף דער ערד.

מיר זיינען יעצט ווייט פון משה'ן א מהלך פון טויזענדער יאהרען. פיעלע גרויסע קינגלער זיינען אונטער דיזער צייט גענצליך פערגעסען געווארען, פיעלע רעליגיאנס-שעפפער זענען פערגליווערט געווארען אין א קליינעם קרייז פון אנהענגער, פיעלע תורות זענען שוין לאנג פערשוואונדען פון דער וועלט, אדער זיי וואלגערען זיך אין די ארכיווען. נור משה'ס נאמען לעבט זאגאר אין די קרייזען פון זיינע געגנער. משה'ס פרינציפען זענען אונ־שטערבליך, זיינע געזעצען זענען די נאטור, דער לעבען זעלבסט; זיינע אידעען און בעשטרעבונגען הערען קיין מאל ניט אויף צו בעקעמפפען און בעזיעגען זיינע בעקעמפפער, זיי הערען ניט אויף צו ווירקען אויף דער מענשהייט און, בעוואוסטזיניג אדער ניט — די מענשהייט ווערט מיט זיי דורכגעדרונגען און אדאפטירט זיי.

משה'ס גייסט שוועבט צווישען אונז און פיהלט זיך אויך היינט.

---

„און ווען משה איז געבארען געווארען — דערצעהלט די גרויע זאגע — איז דאס הויז געווארען אנגעפילט מיט ליכטיגקייט."

אין א פינסטערע נאכט, אין שרעקליך פינסטערע צייטען, אין אן אומ־געגענד פון טיעפסטער און נידריגסטער קנעכטשאפט, אין אומשטענדען, וואו מענשען זוכען זייער זעלבסט-פערניכטונג, זיך ענטזאגענדיג פון פאמי־ליען-לעבען, אום זיי זאלען ניט דארפען זעהן זייערע קינדער פערשקלאפט און געפייניגט, אין א קליינע פינסטערע שקלאפען-הייזקע, ווערט פלוצלונג געבארען א משה, אן איבערנאטירליכער שיין ערלייכטעט די פינסטערע הייזקע.

„און זיין מוטער זעהט אז ער איז גוט, אז דיזעם קינד איז עטוואס אויסערגעוועהנליכעס, און זי בעהאלט איהם פון דער גאנצער וועלט.

אידישע קינדער ווערען געווארפען אין די הייליגע וואסער פון טייך נילוס אלס א קרבן צום עגיפטישען גרויזאמען ג א ט - ק ר א ק א ד י ל, וועלכער לעבט אין דיזען טייך און פאדערט מענשען-פלייש.

אידישע טעכטער ווערען אין טייך ניט געווארפען, אין געגענטהייל, זיי ווערען נאך געפפלעגט. זיי זענען א גוטער מאטעריאל, ווי א געראטענע „פאראדע", צו פערפיינערען, פערבעסערען און פערמעהרען די עגיפטישע, דע־

גענעריירענדע ראַסע. אידישע זיהן ווערען גערויבט פון פאָלק, אום די אידישע טעכטער זאָלען זיין געצוואונגען צו הייראַטען די מצרים...

און אידישע פרויען — דערצעהלט אונז וויטער די זאַגע — געהען אוועק אין די עגיפּטישע פעלדער, דאָרט געבוירען זיי זייערע זיהן, און לאָזען זיי איבער אויפ'ן פרעמדען באָדען, אויף פרעמדע פעלדער, אויף פרעמדע ברויט און וואַסער, אויף פרעמדע לעהרע, אידעען און געדאַנקען, אום זיי זאָלען זיך צוזאַמענוואַקסען מיט דער הערשענדער ראַסע, אום זיי זאָלען זיין פערזיכערט מיט עגיפּטישען מאַיס, פיש און קנאָבעל, אום זיי זאָלען ניט וויסען פון זייער אָבשטאַמונג און זאָלען ניט ליידען אַלס אידען. 1)

משה'ס מוטער איז ניט פון דיזען סאָרט פרויען. משה'ס מוטער בעזאָרגט זיך ניט איבריג וועגען זיין מאַטעריעלער צוקונפט. יוכבד איז פריהער פון אַלס אַ אידין, אַ אידישע טאָכטער, אַן איבערגעבענע טאָכטער פון איהר נאַציאָן.

יוכבד שטעלט אימער איהר אייגענעם לעבען אין געפאַהר אום צו רעטען אידישע קינדער פון די ה י י ל י ג ע ו ו א ס ע ר און זי זוכט צו רעטען איהר אייגענעם זוהן מיט אייגענע מיטלען, אין איהר אייגענעם, אידישען הויז אַזוי לאַנג, ביז איהרע בעמיהונגען ווערען נוצלאָז. און דאַן לאָזט זי איהם שווימען איבער'ן וואַסער, איבערגעבענדיג זיין שיקזאַל אין די הענד פון דעם אידישען גאָט, גלויבענדיג פעסט, אַז ע ר וועט איהם רעטען פון די הייליגע וואַסער, פון גרויזאַמען ו ו א ס ע ר - ג אָ ט, און וועט אויך פערזאָרגען זיין צוקונפט. זי איז פערטיג בעסער צו איבערלאָזען איהם צו די שטורמיגע, זינלאָזע וועלען, איידער אויפ'ן שמוציגען, עגיפּטישען באָדען...

און משה ווערט גערעטעט דורך די הענקערס זעלבסט. דער פערברעכער גרייט זיך זעלבסט אָן זיין אייגענעם הענקער. און משה ווערט אַריינגענומען און ערצויגען אין פרעה'ס הויז.

---

דער אידישער ערלעזער, דער מאַן, וועלכער דאַרף אין דער צוקונפט שפּיעלען אַ וועלט-ראָליע, דיזער, וועלכער איז בעשאַפען, אום צו ברעכען די הערשענדע מאַכט, ווערט ערצויגען דורך דיזער מאַכט זעלבסט. ער ווערט ניט ערצויגען אין דער אידישער סביבה, אין דער שקלאַפּישער אַטמאָספערע, ער לעבט ניט צוזאַמען מיט זיינע אונגליקליכע ברידער, ביי וועלכע עס זענען שוין אַטראָפּירט אַלע העכערע געפיהלען און זענען פיהלבאַר בלויז צו פיזישע ליידען, ווי הונגער און קלעפּ, ער ווערט ניט איינגעוואָהנט מיט זייער קנעכטישער ערנידערונג, אונטערטהעניגקייט און קליינליכקייט, ער ווערט ניט פערשלונגען פון דער געצוואונגענער אונוויסענהייט, זיינע מענשליכע געפיה-

---

1) דער תלמוד (סוטה י"א) דרש'נט פון דעם פסוק: תחת התפוח עוררתיך... (שה"ש), אַז די אידישע פרויען פלעגען אוועקגעהן אין פעלד אום צו געבוירען דאָרט זייערע קינדער און מלאכים פלעגען זיי אויפנעהמען און ערציהען. דעם אינערליכען זין פון דיזע ווערטער, קען מען פערשטעהן, דאָס עס זענען דאַן געווען פיעלע אידישע מוטערס, וועלכע אום צו רעטען זייערע קינדער פון טויט, פלעגען זיי זיי איבערגעבען אין די דערפער צו מצרים'שע פרויען, וועלכע פלעגען מאַכען דערפון אַ גוטען געשעפט. דאָס איז אָבער בלויז מיין אייגענע השערה און איך זאָג ניט: קבלו דעתי.

לען ווערען ניט פערטעמפט און פערהארטעוועט הורך איביגע צרות פון שקלאפעריי.

אין קעניגליכען פאלאץ, אלס א שטאלצער פרינץ, ווערט משה ערצויר־גען. ער געניסט די העכסטע בילדונג פון זיין צייט. און דאך ווייס ער און פיהלט די צרות פון זיין פאלק און פערנעמט זייערע קרעכצען.

א וואונדערבארע, צווייזייטיגע ערציהונג האט משה גענאסען.

אויסערליך איז ער אין גאנצען אסימילירט, ווערט ערצויגען אין מצרים־שען גייסט, לעבט אין א מצרים'שע הויז, אין מצרים'שער אטמאספערע, טראגט זייערע קליידער, פיהרט זייער ארט לעבען. אבער זיין שפייז איז אידישע מוטער־מילך; זויגען זויגט ער נור די מילך פון זיין אייגענער מו־טער. „פון קיין מצרית וויל ער פאר קיין פאל ניט זויגען. דער מויל וואס דארף אין דער צוקונפט רעדען מיט גאט, שאפען דאס ריינסטע און ערהאבענסטע, קען קיין אומריינע מילך ניט זויגען" (סוטה י"ב). קיין אנדער קולטור, קיין אנדער ציוויליזאציאן, אויסער זיין מוטערס, פערדייהט ער ניט.

פון איין זייט — קעניגליכער לוקסוס, גלאנץ, עהרע, רייכקייט, פון דער אנדערער זייט — זיין גוטע, פרומע, איבערגעבענע, אבער איינפאכע, ארע־מע, אידישע אם־מוטער, וועגען וועמעס נאציאן ער הערט אימער בלויז שימפף און בעליידיגונג. פון איין זייט — אבסאלוטער דעספאטיזם, אכזריות, אויסגעלאסענהייט, אונמאראליטעט, מערדערישער און שמוציגסטער רעליג־יעזער קולט, לעבעדיגע און רעאלע פאקטען פון פערדארבענהייט און בלוי־טיגער ווירקליכקייט ; פון דער אנדער זייט — בלויז גייסטיגע ווירקונג, ערצעהלונגען און פאלקס־מסורות וועגען ליידען פון אן אונגליקליכעס, אונ־שולדיג־פערשקלאפטעס פאלק ; וועגען זייערע אור־עלטערן, די פאטריארכען, וועלכע האבען געלעבט א לעבען פון צניעות, רחמנות, גערעכטען, אמת'ען גלויבען און גוטע מדות ; וועגען א יידען אברהם, וועלכער, נאך אין זיין טיעפסטער יוגענד, מיט דער גרעסטער מ ס י ר ת ־ נ פ ש, ברעכט די פאל־שע, מאטעריעלע געטער פון זיינע עלטערן און מיטבירגער ; וועלכער זיצט קראנקערהייד אונטער די ברענענדע שטראהלען פון דער זידליכער זון, ער־ווארטענדיג אונבעקאנטע, מיעדע רייזענדע מיט ברויט, פלייש, פוטער און מילך ; וועלכער לאזט זיך ביינאכט אין א געפעהרליכע שלאכט, נעגען א פיעלפאך שטארקערע מאכט, אום צו רעטען אונגליקליכע געפאנגענע, ניט בעהמענדיג אפילו א בענדעל פון זיינע בערעכטיגטע טראפעהען ; וועלכער מאכט פון קנעכט נפשות, מענשען מיט הויכע נשמות, מיט הויכע אידע־אלען, מיט דורכדרינגענדע בליקען, וואס דערזעהען ביי איהם אין הויז געטליכקייט, מלאכים, הימעלשע וועזענס; וועלכער פיר זיין גאט, פיר זיין אידישקייט איז פעהיג צו אויפאפפערען ניט נור זיין אייגענעם קערפער און דעם קערפער פון זיין זוהן, וועלכער איז ביי איהם פיעל טהייערער פון זיין לעבען, נור אפילו זיין נשמה 2). ער איז פערטיג צו בעגעהן דעם שווער־

---

2)ואהבת את ד' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך (דב. ו.) בכל לבבך : בשני יצר הרע, ובכל נפשך, אפילו הוא נוטל את נפשך (בר. ס"א). ד. ה. ליעב גאט מיט דיין גאנצען הארצען און מיט דיין גאנצער זעעלע. דאס מיינט אז אין יודענטהום איז דער עיקר גאטעס ווילען. עס גיעבט ניט קיין אב־סאלוטע גוטעס אדער שלעכטעס, נור בלויז גאטעס געבאט. און דעריבער ברויך דער מענש צו ערפילען זאגאר אזעלכעס, וואס נאך זיין שכל קומט

סטען פערברעכען געגען גאָט, אום צו טהאָן דעם ווילען פון גאָט, ניט נור מיט גוטע מעשים, נור אפילו מיט פערברעכענס איז ער פערטיג צו דיענען זיין גאָט, ווען גאָט הייסט איהם; ניט נור זיין עולם־הזה, נור אויך זיין עולם הבא אָפפערט ער צו גאָט 3). דען ער בעגרייפט, דאָס שלעכטעס אין גאָטעס נאָמען איז בעסער איידער גוטעס אין נאָמען פון טייפעל; דאָס גאָטעס אכזריות איז בעסער אלס דעם טייפעל'ס רחמנות; אז דאָס שלעכטעס, וואָס ג ו ט ע ס הייסט טאָהן — איז גוט און דאָס גוטעס, וואָס שלעכטעס הייסט טאָהן — איז שלעכט.

זי דערצעהלט איהם אויך פון א זוהן יצחק, וועלכער גיט זיך איבער אין זיינע בליהענדסטע יאָהרען אלס קרבן פיר גאָט און אידישקייט. ער רעוואָלטירט ניט, ער פראָטעסטירט ניט, ער רעכענט ניט זיין פאָטער פיר משוגע, עובר בטל, אלטוועלטליך, אונוויסענד; ער רעכענט ניט זיין פאָטערס משונה'דיגע אידעע און אוננאַטירליכען טהאַט פיר פאַנאַטיזמוס, אבער־גלויבען, פינסטערקייט; ער ענטלויפט ניט פון פאָטערס לאַגער, זאָגאר ווען איהם שטעהט פאָר דאָרט פערברענט צו ווערען. נור אדרבה, ער געהט זעלבסט צום מזבח, ער זעלבסט טראָגט אויף זיינע שולטערן זיין אייגענעם עשאַפּאָט 4), ער זעלבסט העלפט נאָך זיין פאָטער אויספיהרען די שרעקליכע ארבייט, און מיט פולען בעוואוסטזיין, מיט שטאָלץ און צופרידענהייט לאָזט ער איבער זיינע חברים מיט'ן עזעל אונטער'ן בארג און געהט מיט זיין פאָטער צום שפּיץ בארג, אהינצו, וואו עס איז פאַרבערייטעט דער מזבח פיר איהם. 5)

זי דערצעהלט איהם אויך פון א מוטער רבקה, וועלכע פערשטעהט צו ליעבען דעם זוהן, דעם לערנער, דעם תם, וואָס מיידעט אוים די אויסגעלאַ־

---

עם אוים הארטהערציג, גרוויזאם, ניט לאָגיש. וואָרום קוים דער העכסטער אידעאַל איז גאָט און דאָס ערפילען אלעס וואָס ער חייסט, איז דאָך קיין אונטערשיעד, וואָס דער הייסען איז, גוטעס אָדער שלעכטעס. פונקט אזוי בעגעהען מענשען איג'ם נאָמען פון פּאַטריאָטיזם צום פאָלק, צום קעניג, צו איין אידעאַל און דאָס ווערט ניט גערעכענט אלס פערברעכען, נור מאַנכעס מאָל זאָגאר אלס גוטער טהאַט.

אָבער אזא הויכע שטופע פון רעליגיעזע איבערגעבענהייט איז מעגליך און ערלויבט בלויז פיר אברהם'ס, פיר נביאים. בכלל אידען טוהען אלעס עפ"י דין תורה.

3) ברענגען דען ניט מענשען, פערשיעדענע פּאָליטישע פאַרטייען, מענ־שען־אָפּפערם צו זייערע אידעאַלען, אָדער אינטערעסען אויך היינט? פער־היילינען זיי דען ניט מאָרד און יעדע שאַנד־טהאַט פון זייערע געטער ווענען? און דאָס זענען שוין גערעדע מענשען, וועלכע פּרעטענדירען אויף הויכער ציוויליזאציאָן, אויף וועלט־אויפקלעהרונג...

4) זעה מדרש רבה, תנחומה, סנהדרין ס"ט, ירושל. תענית.

5) דער מדרש דערצעהלט, דאָס ווען זיי זיינען צוגעקומען צום בארג, האָט אברהם געפרעגט יצחק'ן: וואָס זעהסטו? — איך זעה א פּרעכטיגען בארג, אייגעוויקעלט אין הערליכע וואָלקענס — האָט יצחק געענטפערט. דאַן האָט אברהם געפרעגט זיינע יונגען: וואָס זעהט איהר דאָרטען? האָבען זיי געענטפערט: מיר זעהען בלויז וויסטעס.... און אברהם האָט דאַן געזאָגט: מענשען זעהען און ווייסען ניט וואָס זיי זעהען. ע ם ה ד ו מ ה ל ח מ ו ר, פערבלייבט דאָרט מיט דעם עזעל. (דאָרט.)

סענע בנות־חת, מעהר אלס דעם וועלטליכען זוהן, דעם ריטער, וואס לעבט אויף זיין שווערד און בויגען און ברענגט אריין אין הויז פון אלעם גוטעס... און זי זוכט צו בעקומען די ברכות פון דעם עלטערען פיר דעם בעסערען.

זי פערגעסט אויך ניט דעם פאטער יעקב — דער ריינסטער און ערהא־בענסטער סימבאל פון אידישען פאמיליען־פאטער, וועלכער לויפענדיג פון זיין אייגענעם ברודערס פערפאלגונגען, געהענדיג אין גלות, חלומ'ט פון א לייטער, אויף וועלכען מענשען זאלען, ווי מלאכים פון גאט, קענען שטייגען צום הימעל; שלאפענדיג אין א איינזאמען, ווילדען פלאץ, אויף דער נאסער ערד, מיט א הארטען שטיין צוקאפענס, נעהמט ער אויף זיך צו בויען א דוויז און א מאנומענט פיר גאט; זעגענדיג נע ונד, אויף פרעמדען באדען, פערמעגענדיג בלויז איין שטעקעל אין האנד, פערשפרעכט ער צו געבען מעשר צו גאט, צו זיין גאט וועלכען ער געפינט אומעטום, וואו נור ער געהט, אין דער פרעמד ווי אין דערהיים, אין גלות ווי אין דער פרייהייט, אין אונגליק פונקט ווי אין גליק; פיעלע יאהרען ארבייט ער שווער און ביטער פיר א פאמיליען־לעבען, וועלכעס ער עררייכט נאך זיינע מיטעלע יאהרען און איז אימער דאך ריין, אונשולדיג, געזונד, אין פולער יוגענדס־קראפט, פונקט ווי א יונגעס קינד... זי דערצעהלט איהם אויך פון ברידער, וועלכע פערהאכטען גרויסע פאליטישע פראפיטען און מיט דער גרעסטער אויפאפפע־רונג און העלדישקייט שלאגען זיי זיך מיט שטעדט און שבטים פיר א בע־ליידיגטע שוועסטער; — פון א יוסף, וועלכער שפייזט זיינע ברידער, וואס האבען איהם פערקויפט אין קנעכטשאפט; וועלכער ווערט פערשווארצט אין קערקער פיר ניט וועלען בעטריגען זיין ווירטה מיט אונמאראליטעט; וועלכער רעטעט מיט זיין חכמה א גאנצעס לאנד פון הונגער, וועהרענד זיינע אורעניקלעך ווערען פערפאלגט און פערשקלאפט אין דעם זעלבען לאנד. פון איהר, פון דער זעלבער מוטער, דערוויסט ער זיך אויך וועגען דעם גאט פון גערעכטיגקייט און אמת, וועלכער ליידעט קיין פאלשקייט און אונרעכט, קיין שמוץ און אונווירדיגקייט, פאדערט קיין מענשענפלייש אלס אפפער און פערבאטעט בלוט פערגיסונג אין יעדער פארם.

וואס פיר א קאנטראסט צווישען דיזע ערצעהלונגען און אלעס וואס ער זעהט ארום זיך!

---

און משה וואקסט אין קעניגליכען פאלאץ און ער ווייסט שוין אויך ווע־גען זיין אייגענער אבשטאמונג און וועגען די צרות פון זיין שטאם, און עס קומט די צייט ווען משה, פונקט ווי יעדער מענש, דארף זיך בעשליסען און אויסקלייבען א וועג אין לעבען. און עס ערוועקט זיך א קאמפף אין משה'ס הארצען. ער איז אזוי נאהענט צו דער העכסטער שטופע פון מענשליכען גליק און עהרע. ער דארף נור אויסשטרעקען זיין האנד און ער בעקומט די קרוין פון דער מעכטיגסטער נאציאן אין זיין צייט. פון דער אנדערער זייט ליעגען שווארצע קאהלען, וואס גליהען מיט א פערצעהרענדען פייער — זיין פיעל ליידענדעס נאציאן. זיין האנד ציהט זיך צום קרוין, אבער דער גוטער מלאך, וואס זיין קלוגע און גוטע מוטער האט בעשאפען אין זיין הארצען, שטויסט אב זיין האנד צו די ברענענדע קאהלען... (שמ"ר פ' א.)

אזוי. דער אידישער ערלעזער מוז זיין ערצויגען פיר דער קרוין, אבער פעהיג צו פארציהען הייסע קויהלען, אום צו ערלעזען זיין פאלק.

און משה וואקסט אין פרעה'ס הויף און צוזאמען מיט איהם וואקסט זיין גרויסער גייסט. ער געפינט זיך אין צענטער פון דער העכסטער ציוויליזאציאן

פון זיין צייט. ער לערנט פון די גרעסטע חכמים אלע חכמות, וואָס זיינען דאַן בעוואוסט. ער לערנט פון די חרטומים די הערָאגליפען־שריפט און אלע סודות פון נאַטור און רעליגיאָן, וואָס זיינען צו זיין צייט בעוואוסט.

און משה וואַקסט. און עס וואַקסען פיר איהם די גרויסע וועלט פראַגען, די פּראָבּלעמען פון לעבען. און ער בעטראַכט דיזען לעבען מיט זיינע אָפענע אויגען און קריטישען בליק, און ער דערזעהט פיר זיך א ים מיט ווילדקייט און ווידערשפּריכע.

דאָ איז די גרעסטע ציוויליזירטע מאַכט פון דער וועלט, וועלכע שטאָלצירט מיט איהר ציוויליזאַציאָן, רייכטהום און שטאַרקייט און וועלכע איז גענצליך געגרינדעט אויף רויב, מאָרד, שמוץ און שקלאַפערייַ. דאָ זענען די גרעסטע חכמים און געלעהרטע, וועלכע דיענען מיט זייער חכמה און וויסענשאַפט דעם דעספּאָטיזם, דער הערשענדער קאַסטע, צו וועלכער זיי זעלבסט געהערען, אום צו אונטערדריקען דעם שוואַכען, צו האַלטען איהם אין פינסטערנים. דאָס גאַנצע פאָלק איז איינגעטהיילט אין קאַסטעס און קלאַסען, איינע אונטערדריקט, ערנידעריגט און פערשקלאַפט דער צווייטער, איינע לעבט ווי פּאַראַזיטען פון דעם שוויים און בלוט פון דער צווייטער. איין פאָלק האַסט, פערפאָלגט און פערשקלאַפט דעם צווייטען. וואָרום? זיינען זיי דען אַנדערע מענשען בעשאַפען פון אַן אַנדער מאַטעריאַל? זיינען דען ניט אלע מענשען גלייך? האָט זיי דען ניט איין גאָט בעשאַפען?

גאָט! און ווער אָדער וואָס איז דאָס ווירקליך גאָט? וועלכער פון די אלע געטער, וואָס ער האָט געלערנט פון די חרטומים איז דער אמת'ער גאָט?

און משה געהט אַרום ווי נידערגעשלאָגען אונטער דעם יאָך פון זיינע גרויסע און שווערע געדאַנקען. ער פאָרשט דעם זינן פון לעבען, ער זוכט גאָט. זיינע פיס ברענגען איהם צום ניל. פאַר איהם, אויפ'ן ברעג פון דעם וואונדערבאַרען טייך, שטעהט דער רייכער טעמפּעל פון דעם גאָט ס ע ו ע ק, וועלכער איז פאָרגעשטעלט מיט א קאָפּ פון א קראָקאָדיל, דער סימבאָל פון דעם וואַסער־גאָט פון ניל 6). פון שוואַרצען אָבגרונד פון ניל שווימט אַרויס אַן עקעלהאַפטע בעשעפעניש, אַנ'אונגעהייערער קראָקאָדיל. ער שטעקט אַרויס זיין שרעקליכען, גרויסען פּיסק מיט געוואַלדיגע צייהן. זיין פלאַכער קאָפּ און קין (מאָרדע) זענען בעפּוצט מיט גאָלד און דימאַנטען. דאָס איז איינער פון די פיעלע און מעכטיגע געטער פון דעם גרויסען ציוויליזירטען פאָלק — די ווילדע קראַפט, די צושטערענדע מאַכט... אייניגע פּריעסטער זיינען איהם אַרויס אַנטקעגען, זיך געבוקט, גע'תפלה'ט, אָבגעריכט אייניגע צערעמאָניעם און איהם דערלאַנגט זיין געטליכען פריהשטיק, א קרבן פון א מענשליכען קערפּער, אָדער א אונשולדיגעם אידישעם עופ'עלע.

ער קעהרט זיך אָב מיט עקעל פון דיזער מיאוס'ער בעשעפעניש מיט זיינע נאָך מיאוס'ערע פערעהרער. אָבער פאַר זיינע אויגען ערשיינט א גאַנצע זאָנדערבאַרע און אונזיניגע פּאַנאָראַמא פון א אונגעהייערע מענגע געטער, געטינס און געטעלעך, וואָס פילען אָן דאָס גאַנצע לאַנד, בעשעפטיגען

6) די אַלטע עגיפּטער האָבען געגלויבט, דאָס אין דעם אויספלוס פון ניל האָט געלעבט א אונגעהייערער גרויסער קראָקאָדיל, וועלכער האָט פערשאַפט דעם טייך דאָס איבּערשאַפט יעדען יאָהר צו אויפהויבען זיך און בעוועסערען זייערע פעלדער.

אלע מוחות, ניט איבערלאָזענדיג אין זיי אַ שטיקעל פּלאַץ פיר מענשליכען געדאַנק, פּערוויהרען דעם פערשטאַנד און פערדארבען די זיטען פון זייערע דיענער. געטער אין געשטאַלט פון מענשען, געטער אין געשטאַלט פון חיות, בהמות, שקצים, רמשים אָדער אַ געמישעכץ פון האַלב מענש און האַלב חיה. יעדער געגענד, יעדער שטאָט, יעדער דאָרף האָט זיינע בעזונדערע געטער און בעזונדערע הייליגע חיות. הייליגע אָקסען, הייליגע שאָקאַלען, הייליגע קעטץ, הייליגע שלאַנגען, זאָגאַר הייליגע זשאַבעס (פראָש) און אינסעקטען. און יעדער געגענד איז זיך מיחם אַלס אַן אָבשטאַמער פון דיזע חיות, וועלכע ער פערהייליגט. מענשען רעכענען פיר אַ גרויסע עהרע צו האָבען ווילדע טהירע אַלס זייערע אורפּאָטערס. מענשען ערנידעריגען זייער ווירדע און שטעלען זיך נידעריגער פון דער נידעריגסטער בעשעפענים. מענשען נעהמען ווילדע טהיערע, עקעלהאַפטע ברואים, אַלס ביישפּיעל, אַלס מוסטער פאַר זיך; דיע־גען זיי, ברענגען זיי אָפּפערס און טהוען זיי נאָך אין אַלעס. ווען אַ מענש ווערט בעשעדיגט פון אַ הייליגער חיה, ווערט דאָס גערעכענט אַלס עהרע, אַלס זכיה פיר איהם. אָבער ווען אַ מענש בעריהרט אַ הייליגע חיה ווערט ער בעשטראָפט זאָגאַר מיט טויט. די הייליגע חיות טאָר מען ניט עסען און קיינע נוצען פון זיי ציהען. טויזענדער שקלאַפען ארבייטען מיט שוויים אום צו אויסבויען די רייכסטע פּאַלאַצען, וואו דיזע אונזיניגע בעשעפעניסען קריכען, שפּרינגען אָדער פליהען און לעבען אין אונזיניגען לוקסוס. פיר זיי ווערען אויך געבויט די וואונדערבארסטע קברים־טעמפּלען, וואו זיי ווערען געהאַל־טען נאָכ'ן טויט, אין דער צייט וואָס די לעבעדיגע מענשען וואַלגערען זיך אין נאַסע, פינסטערע היילען.

דאָס איז דער צער בעלי חיים פון דער ציוויליזירטער עגיפּטען...

די אַלע געטער זענען דרייאייניגקייטען: אַ פאָטער, אַ מוטער און אַ זון. די געטער פיהרען פאַמיליען־לעבען פונקט ווי מענשען. זיי פערליעבען זיך, ווערן אייפערזיכטיג, דועלירען איבער אַ געטין אָדער אַ פּאָזיציאָן אין דער געטער־געזעלשאַפט. אַ גאָטס־זון לעבט מיט זיין מוטער אָדער שוועס־טער 7), בעשאַפט זיך זעלבסט און פערטרעט זיין פאָטערס פּלאַץ. איבער'ן גאַנצען לאַנד איז אַ נעטץ פון וואונדערבארע טעמפּלען, פּאַלאַצען מיט אונ־געהייערע רייכקייטען און לוקסוס פיר דיזע געטער־פאַמיליעס.

משה נעמט פאָר אַ רייזע איבער'ן לאַנד, אום צו בעקענען זיך פערזענ־ליך מיט אַלע פאָרמען פון געטצענדינערייי. אָט קומט ער אין דער שטאָדט העליפּאָליס, אין דעם וואונדערבארען פּאַלאַץ פון גאָט רע — די זון —, דער אורפּאָטער פון די עגיפּטישע קעניגע, וועלכע רופען זיך: פּ ר ע ה — דער זוהן פון רע. און דעריבער איז אויך דער קעניג אַ גאָט, צו וועלכען מענשען דארפען ברענגען קרבנות און זאָגאַר ער, דער קעניג אַליין, איז מקריב קרבנות צו זיך זעלבסט. און היער איז אַ צווייטער בילד פון דער זון — דער גאָט אָזירים פון דער שטאָדט אבידוס — איינער פון פינף צווילינגס, וועלכער הייראַטעט זיין שוועסטער איזידאַ און פיהרט אַן אייביגע מלחמה מיט זיין ברודער סעט (שטן).

---

7) אין דער עגיפּטישער געשיכטע געפינען זיך פעלע, וואָס די קעניגע האָבען געהייראַטעט זייערע מוטערס, שוועסטער און טעכטער. דאָס איז וואהר־שיינליך געווען אַן אַלגעמיינע ערשיינונג אין דעם עגיפּטישען לעבען. דאָס זעלבע געפינען מיר אויך ביי אַנדערע פעלקער אין פיעל שפּעטערע צייטען.

דאָ איז דער גאָט אַמון (דער בעהאַלטענער, דער גאָט פון סעקרעטען) אין דער שטאָדט נאָ־אַמון, אין דעם געשטאַלט פון אַ באַראַן אָדער אַ מענש־ליכער קערפּער מיט אַ קאָפּ פון אַ באַראַן, וועלכער האַלט אין האַנד אַ צלם (פונקט אַזעלכען, וואָס די קריסטען האָבען), דעם סימבאָל פון אייביגען לע־בען פון די געטער; ביי זיין רעכטער זייט זיצט זיין ווייב מ ו ט און נעבען זיי — זייער זוהן חאָנס. דאָס איז דער אָראַקעל־גאָט, צו וועלכען אַלע מצרים קומען פרעגען זייער צוקונפט.

און דאָרט איז דער גאָט פּטאַה, דער אַרכיטעקט און הער פון מאָסען (וואָס מעסט די גרענעצען פון פעלדער) און דער היכטער פון די נשמות נאָכ'ן מענשענ'ס טויט. נעבען איהם איז דער רייכער טעמפּעל פון זיין שכן, דעם הייליגען אָקס, אַפּיס, וועלכער איז געבוירען פון אַ מעדכען־קוה, וואָס איז שוואַנגער געוואָרען פון אַ שטראַהל פון הימעל־ליכט 8). דער טעמפּעל איז בעפּוצט מיט גאָלד און זילבער. דער שוואַרצער אָקס מיט'ן ווייסען צייכען אויפ'ן שטערען און אַ ווייסע האַלבע לבנה אויפ'ן רעכטען זייט, לעבט אין גרעסטען אָקסישען לוקסוס, רוהט זיך אוים אויף זיידענע קאַרפּעטס, האָט אַ גרויסען הויף מיט אַ גאָרטען אויף שפּאַציערען, אַ בעזונ־דערען קוואַל אויף צו טרינקען און אַ גאַנצען האַרעם מיט שעהנע קיהע אַלס ווייבער. די מצרים ווענדען זיך צו איהם נאָך עצות, פאַר וועלכע זיי ברענ־גען רייכע מתנות. נאָך זיין טויט ווערט ער באַלזאַמירט און בעגראָבען מיט גרויס צערעמאָניע אין דעם רייכען פּאַלאַץ ס ע ר אַ פּ י ם.

און אָט איז פּטאַה'ס ווייב, די הייליגע געטין ס ע פּ ע ס אָדער ב אַ ס ט, וועלכע האָט איהר פּאַלאַץ אין בובאַסטיס, וואוהין אין איהרע פייערטעג קומען זיך צוזאַמען די מצרים פון גאַנצען לאַנד און דיענען זי מיט די גרעסטע וואַקכאַנאַליעס און ערגסטען געשלעכטליכען שמוץ, אָפען און פריי אין מיטען טאָג, אונטער די הייליגע בוימען...

און דאָ שטעהט אויך דער טעמפּעל פון דער גוטער געטין איזיס, די טאָכטער פון אָזירים (די גריכישע ווענערא), די געטין פון פרוכטבאַרקייט, וועמעס פּריסטער זענען בלויז שעהנע פרויען, צו וועלכע עם קומען מענער פון דעם גאַנצען לאַנד מיט זייערע רייכע מתנות צו דיענען דער שעהנער געטין מיט די עקעלהאַפטעסטע שמוץ. דאָס איז דער פּלאַץ, וואוהין על־טערען ברענגען זייערע יונגע, אונשולדיגע טעכטער, מאַנען זייערע פרויען, פרויען, וואָס פערלאָזען זייערע מאַנען, אום צו ערפילען זייערע נדרים צו דיעזער אונפערשעהמטער געטין. דאָס איז אַ נעסט פון שמוץ, פון וואַנען עס ווערען פערשפּרייט די שרעקליכסטע, הייליגע (ווענערישע) קראַנקהייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

משה האָט מיט עקעל זיך אָבגעקעהרט אויך פון דיעזע בילדער און זיין בליק איז געפאַלען אויף אַן אַנדער פונקט פונ'ם עגיפּטישען רעליגיעזען לעבען. דאָס איז די פערגעטערונג פון די נשמות נאָכ'ן טויט. אין דעם גרויסען טהאָל פון צווייטען זייט ניל, ציהען זיך אויף אַ ווייטע שטרעקע לאַנגע רייהען פון גרויסע, רייכע פּאַלאַצען, וועלכע זענען בעוואָהנט בלויז פון אויף עוויג פערבאַלזאַמירטע טרופּען (טויטע קערפּערם) פון געשטאָרבענע עגיפּ־טער. נעבען זיי ליעגען געוועהר און הייליגע שריפטען מיט קמיעות און

8) ווי אַזוי דיעזע מיטהאָלאָגיע איז עהנליך צו דער קריסטליכער טהעאָלאָגיע !...

השבעות אום צו בעקעמפפען די בייזע גייסטער, וועלכע לויערען אויף די נשמות ווען זיי זענען אויף זייער וועג צו זייער גן־עדן, און אויך שפייז אויף צו דערהאלטען דעם קערפער, ביז די נשמה וועט אין דער גאנץ ווייטער צוקונפט זיך אומקעהרען צום קערפער און איהם ווידער בעלעבען. מיט זיי אין קבר ווערען אויך אוועקגעלייגט גאנצע רייכטהימער און פריווילעגיען־צייכענס; ווייל אויך דארט, נאכ'ן טויט, ווערען אנערקענט ניט די מ ע ש י ם פון מענשען, נור זיינע פריווילעגיען, וואס ער האט געהאט ביי זיין לעבען. זא דאס דער רייכער האט אויך נאכ'ן טויט א בעסערען לעבען אלס דער ארימער. דער טויטער ווערט א גאט פון זיין משפחה און זיינע קינדער און פערוואנדטע ברענגען איהם קרבנות (זבחי־מתים) און בעזארגען איהם מיט אלעם וואס ער ברויך צו האבען נאך זיין טויט. און דעריבער האט יעדער מצרי געהאט איין צוועק אין לעבען: צו האבען קינדער און צו זאמלען רייכטהימער, אום צו פערזיכערען זיך מיט אייביגען געטליכען לעבען נאכ'ן טויט. אזוי לעבט א גאנצעס פאלק מיט'ן לעבען פון טויט! די עלטערען שטארבען אום צו ווערען געטער ביי די קינדער; די קינדער לעבען אום צו דיענען די טויטע עלטערען־געטער. דער טויט פון א מצרי קאסט א פערמעגען; זיין פאלאץ־קבר איז א גאנצער איינענטהום, וואס האט גע־פאדערט גאנצע מחנות ארבייטער צו בויען זיי. און אזוי האט די טויטען־געצענדיענסט געפאדערט לעבענדיגע קרבנות, לעבענדיגע שקלאפען.

און משה האט מיט בעהויערונג בעטראכט די לעבענדיג־פערבאלזא־מירטע עגיפטע.

אט דאס זענען די געטער, די העכסטע אידעאלען פון דעם העכסט־ציוויליזירטען פאלק, וועלכער הערשט און פערשפרייט זיין שמוציגען גייסט וויט ארום אויף אנדערע פעלקער. אט דאס איז די ח כ מ ת מ צ ר י ם, וועלכע איז אזוי געריהמט וויט, וויט ארום ביי אנדערע פעלקער, וואס קומען צו איהר זיך לערנען און מאכען נאך איהרע געטער. און דאס איז די ציוויליזאציא און חכמה, דאס איז די ליכט, וועלכע מיליאנען מענשען פון דער ארומיגער וועלט נעהמען צו בעלייכטען זייער פינסטערקייט. מענ־שען בעמערקען די אונגעהייערע געטליכע קראפט, וואס ענטפלעקט זיך אין פערשיעדענע פארמען אין דער גאנצער נאטור־מאשינעריע און אנשטאט איהר פערגעטערען זיי די טויטע, אונזיניגע מאשינע, וואס ווערט בעוועגט דורך דיעזער קראפט. און ווען זאגאר איינער א קלוגער מצרי־קעניג 9) האט איבער פאליטישע אויסזיכטען זיך שוין יע אויפגעהויבען צו אחדות־הבורא, צו דער מדרגה פון איין גאט, צו פעראייניגען אלע עגיפטישע געטער אין איין גאט, האט ער דאך העכער פון דער זון זיך אויפהויבען ניט געקענט, און האט בעשטימט דער זון פאר א גאט.

גאט האט בעשאפען דעם מענשען און די מענשען מאכען זיך געטער. וואס פיר מענשען עס זענען, אזעלכע געטער מאכען זיי זיך. נאך די געטער קענט איהר די מענשען לערנען צו קענען.

וואס קען מען ערווארטען פון א פאלק וואס פערגעטערט די ווילדע

---

9) דער קעניג מענעפיס, אין יאהר 1488 בעפאר קר., וועלכער האט געזוכט צו בעקעהרען עגיפטער צום גלויבען אין איין גאט, האט אויסגע־קליבען די זון אלס דעם איין איינציגען גאט און האט זיך א נאמען געגעבען: חוט־על־אטען, די לויב פון דער זונען־ליכט.

אומגערעכטע מאכט און שמוץ! וואָס קען מען ערוואַרטען פון מענשען, וועלכע שאַפען זיך געטער מענשען־פרעסער, בלוט־דאַרשטיגע קראָקאָדילען, בייזע שלאַנגען, הינט, קעץ, עקעלהאַפטע מייז און פרעש, און געטינס — וואָס באָדען זיך אין שמוץ! וואָס פאַר אַן ענטוויקלונג קען מען ערוואַרטען פון אַ פאָלק, וואָס רעכענט זיך פאַר אַ כבוד צו אָבשטאַמען פון רויב־טהיערע און נעהמען אַ ביישפּיעל פון זיי! וואָס פאַר אַ לעהרע קען שאַפען אַ פאָלק, וועמעס גאַנצע חכמה און וויסענשאַפט איז אַ באַרבאַרישע רעליגיאָן און אַ סעקרעטע לעהרע פון אונזיניגע צויבער־קונסט! וואָס פאַר אַ גוטעס קען שאַפען אַ פאָלק, ביי וועלכען אַלעס ווערט פערוואַנדעלט אין מאכט, אַלעס: נאַטור, געטליכקייט, וויסענשאַפט, בילדונג, שעהנקייט, קונסט — אַלעס ווערט אַ גאָט, אַ מאכט אום צו אונטערדריקען און בערויבען דעם צווייטען!

אַ נייעם גאָט מוז דאָס מענשהייט האָבען, אַ גאָט פון היילינקייט, ריינליכקייט, גערעכטינקייט און רחמנות! אַ גאָט, וואָס איז גלייך פאַר אַלעמען און אַלע זענען גלייך פאַר איהם, אַ גאָט, וואָס ברויכט קיינע אָפּפערים אויסער גוטע טהאַטען, וואָס ליעבט דאָס גוטעס און פעראַכטעט דאָס שלעכטעס; אַ גאָט וואָס איז ניט סענטימענטאַל, אַן׳אומקויפבאַרער שופט־צדק, וואָס איז קיינעם ניט נושא פנים אין געריכט; אַ גאָט וואָס איז שטרענג אין זיין גערעכטיגקייט און איז אַן ארך אפים ורב חסד; אַ גאָט וועלכען קיינער זעהט ניט און איז דאָך נאָהענט צו יעדערען.

אָבער וואו זענען די מענשען, וואָס זאָלען בעגרייפען אַזאַ גאָט? וואו איז דאָס פאָלק וואָס זאָל וועלען דיענען צו אַזאַ אונזעהבאַרען גאָט און טראָגען זיין היילינע פאָהן? גרויסע אידעען פאָדערען גרויסע אָפּפערים. הויכע אידעאַלען ברויכען ערהאַבענע מענשען צו טראָגען דיעזע אידעאַלען. גרויסע תורות ווערען געשאַפען דורך גרויסע ליידען, אָפּפערים, ריינליכקייט און אָבגעשיידקייט. ווער איז דאָס פאָלק און ווער זענען די מענשען וואָס זאָלען זיין פעהיג און פאַסיג פיר אַזאַ ערהאַבענע ראָלע?

און דאַן ערינערט זיך משה די ערצעהלונגען פון זיין מוטער וועגען זיין פאָלק און זייער גאָט, דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, דער גאָט פון משפט און חסד. און ער שטעלט זיך אָב אויף דיעזע געדאַנקען. דיעזעם פאָלק האָט שוין לאַנג, פריהער פון איהם געשאַפען די בעגריעפע וועגען דעם אל אמת. דיעזעם פאָלק האָט שוין לאַנג אין זיך דעם קערנדיל פון זיינע ערהאַבענע אידעען. דיעזעם פאָלק האַלט נאָך יעצט אויף דעם גלויבען אין דעם אמת׳ען גאָט, ליידעט פיר איהם און קען ליידען... וואָס פאַר אַ געוואַלטיגער אונטערשיעד עס איז צווישען די מצרים׳שע בעגריעפע וועגען אָבשטאַמונג און גאָט, און די אידישע! ווי אונגעהייער העכער עס איז דיעזעם קליינעם פערשקלאַפטעם פאָלק איבער זיינע הערשער! איז דאָס דען ניט ווירקליך דאָס פאָלק, וועלכעס איז פעהיג צו אויפנעהמען זיינע הויכע אידעאַלען און טראָגען זיי מיט שטאָלץ, דיענען אַלס מוסטער פיר דער וועלט און זיין דער אוואַנגאַרד פון דער מענשהייט!

און משה פערטראַכט זיך און בליקט אריין טיעף אין דעם טרויעריגען שיקזאַל און וואונדערבאַרער געשיכטע פון זיין פאָלק.

---

אַט לעבט צווישען די רויבערישע און פערדאָרבענע שטאַמען פון כנען אַ קליינער אין צאָהל, אָבער גרויס מיט זיין גייסט, אַ שבט עברים. איינער פון זיי, יוסף, ווערט דורך זיינע אייגענע ברידער פערקויפט פאַר אַ קנעכט

אין עגיפּטען. ער ווערט דאָרט גרויס, דער ערשטער שטאַאַטסמאַן אין לאַנד; ער רעטעט די עגיפּטער פון הונגער־טויט און פעראורזאַכט א גאַנצע רעוואָלוציאָן אין זייער סאָציאַלען לעבען. דאַן ברענגט ער אהין זיין גאַנצען שבט — א הייפעלע מענשען. זייער פּראָפעסיאָן איז אין מצרים פעראַכטעט און ניט ענטוויקעלט. זיי זענען אַלזאָ א געווינשטער עלעמענט אין מצרים. זיי וועלען מיט קיינעם ניט קאָנקורירען, נור אויספילען דעם ליידיגען פּלאַץ אין עגיפּטישען עקאָנאָמישען לעבען. און די עגיפּטער עמפּפאַנגען זיי מיט פריידען. אָבער זיי זענען דאָך פרעמדלינגע — און מען פערשפּאַרט זיי אַלזאָ אין א בעזונדער לאַנד — גהעטאָ. דער קליינער שבט איז אָבער זעהר פרוכטבאַר; ער פערמעהרט זיך אין פערגלייך מיט אנדערע מיט אַן אונגעהייערע שנעלקייט. זיין מאָראַליש־ריינער, געזונדער אַרט לעבען ברענגט דערצו. זיינע צנועה'דיגע פרויען גיבען א קלענערען צאָהל עקרות (קינדערלאָזע), זיינע מענער זיינען שטאַרקער, האַלטען איין זייער יוגענד־לעבענס־קראַפט לענגער, זיי פערשוועדען ניט זייערע קרעפטען, זיינען ניט אָנגעשטעקט מיט די ה י י ל י ג ע קראַנקהייטען און לעבען לענגער; זייערע קינדער שטאַרבען ניט אין אַזאַ גרויסע צאָהל ווי ביי די אַנדערע. עס ווערט זיי ענג אין זייער גהעטאָ. דער איינציגער צווייג פון זייער לעבענס־מיטעל ווערט צו קליין צו שפּייזען זיי אַלעמען. זיי כאַפּען זיך אַרויס פון דער גהעטאָ, פערשפּרייטען זיך איבער'ן לאַנד, אַקלימאַטיזירען זיך, נאַטוראַליזירען אָדער עגיפּטיזירען זיך, ד. ה. זיי ווערען אויסערליך ציוויליזירט אויפ'ן עגיפּטישען שטייגער. דאַן פערנעהמען זיי זיך מיט די פּראָפעסיאָנען פון די עגיפּטער און קאָנקורירען מיט זיי אויף אַלע געביעטען פון לעבען. אָנשטאַט דעם איינציגען הויכען בעאַמטען יוסף, שווימען אַרויף אין דער עגיפּטישער רעגיערונג און געזעלשאַפט א סך יוסף־לעך, וועלכע מיט זייערע פעהיגקייטען און פלייס פערנעהמען די פּלעצער פון די געבאָרענע עגיפּטישע אַדעליגע. זיי ווערען פול אין אַלע אינסטיטוציאָנען פון קעניגרייך.

פיר דעם כלל איז געווים בעסער צו האָבען פעהיגע שטאַאַטסמענער, געשעפטסלייטע און געלעהרטע, מעגען זיי זיין פרעמדע. אָבער די עגיפּטישע אַדעליגע, ווי אויך די אַנדערע קאַסטעס, בעזאָרגען זיך מעהר פיר זייערע אייגענע פּריוואַט אינטערעסען. די עגיפּטישע ציוויליזאַציאָן האָט נאָך ניט געשאַפען קיינע מענשען, א פשיטא שוין גאַנצע קלאַסען, וואָס זאָלען אויפאָפּפערן זייערע אינטערעסען פיר טובת הכלל. אין מצרים זענען ניט געווען קיין אידעאַליסטען, וואָס זאָלען זאָגען: מ י י ת ן ו ה י ה כ ל ע ם ד' נ ב י א י ם, אַלע זאָלען זיין גלייך מיט זיי. און עס ווערט א געשריי: ה ב ה נ ת ח כ מ ה ל ו! לאָמיר זוכען מיטלען געגען איהם. איין יוסף האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון איין מצרי, און די גוטעס וואָס ער האָט געטהאָן דעם לאַנד האָבען פערדעקט זיין פעהלער אַלס פרעמדער. איין איינציגער מצרי, וואָס האָט געליטען דורך א יוסף, האָט גאָר ניט געקענט טהאָן. אָבער פילע יוסף'ס בעריהרען שוין די אינטערעסען פון גאַנצע עגיפּטישע קלאַסען, — און זיי זענען צו מעכטיג און אייגענליעביג, אום דאָס צו פערליידען.

ה ב ה נ ת ח כ מ ה ל ו! די מעכטיגע מצרים שרעקט זיך פאַר דעם שוואַכינקען ישראל. די הערשענדע פעלקער שרעקען זיך אימער פאַר די איינגעוואַנדערטע פרעמדע און זוכען מיטלען אום צו זיין בעשיצט געגען זיי. דיעזע שרעקעניש איז אַן אינסטינקט, א נאַטירליכקייט. אין יערען

מענשען און אין יעדער לעבעדיגער זאַך ליעגט דער אינסטינקט צו שרעקען זיך פאַר אַלעם וואָס איז פרעמד. דיעזער אינסטינקט איז נויטהיג פאַר דאָס זעלבסט־ערהאַלטונג און שטאַמט פון דיעזען געפיהל. דער שרעק פערגרעסערט, איבערטרייבט דאָס שרעקליכקייט פון דעם שרעקענס־אָביעקט. די איינגעשאַפטען פון די פרעמדע ווערען פאַרגעשטעלט פאַנטאַסטיש, זאָנדערבאַר, גרויזאַם און אין אַ מגזם׳דיגער מאָס, ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. זאָגאַר די גוטע מעלות, די פעהיגקייטען און מעגליכקייטען, וואָס דער פרעמדער בעזיצט, ווערען פאַרגעשטעלט אין אַ פיעל איבערטריבענע מאָס און ווערען ערקלערט אַלס געפאַהר. עס מאַכט גאָר ניט אויס אויב דער שרעק איז אַ גערעכטער אָדער ניט. דאָס אונרעכט שטרעבט אויך צו עקזיסטירען און שרעקט זיך דעריבער פאַר גערעכטיגקייט. פונקט אַזוי שרעקט זיך פינסטערניש פאַר ליכטיגקייט, פאַלשקייט פאַר אמת, נאַרישקייט פאַר חכמה, קערפער פאַר גייסט, א. ז. וו.

דאָס אידישע פאָלק, נאָך זיין גייסט און איינגעשאַפטען, איז אימער אַן אונערקלעהרבאַרע רעטעניס, ניט נור פיר אַנדערע, נור מאַנכעס מאָל זאָגאַר פיר זיך זעלבסט. און דעריבער שרעקט ער אימער די פעלקער, צווישען וועלכע ער לעבט אַלס אַ פרעמדער קערפער און די פעלקער איבערטרייבען זיין מאַכט און פעהיגקייטען, אום נאָך מעהר זיך צו שרעקען פיר איהם.

דאָ העלפט ניט קיין בעקאַנונג, קיין צופאַסען זיך, קיין אויפדרעקען זיך, בעפריינדען זיך, זאָגאַר צוזאַמענגיסען זיך. דער איד פערבלייבט דאָך פרעמד פיר די אַנדערע, זאָגאַר אָדער דאַן, ווען ער מאַכט פון זיך אַ גוי. אָט גראַדע דערמיט אַליין וואָס ער וויל בעהאַלטען זיין א י ד, דערמיט וואָס ער וויל זיך צייגען פאַר דאָס וואָס ער איז ניט, דערמיט אַליין פערגרעסערט ער נאָך די רעטעניס, זיין פרעמדקייט און דעם שרעק פון די פעלקער. ווייל דערמיט זעלבסט צייגט ער, דאָס ער איז אַנדערש פון די אַנדערע 10).

און וואָס בעסער און אונשולדיגער דער פרעמדער איז, אַלץ מעהר ליידעט ער; ווייל דער פרעמדער און דער גוטער זענען אימער די שוואַכע. שלעכטע זענען אימער דאָ מעהר אַלס גוטע. די שלעכטע לויערען אויף דעם

---

10) אין יאָהר 1910 האָט אַ דייטשער דעפּוטאַט אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט געזאָגט, דאָס מען דאַרף אַרויסטרייבען אַלע אידען פון דייטשבעהמען. צווישען אַלע אַנטיסעמיטען, וואָס זענען צוגעגאַנגען גראַטולירען דעם רעדנער, איז אויך געווען אַ אידישען אַסימילאַטאָרישער דעפּוטאַט. די דייטשען, דערזעהענדיג איהם, האָבען זיך צולאַכט. און ער איז ביי זיי פערבליעבען נאָך מעהר פרעמד, נאָך מעהר איד. וואָרום קיין דייטש וואָלט אַזוי ניט געהאַנדעלט.

דאָס זעלבע איז געשעהן מיט צוויי אידישע דעפּוטאַטען אין אַמעריקאַנער פּאַרלאַמענט, וועלכע האָבען געפאָדערט ניט צו פערצייכענען אידישע אימיגראַנטען מיט׳ן נאָמען א י ד, וועהרענד אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען פאָדערען פאַר זיך דעם געגענטהייל.

דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָס גראַדע יעצט, ווען דער איד איז אַזוי אַסימילירט און אויסגעמישט מיט׳ן גוי, איז דער יודענהאַס אַזוי שטאַרק און בלבולים אויף אידען אַזוי גלויבזאַם.

גוטען, בעזאָנדערס אויף דעם שוואכען. דעריבער איז דעם אידישען פאָלק אימער שלימער.

און וואָס פעהיגער די פרעמדע זענען, אלץ שעדליכער זענען זיי פאר די פריוואט־אינטערעסען פון דער אָרטיגער בעפעלקערונג, אלץ שטארקער איז זייער קאָנקורענץ צו איינצעלנע בירגער, אלץ א גרעסערע צאָהל בירגער שטעלען זיי אויף געגען זיך, אלץ גרעסער ווערט דער צאָרן און האס געגען זיי, אלץ שטארקער ווערט די אגיטאציע און דער געשריי: הבה נתחכמה לו! אלץ דרינגענדער ווערט די פאָדערונג צו אונטערדריקען זיי, צו בעשרענקען זייער מאכט, צו אויסשליסען זיי פון דער געזעלשאפט, פון בירגערטהום 11), זאָ דאָס זעלבסט די רעגיערונג וואָס דארף זיך זארגען פיר דאָס וואָהלבעפינדונג פון לאנד בכלל, איז ניט אימשטאנד צו בעשיצען זיי. און דאן, ביי געוויסע פאָליטישע אומשטענדען, קומט פאָר דער ביטערער און שענדליכער פאקט, דאָס די רעגיערונג זעלבסט, אום צו צייגען איהר טרייהייט צום פאָלק, אָדער אום צו אָנהאלטען איהר פאָזיציאָן, צו אָבציהען פון זיך דעם פאָלקס אויפמערקזאמקייט אָדער צאָרן מאכט די פרעמדע פיר א „שעיר לעזאזל“ פאר איהרע זינד, ווארפט ארויף אויף זיי די שולד פון איהרע פעהלערן אָדער אונפעהיגקייט, איז זיי מפקיר צום המון אָדער זי נעהמט זיך זעלבסט צו רעפרעסיעס און פערפאָלגונגען געגען די פערהאסטע פרעמדע.

דער גלות פערדארבט דעם כאראקטער פון געוויסע פאָלקס־טהיילען. זיי לערנען זיך אָב די שלעכטע מדות פון דער הערשענדער נאציאָן. און דאָס דיענט אלס א נייער מאָטיוו, אן אויסרייד צו פערפאָלגען דעם גלות־פאָלק.

פרעה זעלבסט, דער קעניג פון מצרים, געהט דער ערשטער ארויס מיט דער אגיטאציאָן: הבה נתחכמה לו, פן ירבה! פרעה זעלבסט האט געוויס קיין מורא פיר די קאָנקורענץ פון א אידען. ער פירכ־טעט ניט, דאָס א איד זאָל ווערען קעניג אין מצרים. פרעה זוכט נור צו אויטאליזירען די אידישע פעהיגקייטען פיר זיינע פלענער און ער שרעקט זיין פאָלק מיט פן ירבה, מיט דאָס אידישע פרוכטבארקייט און ראסען־אייגענשאפטען, אום צו בערעכטיגען און מאכען מעגליך זיינע אונ־גערעכטע טהאטען געגען דעם אידישען פאָלק. פיר פרעה'ן מיט די מצרים, פונקט ווי פיר אלע אנדערע אידישע שונאים און פערפאָלגער, איז דער פן ירבה ניט מעהר אלס א תירוץ, א מאסקע אויף זייערע פערפאָלגונגען און גרוילטהאטען. זיי מאכען זעלבסט אן דעם שרעק פיר'ן אידען, אום צו האָבען אן אויסרייד צו אונטערדריקען, פערשקלאפען און בערויבען איהם, אונטער דער מאסקע פון בעשיצען זיך געגען איהם. דער פועל־יוצא דערפון איז: וישימו עליו שרי מסים. מען לעגט אויף איהם ארויף שווערע טעקסעס, און ווען ער קען ניט בעצאָהלען, צווינגט מען איהם צו ארבייטען פיר די מצרים אלס שקלאף. פרעה פירכטעט ניט פיר די אידען, זאָנדערן פיר די מצרים, וועלכע זענען פיעלייכט ניט צופריעדען מיט זיין שינדען זיי די הויט, און ער ווייזט זיי אן אויף דעם עם בני ישראל,

11) אַט דאָס בעזאָנדערס פערשטעהען ניט אונזערע רעפאָרמערס און בעזאָרגערס, וועלכע זוכען צו מאכען די גוים פריינדליכער צו אונז דורך דאָס צייגען זיי אונזערע גרויסע מעלות און פעהיגקייטען און דורך פערפיינערען אונז נאָך דעם גוי'אישען געשמאק.

און זיינע מצרים שטעלען זיך צופריעדען צוזאַמען מיט איהם צו זויגען די אידען.

אויסער דעם האָט שוין דאַן דאָס עגיפּטישע פאָלק אויפגעהערט צו בּויטהיגען זיך אין די ספּעציעלע פּראָפעסיאָנען פון די אידען. זיי האָבען עס שוין דאַן זעלבּסט ערלערענט און פערנומען. די אידישע פערמיטלונג און געשעפטליכקייט איז זיי דאַן געוואָרען אַן איבּריגע קאָנקורענץ. און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די געגענזעציליכע בעוועגונג געגען דעם אידישען פאָלק, זאָ דאָס די אידישע פעהיגקייטען און זייער גרויסקייט אין אָנפאַנג פון זייער בעזעצען זיך אין לאַנד, איז שפּעטער געוואָרען די אורזאַכע פון דעם האס און פערפאָלגונגען געגען זיי און דער מקור פון אַלע צרות אין דער צוקונפט 12), און אַזוי איז אין מצרים ג ע ש א פ ע ן געוואָרען דער שרעק פיר דעם עם בני ישראל און דער געשריי: הבה נתחכמה לו!

אָבער ארויסלאָזען אין גאַנצען דעם אידישען פאָלק ווילען די עגיפּטער אַבּסאָלוט ניט; עס איז דאָך אַ נוצליכער און פעהיגער עלעמענט. זיי ווילען נור, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל זייערע פּריוואַט אינטערעסען ניט בעריהרען, עס זאָל זיי ניט קאָנקורירען, אָבער ניט עס זאָל גענצליך אויפהערען צו דיענען זייערע אינטערעסען. זיי דאַרפען בּלויז, אַז די הוהן זאָל אַ לעבּענדיגע ניט קריכען אויפ'ן טיש פון די הערען, אָבער זי זאָל דאָך ניט ארויס פון קאָטוך און ניט אויפהערען צו לעגען די גאָלדענע אייעלעך... עסען די אייער און זאָגאר די הוהן זעלבּסט קענען שוין די הערען אַליין 13). און אַזוי איז די ענטהוזיאַסטישע פריינדליכקייט, מיט וועלכער מען האָט זיי בעגע־גענט ביי זייער אָנקומען אין לאַנד, אין גאַנצען פערשוואונדען. זייערע גרויסע פערדיענסטע און נוצען פיר דאָס לאַנד איז פערגעסען געוואָרען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פּראָצעס פון ארויסשטופונג און ארויסשפּארונג פון אַלע צווייגען פון לעבּען. די אידען, אום צו ערנעהרען זיך, זענען גע־וואָרען געצוואונגען צו ווערען פּראָלעטאַריער, פאַריעס פיר הונגער־לוין. אָנפאַנגס — פיר געצאָהלט, אַלס כלומר'שט פרייע ארבּייטער; נאַכהער פיר אַ שטיקעל טרוקען ברויט, און אַם ענדע אַלס שקלאַפען. אָנפאַנגס מיט גוטען, אַלס פּאַטריאָטען 14), און אַם ענדע, ווען פאָלגליך זייער אינטע־ליגענץ איז פערגרעבּט געוואָרען, זייערע רייכע — פעראָרעמט און פער־פרעמדעט געוואָרען, זייערע גייסטיגע קרעפטען — פערטעמפּט געוואָרען, —

12) אַזוי איז דאָס אויך געשעהן אין שפּעטערע צייטען אין אַנדערע לענדער, אין דער אַ מאָל פרייער שפּאַניען, אין פּוילען א. ז. וו.

13) דערמיט ערקלעהרט זיך אויך דער זאָנדערבּארער פאַקט, וואָס די גרעסטע אַנטיסעמיטישע טהוערם זענען אָפט אין זייער פּריוואַט־לעבּען זעהר גוט צו אידען און שטעלען זיי זאָגאר אָן אין זייערע פּריוואַט־געשעפטען. דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָס רעגיערונגען פון לענדער, וואו אַ איד קען ניט פערנעהמען קיין אָפיציעלען פּלאַץ, האַלטען דאָך איינזיגע אידען בשתיקה. איבּער דעם זעלבּען טעם האָבּען אידען אין מיטעלאַלטער געלעבּט בעסער אין די עפּארכיעס פון פּאַבּסטען און בּישאָפען.

14) ויעבידו את ב"י בפרך: בפה רך, מיט גוטע ווערטער. פּרעה האָט אַלס ביישפּיעל כלומר'שט זעלבּסט געאַרבּייט אום צו ערמונטערען פּאַטריאָטיזמוס ביי אידען און נאַכהער האָט מען זיי שוין ניט אַבּגעלאָזט (סוטה נא).

דורך צוואנג, אלס רעגיערונגס־שטייער. און די קינדער פון דעם גרויסען רעטער און הערשער און די קינדער פון יענע, וועלכע האבען פערקויפט זייער ברודער אין קנעכטשאפט, די קינדער פון די אידישע באראנען און גראפען, גבירים, מיוחסים, און די קינדער פון די ארימע און דערשלאגענע זייגען צוזאמען געווארען קנעכט אין מצרים.

---

אנפאנגס, ווען די סמנים פון גלות און פערפאלגונגען האבען זיך נור וואס אנגעפאנגען, זענען די אידען געווען נאך גענוג שטארק, אום צו פער־לאזען דעם גלות, צו עטאבלירען זיך צוריק אין זייער אלטער היים און צו אויסמיידען די שקלאפעריי אין גאנצען. אבער דאן איז זייער ווילען ניט געווען גענוג שטארק דערצו און זיי זענען ניט געווען גענוג פעראייניגט. די אלטע האבען זיך צופריעדען געשטעלט מיט בעערדיגט ווערען אין היילינען לאנד 15). די מעכטיגע יוסף'ס האבען זיך בענוגענט מיט אויספאלגען די צוואות פון די אלטע צו מאכען זייער לאנד פיר א בית־הקברות, פיר אן ארכיוו פון מצבות, אדער א מושב־זקנים. די אידישע מיליאנערען און רעדעל־פיהרער האבען זיך געפיהלט גאנץ גוט אין מצרים און האבען געהאלטען ארץ־ישראל אלס א פאנטאזיע, א כימערע און א בארבאר־לאנד געגען מצרים. די אידישע אינטעליגענץ איז שוין דאן געווען צו פיעל עגיפטיזירט און ערווייטערט פון פאלק, האט געגלויבט אין דער מאכט פון ציוויליזאציאן, אין מצרים־טאלעראנץ, האט זיך פערזיכערט אויף פערשיעדענע עגיפטישע פארטייען, קלאסען און קאסטעס, האט געהאפט צו געווינען די מצרים'שע אויפמערקזאמקייט און גנאדע דורך איהר איבער־געבענהייט און הינטישע אונטערטהעניגקייט, ביז זי איז אין גאנצען פער־זונקען אין זומפ פון אסימילאציאן. דער אלטער דור האט ניט פערשטאנען צו אידישען דער יוגענד, צוצובינדען זי צום יודענטהום און נאציאן. זייענדיג זעלבסט שטרענג צו זיך איז ער געווען מילד צו זיינע קינדער, האט זיי ערלויבט צו בלאנדזען אין די לעבענס־וועגען און די קינדער זענען אויס־געוואקסען מיט גראשען־נשמות און לוסטפולע הערצער, מיט פוסטע אדער, פול מיט פרעמדע פראקאט־אידעאלען, מוחות, מיט א שטארקען עגאאיזם און מאטעריאליסטישער אנשויאונג, וועמעס גאנצעד שטרעבען איז געווען צו קענען פיהרען א לעבען פון דער עגיפטישער צולאזענער יוגענד. און ווען די רעפרעסאליעס האבען זיך אנגעפאנגען, האבען זיי ניט געקענט אדער ניט געהאט פיר וואס צו ביישטעהן דעם נסיון און פיעלע פון זיי זענען דער־טרונקען געווארען אין די „היילינע וואסער“... און אזוי איז דאן געוויזען געווארען די מצרים א וועג צו טרינקען אידישע קינדער אין זייערע

---

15) רבי ברוקא און רבי אלעזר בן פדת האבען איין מאל געשפאצירט פיר דעם טויער פון טבריא, ווען מען האט געבראכט ארונות מיט טויטע פון חוץ־לארץ צו בעגראבען אין ארץ־ישראל. זאגט רבי ברוקא: וואס פיר נוצען ברענגען זיי? ווען זיי האבען געלעבט, האבען זיי דאס לאנד פערלאזט, און נאכ'ן טויט קומען זיי צו איהר. אויף זיי לייען איך דעם פסוק: ונחלתי שמתם לתועבה — בחייכם, ותבואו ותטמאו את ארצי — במיתתכם. לעבעדיגערהייד איז מיין לאנד ביי אייך געווען אן אומווירדיג־קייט, און נאכ'ן טויט זענט איהר געקומען צו פעראומרייניגען זי. (פסוק"ר, ירוש. כלאים, דב"ר צב).

הייליגע וואסער, וועלכעס איז באלד פערוואנדעלט געוואָרען אין א שרעקליכע גזירה אויפ׳ן אידישען פאָלק. די מצרים, נאָך אלץ זייענדיג אָנגעשראָקען מיט דער אידישער רעוואָלוציאָנערער יוגענד, האָבען זיך זעלבסט גענומען פיר דעם מיטעל: צו ווארפען מיט געוואלד די אידישע אינגלעך אין דעם הייליגען ניל. אזוי איז די אויסערליכע וועלט געוואָרען פערשלאָסען פיר דער אידישער יוגענד, וועלכע צוקומען צו איהר האָט געקענט בלויז נאָכ׳ן נאציאָנאלען טויט דורך די הייליגע וואסער. דאן האָט דאָס אידישע פאָלק געמוזט זעלבסט בעהאלטען איהרע יונגע הורות בחדרי חדרים, פער־שליסען פון זיי טיהר און טויער, אום ניט צו דערלאָזען צו זיי א שיין, א שטראהל פון דער גליקליכער ליכטיגער וועלט, אום צו רעטען זיי פון דער געפאהר צו דערטרונקען ווערען אין די הייליגע וואסער פון מצרים׳שען גאָט 16).

אָט אזוי זענען די אידישע גרויסע און רייכע, און א טחייל פון דער אידישער יוגענד און אינטעליגענץ, זעלבסט געוואָרען אן אורזאכע פיר די פערפאָלגונגען פון גאנצען פאָלק. און ווען דאָס פאָלק האָט זיך גענויטהיגט אין רעטונג, זענען זיי געשטאנען פון דערוויטענס, האָבען געזוכט זייער פאָלקס־רעטונג דורך דאָס ערנידערונג פון זייער פאָלקס־עהרע ביי די פערפאָל־גער, ביי די אידישע פיינדע; און ווען די צרה איז צוגעקומען צו זיי זעלבסט, האָבען זיי שוין קיין כח געהאט צו רעטען זיך אויף א מענשליכען אופן; דאן האָבען זיי איבערגעלאָזט זייער פאָלק און זיך געראטעוועט צום שונא דורך נאצ־יאָנאלען זעלבסטמאָרד.

---

דאָס איז דער שיקזאל פון א פאָלק אין א פרעמדען לאנד. דאָס זענען די גיהנם׳שע געזעצע פון גלות. איין יוסף, איין פעהיגער איד, איז גוט, א סך זענען שלעכט. כל זמן די אייגענע בעפעלקערונג איז אונענטוויקעלט איז דער איד ווילקאָמען; ענטוויקעלט זיך די בעפעלקערונג, ווערט דער איד איבריג, שעדליך אלס קאָנקורענט. ווען דער איד איז אינטעליגענט, שטעכט ער די אויגען, איז ער פרעך, ניט נאטירליך, זוכט מען צו דערוויטערען, זיך אָבשיידען פון איהם, בעליידיגען איהם; קוים ווערט ער פאריע, דאן האלט מען איהם מיט אייזערנע צוואנגען. מען דארף נור זיין ארבייט, זיין פראצע, זיין קראפט, די נוצען פון איהם, אָבער ניט זיין גרויסקייט און ענטוויקלונג; קוים קומט ער זיך בענוצען מיט די פרוכט פון זיינע ארבייט, דאן נעהמט מען דאָס אוועק פון איהם. די אידישע זיהן זענען פערפלוכט, די טעכטער — דארף מען מאכען לעבען... אין אָנפאנג עמפפאנגט מען איהם מיט פריידען און נאכהער פאנגען זיך אָן זיינע ליידען. לאנגזאם, ביסלעכוויז, אונבעמערקט פאנגט זיך אָן דער גלות, ביז ער ווערט שרעקליך, אונערטרעגליך. אונגעהייערע אוצרות פון מאָראלישע קרעפטען, וועלטען פון מוטה און ענערגיע מוז פערשפענדעט ווערען אין דעם קאמפף געגען די פערניכטענדע בעדינגונגען פון גלות, אום צו שלעפען א קלעגליכען נאציאָ־

---

16) אזוי האָט פאסירט אין מיטעל־אַלטער, ווען די בעפאָר געבילדעטע און געלעהרטע אידען, ווערענדיג אָבגעשלאָסען אין די געטהאָס, האָבען נאָכ־הער זעלבסט ערוויטערט זייער יוגענד פון דער אייראָפעאישער בילדונג, וועלכע איז געוואָרען פיר זיי אוננוצליך. עהנליכעס דערצו קומט יעצט פאָר פיר אונזערע אויגען אין רוסלאנד.

נאַלען עקזיסטענץ, אום צו אויפהאַלטען אַ פערקריפּעלטען יודענטהום, אַ פערזוהעניש פון אידישען פאָלק, פון אַ אידישען געזעלשאַפט, אום צו דער־האַלטען ביים לעבען אַ קליינע טהייל פון אידישען פאָלקס־קערפּער 17). גאַנצע פאָלקס־גליעדער ווערען אַטראָפירט, אָבגעפוילט, אָבגעריסען און אָב־געפאַלען. די בעסטע קרעפטען, די שטאַרקסטע פעהיגקייטען געהען פער־לאָרען פיר'ן פאָלק אין גלות־זומפּף, אָדער זיי שאַפען פיר די הערשער. וואָס פיר שרעקליכע אָפּפערס עס מוזען געבראַכט ווערען אום צו פעסט־האַלטען זיך און, בעזאָנדערס, די יונגע דורות אַן דעם בוים פון דער פאָלקס־טראַדיציאָן, אין די וועגט פון דעם אידישען הויז, און אום צו געגענשטעהן דעם פרעמדען איינפלוס. וואָס פיר אונגעהייערע רייכטהימער, מאַטעריעלע און מאָראַלע, וועלכע דאָס פאָלק שאַפט, און עס געהט פיר איהם פערלאָרען, ווייל עס ווערט פערשריבען אויף דעם אַקטיוו פון די אַנדערע! ווי שקלאַ־פעריש־פערדאָרבען און נידריג עס ווערען די אַמאָל שטאָלצע נשמות פון גלות פאָלק! ווי גרויעלהאַפט און גרויזאַם עס זענען די שמערצען פון דעם המון, און ווי שרעקליך זענען די זעעלען־ליידען פון זיין אינטעליגענץ און די ענטוי־שונגען פון די יעניגע וואָס האָבען געזוכט צו אַריינמאַכען זיך אין דעם לאַגער פון די גליקליכע, פון די הערשער. ווי אָבשייליך און ניעדריג־פער־דאָרבען עס זענען זייערע געפיהלען און טהאַטען! און זיי זענען דאָך אויך בלויז אַ פּראָדוקט פון גלות.

---

און דאַן ערוועקט זיך ביי משה'ן אַ נייע פראַגע: וואַרום איז דאָס פאָלק פערשקלאַפט געוואָרען? וואַרום האָט זייער גאָט, דער גאָט פון גע־רעכטיגקייט און גנאַדע, איבערגעגעבען דאָס פאָלק אין שקלאַפעריי צו די עגיפּטער?

וואַרום? פאַר וואָס?

בעטראַכטענדיג דיעזע פראַגע אויבערפלעכליך, איז אייגענטליך פאַראַן אַ גאַנץ איינפאַכער ענטפער: וואָלטען די ברידער ניט פערקויפט יוסף'ן פיר אַ קנעכט אין מצרים, דאַן וואָלטען זייערע קינדער ניט געקומען דערצו צו זיין דאָרט קנעכט. דער פעהלער וועלכען מענשען בעגעהען, ווירקט אָפט זעהר לאַנג, זאָגאַר אויף די דורות פון דער ווייטער צוקונפט. נאָך די גוטע מוטער שרה האָט שוין בעזאָרגט שלעכטע בעהאַנדלונג פיר איהרע קינדער אין מצרים דורך איהר שלעכטען בעהאַנדלען איהר מצרים'שער דיענסט, הגר. „מעשה אבות, סימן לבנים“. אויסער אַלעם זענען די מצרים איינפאַך אַ דעספּאָטישעם פאָלק און האָבען זיי פערשקלאַפט.

אָבער דיעזע וואַהרשיינליכע ערקלעהרונג קען משה'ן ניט צופריעדען שטעלען. דאָס איז בלויז איינע פון די זיכטבאַרע אורזאַכען. משה, אָבער, זוכט אין די היסטאָרישע בעגעבענהייטען, ניט נור די אורזאַכע, זאָנדערן אויך דעם רעכטפערטיגען צוועק. ער זוכט אַן ענטפער ניט נור אויפ'ן „וואַרום“, זאָנדערן אויך אויפ'ן „צו וואָס?“. זיין אייגענע לעבענס־גע־שיכטע, די בעגעבענהייטען פון זיין אייגענעם לעבען ערלויבען איהם ניט

---

17) ביי נאָרמאַלע אומשטענדען האָט דאָס אידישע פאָלק יעצט שוין געדאַרפט צעהלען אַם וועניגסטען הונדערט מיליאָן מענשען. מיר האָבען אָבער יעצט ניט מעהר אַלס צוועלף מיליאָן, די איבעריגע האָט דער גלות אויפגעפרעסען.

צו פערענטפערען אַלעם מיט'ן בלינדען צופאַל. זיין שאַרפער שכל און טיעפער בליק לאָזען איהם ניט אָבשטעלען זיך ביי יעדער פראַגע מיט אַ מאַכטלאָזען ענטפער: דאָס איז נאַטירליך, אָדער: דאָס איז איינפאַך אַ צופאַל. פיר דעם איינפאַכען מענשען זענען אַלע ערשיינונגען פון נאַטור און לעבען אַ בלינדער צופאַל. אָבער משה פיהלט די אינערליכע קראַפט, די אונזיכטבאַרע מאַכט, וועלכע וועבט און פלעכט די אַלע אונצעהליגע, אָפט קוים בעמערקבאַרע צופאַלען און אורזאַכען, און בעשאַפט פון זיי גרויסע, נאַטירליכע און היסטאָרישע ערשיינונגען. און משה שטעלט זיך אָב אויף די פראַגען: וואָרום און צו וואָס?

און משה ערינערט זיך דאַן די זאַגע, וואָס זיין מוטער האָט איהם דערצעהלט וועגען אַ וואונדערבאַרע בעגעבענהייט אין די ערשטע געבורטס-טעג פון זיין פאָלק. נעמליך:

איינמאָל אין אַ פערוואָלקענטען פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי גאָט האָט מיט אברהם'ען און זיינע נאָכקומענדע געשלאָסען זיין אייביגען פערבאַנד, צו נעהמען זיי פיר אַ פאָלק, צו זיין זייער גאָט און צו בעערבען זיי די לאַנד כנען, איז אברהם'ן בעפאַלען אַ דרעמעל און אַ פינסטערע שרעק, און דאַן האָט ער דערזעהן, ווי אַ טעסט-אָווען 18), פול מיט רויך און פלאַמען פייער איז דורכגעגאַנגען צווישען די צושניטענע חיות און פויגלעך. און גאָט האָט איהם דאַן געזאָגט: זאָלסט וויסען, אַז דיינע קינדער וועלען פיער הונדערט יאָהר זיין פערשקלאַפט אין אַ פרעמדעס לאַנד און נאָכהער וועלען זיי פון דאָרט אַרויסגעהן מיט גרויס פערמעגען.

און משה בעגרייפט דעם טיעפען זין פון דיעזער זאָנדערבאַרער ער-צעהלונג. אין איהר זעהט ער איינגעהילט די היסטאָרישע ענטוויקלונג און צוקינפטיגע ראָלע פון דאָס נור וואָס ניי-געבאָרענעם פאָלק.

דאָס פאָלק, אין זיין ערשטער יוגענד, אין דער צייט פון זיין ערשטער ענטוויקלונג, איז ווייך און הויה, אַזוי ווי רויהע אייזען, ווען מען גראָבט עס אויס פון די נעדרען פון דער ערד. רויהע אייזען טויג צו קיין ארבייט. אום צו פערהאַרטעווען אייזען, מוז מען עס צוזאַמענמישען מיט קויהלען און שמעלצען אין אַ טעסט, אין אַ שטאַרקע היץ פון טויזענדער גראַדען אין פערלויף פון איינינע וואָכען.

אברהם, דער אורפאָטער פון אידישען פאָלק און דער סימבאָל פון אי-דישען אידעאַל און כאַראַקטער, האָט אַלזאָ געזעהן, דאָס אום זיינע קינדער זאָלען ווערען פעהיג צו טראָגען זיינע אידעאַלען, צו זיין אַ געטליכעס פאָלק, צו ערפילען די תנאים פונ'ם געטליכען פערבאַנד, וועלען מוזען דורכגעליי-טערט ווערען אין דעם כור-הברזל אין מצרים. דאָרט וועלען זיי זיך פאַר-מירען, דאָרט וועלען זיי צוזאַמענשמעלצען און פערהאַרטעוועט ווערען, דאָרט וועלען זיי ווערען דער „עם קשה ערף", דער האַרטער נאַקען מיט'ן אייזערנעם אָדער (גיד הברזל). אין זייער געבורטס-לאַנד, אין כנען, קען דאָס ניט געשעהן, פונקט ווי דאָס אייזען קען ניט האַרט ווערען ליעגענדיג אין די נעדרען פון דער ערד. אין כנען זענען די אומשטענדען צו לייכטע, די בעדינגונגען און לעבענס-פאָרמען צו גלייכע און עהנליכע צו די פון דער איבעריגער בעפעלקערונג און זיי קאָנען אַלזאָ לייכט צוזאַמענגעשמאָלצען ווערען מיט די אַנדערע, פערדאָרבענע פעלקער. זיי מוזען אויף אַ געוויסע

18) אַן אויוועז, וואו מען בעאַרבייטעט מעטאַלען.

צייט שטעהן אין א בעזונדערע, אויסשליסליכע לאגע. און דאָס קען נור זיין אין מצרים, וואו אין אלע הינזיכטען זענען זיי פערשיעדען פון דער אלגעמיינער בעפעלקערונג.

דאָס פאָלק, וואָס וועט דארפען פראָקלאמירען פאר דער גאנצער וועלט די גרויסע אידעאלען פון גלייכהייט, מענשען־ליעבע, גערעכטיגקייט און אמת, וועלען מוזען זעלבסט אויף זייערע אייגענע שולטערען דורכמאכען די צרות פון שקלאפעריי, אונגערעכטיגקייט און אונגלייכהייט, אום זיי זאָלען דאָס אלעס איבערפיהלען און פערשטעהן, אום זיי זאָלען וויסען, ווי אזוי צו שעצען דיעזע הויכע פרינציפען. דיעזעס פאָלק מוז, ווי אייזען אין כור־הברזל, פערהארטעוועט ווערען, אום עס זאָל טויגען צו טראָגען אויף זיך דעם שווע־רען לאסט פון די גרויסע אידעאלען. און דאן איז — ו י ג ד ל  מ ש ה.

משה האָט זיך דערפיהלט גרויס און שטאָלץ, געפינענדיג דעם פאָלק, וועלכען ער האָט געזוכט אלס אן אביעקט פיר זיינע שטרעבונגען. ער האָט זיך דערפיהלט גרויס און שטאָלץ דערמיט וואָס דאָס איז גראדע זיין פאָלק און וואָס ער איז איינער פון די זיהן פון דיעזען פאָלק. און ער איז אוועק זעהן „וואָס עס טהוען זיינע ברידער“.

אין פרעה'ס הויף האָט ער קיינע ברידער געהאט. מיט זיין גרויסקייט אין הויף האָט אויף געוואקסען די קנאה און שנאה צו איהם, אינטריגען און בעשולדיגונגען אין אפיקורסות, שטרעבונג צו פרעה'ס טהראָן א. ז. וו. און ער איז פון דאָרט אוועק צו זיינע אונגליקליכע ברידער. א ו ן  ע ר  ה אָ ט  ד ע ר ז ע ה ן.

ער האָט דערזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען די צייטליכע ציוויליזא־ציאָן פון א גאנץ נייער זייט.

די ציוויליזאציאָן בויט פאר זיך מאָנומענטען, מצבות, געוואלטיגע פיראמידען, דענקסמאלען פיר די צוקינפטיגע דורות, וועלכע זאָלען בעוואונ־דערען די מאכט פון די הערשער. אין זיינע אויגען האָבען זיי אָבער אויס־געזעהן אלס שאנדע־סלופעס, וועלכע ווערען געבויט מיט אונרעכט, מיט מארך און בלוט פון אונשולדיגע מענשען. די צוקינפטיגע דורות וועלען דארפען פעראכטען, פערפלוכען דער ציוויליזאציאָן און די מענשען, וועלכע איבער פוסטען כבוד און נארישען אבערגלויבען אונטערדריקען און בערויבען אזוי פיעל אונשולדיגע מענשען. ניט פון שטיינער, ניט פון ציעגעל, נור פון מענשען־ביינער זענען געבויט דיעזע אונניצליכע געביידעס. מענשען־פלייש איז זייער ליים, מענשען־בלוט איז זייער צעמענט, מענשען־טרעהרען איז דאָס וואסער אין די ליים פון די געביידעס. פון יעדען בנין, פון יעדער וואנט, פון יעדען ציעגעל הערען זיך מענשליכע קרעכצען, הערצענס־רייסענדע יללות, יסורים און פערצווייפלונג.

דאָס איז די מאכט־ציוויליזאציאָן פון אלע צייטען; די ציוויליזאציאָן, וואָס פערהערט בלויז פהיזישע קראפט און פהיזיאָלאָגישע פערגעניגענס.

אן אנדער ציוויליזאציאָן מוז ביי דער מענשהייט געשאפען ווערען, — א ציוויליזאציאָן פון גערעכטיגקייט און אמת, א ציוויליזאציאָן פון גייסט, די מאָנומענטען פון וועלכער זאָלען זיין בלויז ג ו ט ע  מ ע ש י ם.

און ווער זענען עס די בויערס פון דיעזע שרעקליכע פיראמידען? ווער בויט דאָס דיעזע צוועקלאָזע געביידען פיר דער הערשענדער נאציאָן?

אָה, זיינע ברידער, זיין פאָלק!

און ער האָט דערזעהן.

ער האָט דערזעהן, ווי עגיפּטע צווינגט און ברענגט די אידען צו פער־מויערען אין די פונדאַמענטען, אין די ווענט פון די פעסטונגען, אין די מצבות פון זייערע הערשער און בעטריעגער, זייערע אייגענע ברידער און קינדער, זייער אייגען בלוט און פלייש. ער האָט דערזעהן, ווי אַזוי איינער אַ מיכה, אוים מורא פיר דעם מצרים'שען אַנטיסעמיטיסם געשריי אָדער קנוט, לעגט זיך אַריין און לאָזט זיך זעלבסט איינמויערען אין די מצרים'שע געבײַדען. (אַזוי טהוען אימער פערשקלאַפּטע נשמות, גלות־מענשען, מה־יפית'ניקעס, כל ישראל חברים'ניקעס, קעמפּפער אויף פרעמדע שלאַכט־פעלדער א. ז. וו.)

און ער האָט דערזעהן.

ער האָט דערזעהן די שרעקליכע אונאָרדנונג זעלבסט ביי די אידען אינווענינ. ער האָט ביי זיי געפונען אַ גאַנצען מישמאַש, אַ פערקעהרטען סדר, איבערגעקעהרטע וועלטען: „דער לאַסט פון די קליינע ליעגט אויף די גרויסע און דער לאַסט פון די גרויסע — אויף די קליינע; דער לאַסט פון מענער ליעגט אויף פרויען און פון פרויען — אויף מענער; פון יונגע — אויף אַלטע און פון אַלטע — אויף יונגע". (מד. רבה, שמות). אַז דער שפּיצע פון פאָלקס־אינטערעסען און פאָלקס־אינסטיטוציאָנען שטעהען קליי־נינקע מענשעלעך. די מנהיגים, די פּרנסים, די רבנים, די פּרעדיגער, די נביאים, די פּרעזידענטען, די דעה־זאָגער, די רעדעל־פיהרער — דאָס זענען, אָה, אָפט, קלייניגקע און קלייניליכע מענשעלעך, קלייניגקע נשמה'לעך, מיט שוואַכינקע מוחות'לעך, ווי אָפט אָהן תורה, אָהן חכמה, אָהן בילדונג, וואָס מעסטען אַלעם מיט זייער אייגענגנוציגער מאָס, בעטראַכטען אַלעם מיט זייער קורצזיכטיגען בליק, זעהען ניט ווייטער פון זייער שפּיץ נאָז, פון זייער איך און זוכען בלויז זייערע קלייניליכע אינטערעסען און ביליגען פּאָפּולאַ־ריטעט. עס ווערען געבויט שוהלען מיט שוהלכעלעך, טעמפּלען מיט טעמ־פּעלעך, אַנשטאַלטען, חברה'ס, סאָסייעטיס א. ז. וו. און אַלעס פיר וואָס? פיר וועמען? און וואו? כמעט פיר זיי זעלבסט. איינגלעך, קלייניגקע קעפּעלעך מיט נאָך קלענערע הערצעלעך, נעהמען זיך אונטער צו ענטשיידען די יודען־פראַגע און גרויסע וועלט־פּראָבלעמען: אַז אידען זענען קיין נאַ־ציאָן, אַז עס איז ניט ווערטה און ניט רעכט דאָס אידישע פאָלק זאָל ווייטער עקזיסטירען, אַז אידען זאָלען זיך אויפגיעסען מיט דער מענשהייט, ד. ה. מיט די ציגיינער, ניט זעהענדיג, אַז די ציגיינער לוינט דאָס גאָר ניט; אַז אידען דאַרפען בלויז זיך אויסבילדען אויפ'ן מצרים'שען שטייגער, זיין עגיפּטיש ציוויליזירט, אַז מען דאַרף נור ווירקען אויף די פעלקער און די רעגיערונגען, אַז זיי זאָלען אַכטען די אידען און דאַן מאַכען זיי גלייך מיט זיך, געבען גלייכע רעכטע; אַנדערע נעהמען זיך גאָר אונטער אָבצושאַפען פעלקערטהום, צו אויסשמיעדען פון אַלע ראַסען און פון אַלע נאַציאָנען איין גולם־מענשהייט, אָדער צו שטירצען פּרעה'ן מיט זיין גאַנצער רעגיערונג און אפשר טאַקע מיט אַלע רעגיערונגען צוזאַמען — און אויסבויען איבער נאַכט, נאָך זייער מאַסשטאַב, נייע רעגיערונגען, וואו — ווי זיי האָבען בע־שלאָסען — אידען זאָלען זיין אויטאָנאָמיש פערטראָטען; אָדער אפשר טאַקע גאָר אין גאַנצען אָבשאַפען רעגיערונגען, מאַכען הפקר די וועלט... און אַנדערע שטעלען זיך נאָך גרעסערע אויפגאַבען: צו איבערמאַכען די גאַנצע מענשהייט נאָך גאָר אַ נייעם שנית, אויף אַ גאַנץ נייעם שטייגער,

צו איבערגיסען עס אין א נייעם פורעם, מיט נייע דינים, א נייעם ארט לעבען, נייע מאָראַלע פּרינציפּען א. ז. וו.

און אלע בריקען זיי זייער פאָלק; אין אלעם איז שולדיג זייער נאַציאָן — אי אין דעם וואָס ער איז א שוואכע אונטערדריקטע נאַציאָן, אי אין דעם וואָס אנדערע פעלקער פירכטען און פערפאָלגען איהם און ער שטעלט זיך ניט ענטקעגען; אין דעם וואָס ער שליסט זיך ניט איין אין דאָס מצרים'שע פאָלק און אין דעם וואָס נאַציאָנען עקזיסטירען נאָך; אין דעם וואָס ער שאַפט ניט אין מצרים א בעסערע רעגיערונג און אין דעם וואָס עס עקזיסטירען גאָר רעגיערונגען אויף דער וועלט; אין דעם וואָס ער טראָגט ניט צו אלע פעלקער די מיסיאָן פון זיין רעליגיאָן און אין דעם וואָס ער שאַפט ניט אָב רעליגיאָן פון דער וועלט; אין דעם וואָס ער האָט ניט קיין אייגענע פאבריקאציאָן און איינדוסטריע, פון וואנען אידישע ארבייטער זאָלען ניט אויסגעשטויסען ווערען, און אין דעם וואָס ער איז קאַפּיטאליסטיש און שאַפט ניט א נייע סאָציאלע געזעלשאַפט; אין דעם וואָס זיי זענען אלע אין גלות און מען נעהמט זיי ניט אויף אין די דאָקטאָר־און יורי־פּעקטאָריעס און אין דעם וואָס ער וויל זיך אָבטהיילען פון דער מאָדערנער (אזא גערעכטער) ציוויליזאציאָן און ווערען א זעלבסטשטענדיגע נאַציאָן מיט אייגענע אוניווערזיטעטען אין זיין כנען... אלעם איז פאַר זיי מעגליך, קיין זאַך איז פאַר זיי צו שווער, אונמעגליך, קיין זאַך איז ביי זיי א פאַנטאַזיע, א כימערא, א רעגרעס (אפילו בעליידיגען, פערראַטהען זייער אונגליקליכעם פאָלק, אפילו אריבערגעהן אין דעם שונא'ס לאַגער, דיענען זיינע געטער געגען זייער אייגענער איבערצייגונג), אויסער בלויז איין זאך: דאָס ערלעזונג און זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ פון זייער אייגענעם פאָלק.

אָט אזוי שפּיעלען זיך עס קליינע נפשות'לעך מיט גרויסע זאַכען!

איינגלעך, קליינע ברואים'לעך, רייסען זיך פאָראויס, אין אויבען אָן, פּאַרטייען זיך, קלייזלען זיך, קיצלען זיך אלץ גרויסע מענשען, פיהרערס, מנהיגים, פּראָגרעס־מאַכערס, וועלט־בויערס, רעכטס־שאַפּערס (ניט בעגרייפענדיג, ווי אזוי זיי זעלבסט בעגעהען אונרעכטען און שאַפען געוואלד), גיבען זיך אָב מיט פרעמדע וועלטען, קאַמאַנדעווען איבער די אלטע, די ערנסטע און געזאָגענע, ווילען מיט געוואלט אויף זיי ארויפדרינגען זייערע נייע תורות, צווינגען זיי צו טהאָן זייערע מצוות, צו בוקען זיך צו זייערע נייע געטער, צו גלויבען אין זייער פאַנאַטיזם... ווערהענד די אלטע דארפען ווערען תלמידים, זיי בעדיענען, ארבייטען פיר די פאַמיליעס, בעזאָרגען די קינדער, די שוואכע, די קראַנקע א. ז. וו.

און די גרויסע, די אמת גרויסע אידען, די גרויסע אידישע קעפּ און אידישע הערצער, די אידישע גאונים און געלעהרטע, טאַלענטע און קינסטלער, רעגיערונגס־פּיהרער, שטאַאַטס־מענער און די גרויסע אידען־פינאַנסיסטען, דיעזע אלע זענען פער'גלות'ט, קליינליך, פאַלווישקען זיך אין קליינינקע גלות־לוזשקעלעך, גיעבען זיך אָב מיט קליינינקייטען, זענען אָדער פּאַראַליזירט אין דעם גהעטאָ־הקדש אָדער אטראָפירט פון אידישען קערפּער, פערפרעמדעט, פערקויפען זייערע נשמות, זייערע ספּעציעל אידישע פעהיגקייטען און זייער פיעלזייטיגע טהעטיגקייט צו פרעמדע... איין טהייל גיט זיך אָב מיט שאלות פון „א פינגער אין קאַלטע וואסער“, וועלכען נאָגעל צו שניידען פריהער, אויב מען מעג בויען דאָס אידישע לאַנד און דאָס

אידישע פאָלק, אויב מען מעג, אָהן אַ הכשר פון זהר, פאָהרען אין ארץ־ישראל, אויב עס איז מעהר מצוה אַ שעהנער אתרג וואָס וואַקסט ביי אַ הוליגאַן אויף דעם קבר פון אַ גע׳הרג׳עטען אידען, אָבוואָהל דערמיט מאַכט מען שטאַרקער דעם אידישען בלוט־פערגיסער און מען איז מחלל השם, אָדער — ניט קיין „הדר", וועלכער וואַקסט אָבער אין אידישען לאַנד אויף אַ אידען׳ס בוים... אויב יענער גאון איז גענוג כשר, ווייל ער איז אַ חובב ציון ; זיי זענען פערנומען מיט הכשרים אויף יאַמייקער פעפער, הוליגאַנאָווס טהע און גראַמילאָווס בראַנפען ; מיט צוזאַמענפאָהרען, וועגען הערשען איבער׳ן פאָלק מיט פרעה׳ס הילף און מיט דעפּוטאַציעס צום ש ר־ה ט ב ח י ם... פערגעסענדיג דערביי, אַז אין גושן וועט אַלעם איינס פון אַלעם ווערען אַ ציגעלניע אויף צו קנעטען פרעה׳ס ליים און צו מאַכען פרעה׳ס ציעגעל...

און די אַנדערע זענען בעשעפטיגט מיט פּראַגען וועגען אַ שיקסעס־כאָר און מוזיק אין טעמפּעל, וועגען גוי׳אישע תפלות אין אידישען סדור, וועגען פרייע סינאַגאָגען־קלייסטערס, וואו פוטיפר זאָל קומען זעהן און בעגייסטערט ווערען פון דעם גלאַנץ פון זייער אידישקייט. דיעזע בויען הקדש׳ען, מוסר־שטיבלעך, עברי־תלמוד־תורות, אָרעמע־בחורים־ישיבות (וואו אָרימע בחורים זאָלען האָבען טעג צו עסען...), חסידים שטיבלעך, צעך־שוהלען און לאַנדסלייט פערבאַנדען, מנינים, קלייזלעך פיר גבאות און כבודים און פיר נאָך אַ גרעסערע צוברעקלונג און צוטהיילונג פון דאָס צווייטע און צוריסענע פאָלק, זיי גרינדען קברים־חברות, מגידי־תהלים אגודות, מאַכען עסקים מיט ארץ ישראל־חלוקה, פּראַווען שלש סעודות, מלוה מלכה, זינגענדיג דערביי: „וואָס וועט זיין אַז משיח וועט קומען?" און די אַנדערע בויען ראַבינער אינסטיטוטען, אום צו שאַפען פּריסטער־פּרעדיגער פיר אזירים און איזים (לעז יעזוס), זונטאַג־שולען, וואו צו לערנען די קינדער, אַז אידען זענען קיין נאַציאָן און העברעאיש איז קיין שפּראַך און ציון איז, אויסער אין אָרטהאָדאָקסישען סדור, אויף דער וועלט ניטאָ ; יתומים־אַנשטאַלטען, צו פאַבריצירען מאַטעריאַל פיר געמישטע הייראַטהען, בילדונגס־אַנשטאַלטען, בילדונגס־חברות, וועלכע דיענען אַלס פאַבריקען פאַר דער הערשענדער מאַכט: צו עגיפּטיזירען אידישע קינדער אין גושן, עמלק׳יזירען אין כנען און רוימיזירען אין ישמעאללאַנד, צו אַרויסרייסען אַ אידישען אינגעל פון יודענטהום און מאַכען איהם פיר אַ תכשיט, אַ זינגער, אַ מאַהלער, אַ סקולפּטאָר און בכלל אַ ציערונג, אַן אויסשטעלונגס־צאַצקע פיר דער וועלט...

און דיעזע ביידע עקסטרעמען קומען זיך צוזאַמען אין איין פונקט, ביידע האָבען זיי אַ צד־השוה, זיי געהען האַנד אין האַנד און בעקעמפּפען די נייע דורות, דעם נייעם אידען מיט זיינע נייע שטרעבונגען פון בעפרייען דאָס אידישע פאָלק און שאַפען אַ פרייען פּלאַץ מיט אַ געזונדען באָדען פיר דעם וואַהרען יודענטהום. זיי ביידע, וואָס אָנבעלאַנגט דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און צוקונפט, גיבען זיך אָב מיט לאַטען דעם גלות, פערשטופּעווען גוואַלד־ריטען, צירעווען לעבער און פערלענגערען די גסיסה פון יציאת־נשמה... ניין, ענטשולדיגט! דאָס טהוען בלויז די ערשטע, די צווייטע זענען בעשעפטיגט אין גראָבען אַ שאַנד־קבר פיר דאָס אידישע פאָלק, וועלכען זיי זוכען צו טויטען דורך שרפת־נשמה... דאָס איינציגע וואָס זיי טהוען, איז צו פערקלענערען אַ מאָל אַביסעל די יסורים פון דעם קראַנקען, צוצולעגען אַ פּלאַסטער צו זיינע שרעקליכע וואונדען, צו איבערקעהרען איהם פון איין זייט אויף דעם צווייטען, צו איבערלעגען איהם פון איין בעט אין

דער צווייטער, פון גושן אין כוש, פון כוש אין פתרס, פון פתרס אין כסלוח א. ז. וו.. גאנצע אָרגאניזאציעס, חברות מיט ריעזען - קאפיטאלען, מיט עמיגראציאָנס־אָפיסעס, מיט רעמזאוועל אָפיסעס האלטען זי אוים בלויז אויף צו פערברייטערען דעם גלות, צו צושפרייטען די גליעדער פון דעם קראנקען פאָלקס־קערפּער אין פלעצער וואו זיי קענען נאָך ברענגען נוצען דער דאָרטיגער בעפעלקערונג... וואו מען דארף נאָך בויען א פיתם און רעמסס... שווערע מיליאָנען פערשווענדען זיי אויף פרעה׳ס רייט־וועגען, אויף פערד־רייסעס, אויף נדבות פיר קלויסטערס, פיר אנטי־אידישע אנ־שטאלטען, וועלכע ברויכען זייערע נדבות ווי א זעקסטען פינגער אין האנד; זיי לאָזען איבער מיליאָנען ירושות פיר עגיפּטישע צדקות, פון וועלכע א איד איז אויסגעשלאָסען, וועהרענד פיר זייערע אָרימע נאציאָנס־שטיעף־ברידער וואַרפען זיי אונטער אביסעל שירים, ווען זיי ווערען צושלאָגען און צורויבט פון די עגיפּטישע עדעלע בנים; און קיצלען זיך נאָך, דאָס זיי טהוען דאָס א טובה זייער פאָלק, מאכען איהם עהרע. זיי שאפען גאנצע אוצרות פיר פרעה׳ן, בויען פיר איהם אוים גאנצע שטעדט און לענדער, פיהרען מאנכעס מאָל זיין גאנצע מלוכה, און פיר זייער פאָלק קומען זיי אָב בלויז דערמיט, וואָס אין דער צייט פון א צרה אָדער א גזרה פערוואַרפען זיי א מאָל א גוט וואָרט ביים מצרים׳שען פאָלים־מייסטער אָדער מיניסטער, אָדער זענען זיך משתדל פיר א פריוואַט־אידען. דאָס זענען די גרויסע אויפטהועכצען, וואָס די גרויסע טהוען פיר זייער פאָלק. גרויסע בעשעפטיגען זיך מיט קליינינ־קייטען. גרויסע שפּיעלען אין כאפען־כאפינאס, אין פערדלעך און צייכענס... און דער שווערער יאָך פון די גרויסע, אונגעהייערע נאציאָנאלע ארבייטען פון אידישען, נאציאָנאליזירען, פערא‍יינינגען, אָרגאניזירען און קאָנצענטרירען דעם אידישען פאָלק, פון בויען און אויפהאלטען די אידישע נאציאָנאלע אינסטיטוציאָנען ליעגט אין גאנצען אויף די שוואכע שולטערען פון די קליינע און אָרעמע. די קליינע און אָרימע שאפען א אידישען פינאנס־אָרגאן, א אידישען נאציאָנאל־פאָנד, א בצלאל־שולע; די אָרעמע און אונבעדייטענדע רייסען אָב פון זייערע נויטהיגסטע, גיבען פון זייערע גראָשען־פערדיענסטען מעשר, פראָצענטען אום צו בויען דאָס אידישע לאַנד און א אידישע צוקונפט.

אָה, ווי גרוים איהר זיינט, איהר קליינע און אָרימע, און ווי קליין עס זענען אייערע גרויסע!

און פרויען פערבייטען די ראָלען מיט מענער, פרויען הערשען אויף די מענער, פיהרען די פרנסות, פערנעהמען זייערע שטעלען אין לעבען, אין שוהלע און אין גאס; פרויען זאָגען דעות, פסק׳ענען שאלות וועגען רב און חזן, לעהרער און פרעדיגער, כשר און טרפה, וועגען זיצען אין שוהל צוזאמען מיט די מענער, וועגען בעטען וואָס אין א היטעל אָדער מיט א היילען קאָפּ; פרויען פערזינגלען דעם שיקזאל פון פאָלק, פון רעליגיאָן, פון מאָראל, פון ריינע אָדער געמישטע הייראטהען; פרויען מאכען טשארטי (וואָהלטהאט בלע״ז); טאָג און נאכט לויפען זיי ארום, מאכען בעלער, אונטערנעהמונגען, באזארען, שפּיעלען אין קאָרטען, פערקויפען קוסען און אלעס לשם מצוה, לשם צדקה... פרויען זענען אויך פּאָ־ליטיקאנטקעס, בעגייסטערען די מצרים׳שע בונטאָוושטשיקעס געגען פרעה׳ן, טראָגען באָמבעס, געהען אין קאטאָרגא, אויפ׳ן עשאפאָט א. ד. גל. און די היים איז פערוויסטעט, די קינדער—הפקר, דאָס פאמיליען־לעבען—פער׳מצרים׳ט. אָנשטאָט גוטע, הייליגע מלאכים, הערשט אין הויז דער שטן, לילית און

אַלע העלישע טייפלען... און די מענער זענען פערגרעבט, עמי־הארצים, אונ־וויסענדע, און טראָגען דעם שווערען יאָך פון די פרויען...

אָה, גלות! ווי שרעקליך דו ביזט, ווי עקעלהאַפט, ווי ערנידערענד, ווי פערניכטענד! ווי שרעקליך דו האָסט איסקאַליעטשעט דעם אידישען קערפער, ווי מיאוס דו האָסט פערקריפּעלט זיין גרויסע נשמה! ווי ניעדריג, ווי נעזונקען עס זענען יענע, וואָס שטעלען זיך צופרידען מיט דיר, וואָס שטיצען דיר און קעמפּפען געגען דיין פערניכטונג! דו, ווי דער שטן, האָסט אָבגעקויפט זייערע נשמות, זיי פערשקלאַפט און פערשמוצט.

אָה, געבענשט זאָלען זיין די בעקעמפּפער פון דעם גלות, די פערניכטער דער שקלאַפעריי און די קעמפּפער פיר דער אידישער בעפרייאונג!

---

משה געהט צו זיינע ברידער, זעהט זייערע צרות, און זיין הארץ בלו־טעט פון שמערץ און רחמנות. ער געהט אריין אין זייער לעבען, ער זוכט זיי צו טרייסטען און צו העלפען, צו פערגרינגערען זייערע שווערע ארבייט און שרעקליכע ליידען. ער העלפט מיט וואָס ער קען: ווענען מיט א גוט וואָרט און ווענען מיט מאַטעריעלעס, ווענען מיט אַן עצה און ווענען מיט זיין איינפלוס ביי די הערשער. ער בעלעהרט זיי, קלעהרט זיי אויף און בעלעבט זיי מיט גוטע האָפנונגען, וועקט אין זיי גוטע געפיהלען, זעלבסט־טהעטיגקייט און שטרעבונגען זיך צו בעפרייען. ער זוכט צו שאַפען ביי זיי אָרדנונג, אָרגאַניזאַציאָן, גוטע אינסטיטוציאָנען. ער גיט זיך אָב מיט גע־נעגוואָרטס־ארבייט, צו פערגרינגערען דעם יאָך פון גלות, צו שאַפען פיר זיי עטוואָס מעהר פרייהייט, אום זיי זאָלען האָבען מעהר מעגליכקייט צו אינטערעסירען זיך מיט זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען און זיך אָבגעבען מיט זייער נאַציאָנאַלער צוקונפט, מיט זייער זעלבסט־בעפרייאונג. און ער פיהרט אוים ביי פּרעה'ן צו געבען זיי א רוהע־טאָג אין וואָך — ער פיהרט איין ביי זיי שבת. (נדר. רבה, שמ. א.)

---

און איינמאָהל קומענדיג צו זיי האָט משה דערזעהען פּלוצלונג א ווילדע און גרויזאַמע ערשיינונג.

אין מיטען העלען טאָג. די עגיפּטישע זון מיט איהרע גלייך־פאַלענדע שטראַהלען ברענט ווי מיט פייער. טויזענדע מענשען געשמידט צו טאַצקעס, געבויגען אין דרייען, בעדעקט מיט שוויים און בלוט פון די קנוטען, מיט וועלכע זיי ווערען אזוי ווי פיה געשלאָגען, גראָבען, שלעפּען, קנעטען לייהם אין מויערען. א פרוי קנעט צוזאמען מיט איהר מאַן לעהם, פאַלט און איז מפּיל; און איהר בלוט און דאָס קינד ווערען אויסגעמישט, איינגעקנאָ־טען אין די לעהם. איין אַלטער מאַן פאַלט פון שוואַכקייט און הויכט אויס זיין לעצטען אָטהעם אונטער דער שווערער משא און קיינער קוקט זיך ניט אום. ניט ווייט שטעהט א שטאַרקער, זאַטער עגיפּטער מיט א קנוט אין האַנד און שלאָגט אַנ'אויפזעהער א אידען, ביי וועלכען ער האָט לעצטע נאַכט געראויבט זיין פרוי, קינד און פערמעגען. דער איד שטעהט אונטערטהעניג, בויגט זיך און קאָרטשעט זיך פון וועהטאָג און קוסט דעם רוט פון זיין פיי־ניגער און די אַלע איבריגע קוקען דאָס צו גלייכגילטיג און שווייגען, ווי טראַכטענדיג: א דאַנק גאָט, אבי ניט מיך...

און עס ערוועקט זיך אין משה'ן א געפיהל פון עקעל צו דיזע אויסגעשמי־סענע נשמות. אָבער צוזאַמען מיט דעם פייניגט איהם אויך דער געפיהל פון

רחמנות צו זיינע אונגליקליכע ברידער און דער שטארקסטער פראטעסט גע־גען די אונגערעכטע הערשער.

„ווארום שווייגען זיי דיזע שקלאפען ! — שרייט ער אין הארצען. — ווארום ציטערען זיי זא פיר זייער הינטישען, שקלאפענשען לעבען ! וואס האבען זיי דא נאך צו פערלירען אויסער זייערע שמיטץ מיט דעם פערשימעל־טען ברויט און פערעפוש'טען קרויט ?"

„אבער דיזע מערדער ! וואס האבען זיי געהאט צו דיזע מענשען ! ווארום האבען זיי אויסגעראטעט אין זיי זייערע מענשליכע נשמות און זיי פערוואנדעלט אין אונפיהלענדע טהיערע ! אה, איך מוז צייגען מיינע ברי־דער, ווי אזוי מען דארף האנדלען אין אזעלכע אומשטענדען, ווי אזוי מען דארף בעשיצען די אייגענע עהרע און זעלבסטווירדע ! איך מוז זיי בעשי־צען, בעלעהרען, געבען א ביישפיעל פון זעלבסטווירדע, א לעקציאן פון זעלבסטשוץ, פון ווידערשטאנד. טעראר ! — דאס מוז יעצט זיין דער מיטעל צו אבשרעקען די בלוט־דארשטיגע מצרים'שע בעאמטע.

און משה קוקט זיך ארום אין אלע זייטען און בעטראכט זיין פלאן. פי־לייכט זענען דא מצרים. פיליכט וועלען דיזע מענשען זעלבסט איהם ארויס־געבען צו פרעה'ן. אבער ער זעהט, ארום איז קיין מענש דא, אויסער זיינע אייגענע ברידער, וועלכע ער קומט יעצט צו בעשיצען, רעטען און העלפען. זיי דארף ער אנפערטרויען זיין לעבען ; זיי דארפען זעהן און וויסען, דאס ער טרויט זיי. — ער זעהט קיין מענשען ארום זיך, אויסער שקלאפען, וועל־כע, נאטירליך, דארפען שעצען און פירכטען די קראפט, וועלכע איז שטאר־קער פון זייערע פיינינער. אבער דאס זענען בלויז אויבערפלעכליכע, פערביי־פליהענדע געדאנקען. אין טהאט אבער, טוט ער אימפולסיוו, נאך זיין אי־נערליכען געוויסען, וועלכער צווינגט איהם צו עקטען אין דיזען מאמענט, ניט אכטענדיג די פאלגע פון זיין טהאט פיר איהם.

„און משה הרג'ט דעם מצרי און פערשארט איהם אין זאמד". — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אויפ'ן צווייטען טאג קומט משה ווידער צו זיינע ברידער מיט דער גליקליכער האפנונג, צו געפונען ביי זיי דעם אבקלאנג פון זיין נעכטיגען טהאט, צו זעהן ווי יעצט וועלען זיי איהם אנערקענען אלס א ברודער, אלס איינעם פון זייערע און וועלען איהם שענקען זייער צוטרוי, דאן וועט ער קע־נען זיי רעטען, בעפרייען, בעלעהרען, אויפקלעהרען און בילדען פון זיי דעם אידעאלען פאלק, וואס זאל זיין פעהיג צו טראגען זיינע אידעען.

אבער א נייע, אומגעלומפערט־עקעלהאפטע ערשיינונג האט איהם ווי א דונערשלאג געטראפען און צו נישט געמאכט אלע זיינע פלענער. וויל ער האט דערזעהן נעמליך :

דער איד, וועלכען ער האט געסטערן גערעטעט פון דעם מצרי, דער איד וועלכער איז ערשט געסטערן בערויבט און געשלאגען געווארען פון דעם מצרי, שלאגט יעצט זיין אייגענעם ברודער, א אידען. דער שקלאף־אויפזעהער בעגעהט זיך מיט זיינע אייגענע אונגליקליכע ברידער, פונקט ווי די הערשער מיט איהם. דער צווייטער — ניט בעסער פון ערשטען — שווייגט איהם ניט, ווי ער איז געוואהנט צו טאהן, ווען א מצרי שלאגט איהם, און ער קריגט זיך מיט דעם אידען־אויפזעהער. אבער די איבריגע קוקען עס צו מיט א צופרידענעם שווייגען, ווי אנ'אומזיסטע טהעאטער־שפיעל....

און משה פרעגט איהם מיט ערשטוינונג: „צו וואָס שלאָגסטו דיין איינגענעם ברודער? וועלכע נוטצען בעקומסטו דאַפון? שאדעט ער דען דיינע פיראַמידען, דיינע פעסטונגען, דיינע פתום און רעמסס?“

משה בעגעהט זיך מיט איהם ניט ווי מיט דעם מצרי. ער הרג׳ט איהם ניט מיט זיין שווערד, ער בעפעהלט איהם ניט. ער וויל ניט זיין ביי זיי א הערשער מיט מאַכט. ער וויל זיי זיין א ברודער, א וועג ווייזער. ער איז טאַלעראַנט צו דעם אידענס פערגרעבטקייט און פערדאַרבענהייט, ווייל ער פערשטעהט די אורזאַכען דאַפון, ער ווייס, אז דאָס איז מעהר די שולד פון גלות און פון די מצרים, וועלכע האָבען איהם אריינגעוואָרפען אין אזא זומפּף. ער פרעגט אלזאָ, ער רעדט צו זייער הארץ, ער וועקט אין זיי די מענשליכע געפיהלען, ער וועקט זייער בעוואוסטזיין, ער מוסר׳ט און ציינט וואָס גוט און וואָס שלעכט איז.

אָבער דער אינלאַגערדיגער הערשער־שקלאַף דערקענט שוין יעצט אין משה׳ן א ברודער, א אידען, אַנ׳אייגענעם מענשען, מיט וועלכען מען דאַרף זיך ניט צערעמאָניען. און ער גיט אוים משה׳ן אלס בונטאָוושציק צו די מעכטע.

אין דיזען מאָמענט האָט משה דערזעהען דעם שרעקליכען חורבן, דעם חורבן פון דער פאָלקס־נשמה, דעם חורבן פון זיינע אידישע אידעאַלען און ערהאבענע פלענער, דעם חורבן פון די גרויסע, נייע וועלטען, וועלכע ער האָט זיך פאַרבעררייטעט צו בויען, דעם חורבן פון דער מענשהייט.

יעצט האָט משה בעגריפען די אינערליכע אורזאַכען, ווארום דאָס פאָלק ליעגט אזוי לאנג אין גלות און קען זיך ניט בעפרייען. דאָס זיינען די דתן׳ם און אבירם׳ס, די אידישע רשעים, וועלכע דיענען אזוי היגטיש־טריי די מצרים און שלאָגען זייערע אייגענע ברידער, שלאָגען און שענדען אלעם וואָס איז אידיש, מסר׳ן זייער פאָלק. דאָס זענען די אָנגעשטעלטע פון די הערשער, די פאָרשטעהער פון פרעמדער ציוויליזאציאָן, וועלכע בע־קעמפּפען יעדען פאָלקס־אידעאל, יעדע גערעכטע שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער בעפרייאונג, זעלבסט בעשטימונג און זעלבסטשטענדיגקייט. זיי פירכטען פיר דער אויסערליכער מיינונג; זיי ציטערען, טאָמער וועלען די מצרים זיי חושד זיין אין וועניג טריההייט, פּאַטריאָטיזם און שקלאַפישע איבערגע־בענהייט. און מיט א נידערטרעכטיגע פרעכהייט און בעריהמעריי פערמסור׳ן זיי זייער פאָלק, פראָקלאַמירענדיג אין דער עגיפּטישער שפּראַך דוקא: מיר וועלען זיך ניט אָבטהיילען פון דער גרויסער וועלט־ציוויליזאציאָן, מיר וועלען זיך ניט פערזוקען אין א ווינקעל פון דער אונציוויליזירטער אזיע (וועהרענד אין ווירקליכקייט, קען דאָס אידישע פאָלק זיין דער אוואַנגאַרד, א ליכט פיר פעלקער, נור זייענדיג זעלבסטשטענדיג אין זיין אייגען לאנד), ווי זאָגענדיג: זעהט, וואָס פיר וואוילע יונגען מיר זענען, גאָר ניט ענהליך צו יענע שמוציגע אידעלעך, גאָר אָן פּאַראָווטהיילע... דאָס זענען יענע פאַראזיטען, וועלכע מאַכען אימער דאָס אידישע פאָלק פיר א פּעדדיל, אום אויף זיין שמערצפולען רוקען צו ארויסרייטען פיר די הערשער, צו פראָפּי־טירען מאַטעריעל אָדער אין כבוד. סיי מיט זייער ענטלויפען, בעליידיגען און פערלוימדען דעם אידישען פאָלק און סיי מיט זייערע טובות צו איהם, האָבען זיי נור איין זאַך אין זינען: צו צייגען דער אויסערליכער וועלט, די הערשער, ווער זיי זענען און וואָס זיי טהוען אויף פיר דער ציוויליזאציאָן. דעריבער זענען זייערע וואָהלטהאַטען צווישען אידען אזוי אומגעלומפּערט,

מאנכעם מאָהל נוטצלאָז, שעדליך פיר דער אידישער נאציאָן. ווייל זיי זענען ניט אידיש, ניט מיט דעם צוועק צו העלפען דעם אידישען פאָלק, נור צו ציוויליזירען, מענשעזירען, עגיפּטיזירען, ד. ה. העלפען די הערשער צו מאכען די אידען נוטצליך פיר זיי און בעקומען דאפיר א גלעט איבער'ן בעקעל, א דאנק, אנ'אָרדען אָדער א טשין... דאָס זענען אויך יענע פער־פיהרטע עלעמענטען, וועלכע זענען פערבלענדעט מיט דעם איהרען־שיין פון וועלט־אידעאַלען, וועלכע זענען פער'כשוף'ט דורך זייערע גוט־בעצאָהלטע פ א ל ש ע נ ב י א י ם, וואָס האָבען ביי זיי פערקריפּעלט דאָס פעהיג־קייט צו אונטערשיידען צווישען ליכטיגקייט און פינסטערניס, צווישען אמת און ליעגען; וואָס האָבען זיך פערקויפט צו פאַלשען כבוד פון פוסטע פראַ־זען; וואָס שרייען אימער: פ ר אָ ג ר ע ס ! פ ר אָ ג ר ע ס ! ניט אריינ־דרינגענדיג אין דעם ריכטיגען זינן פון דיזען וואָרט, מיינענדיג, דאָס רעטען דער מענשהייט קענען זיי בלויז מיט דאָס פערניכטונג פון אידישער נאציאָן און אידישע לעבענס־געזעצע און דאָס זיין פּראָגרעסיוו קען מען בלויז מיט זעלבסטפערניכטונג, מיט בעליידיגען און ווינשען שלעכטעס זייער אייגענעם פאָלק... דאָס זענען אויך די יעניגע, וועלכע עקספּלואַטירען דעם גלות און ציטערען צו פערלירען זייערע פראָפיטען און ערוואָרבענע פּאָזיציאָנען דורך דאָס פערניכטונג פון גלות.

„אח ! — טראַכט דאָן משה שמערצליך — דיזעס פאָלק, אויף וועלכען איך האָב געבויט מיינע זאָ ליכטיגע האָפנונגען איז שוין ליידער אין גאנצען דעמאָראַליזירט, פערניכטעט. דער כור־הברזל איז שוין צושטאָרק, זיין פייער האָט שוין איבערגעבאָפט די מאָס און צושמאָלצען דעם אייזען, וועלכען ער האָט געדאַרפט פערהאַרטעווען. דאָס צושמאָלצענע אייזען ווערט שוין פער־וואַנדעלט אין דאַמפּף... דיזעס פאָלק איז שוין ניט מעהר פעהיג פיר דער ראָלע, וועגען וועלכער איך האָב געטרוימט.

און מיט א פערוואונדעטעס הערץ פערלאָזט משה זיינע ברידער, ענט־לויפט פון זיין פאָלק. ער לויפט מיט פערצווייפלונג אין דער וויסטע, צו די ווילדע, אָבער פרייע טהיערע, צו די שטומע, אָבער אין הימעל־שטייגענדע בערג. משה וואַנדערט און זוכט אנ'אַנדער פאָלק, וועלכעס זאָל זיין פעהיג אויפצונעהמען זיין תורה, טראָגען זיינע אידעאַלען.

---

## דער סנה.

עס זענען פאָראיבער איניגע צעהנדליג יאָהר 19). אונטער דיזער צייט האָט משה געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד און פון פאָלק צו פאָלק 20), טראַגענדיג אין זיין הארצען דעם גרויסען געדאַנק פון אנ'ע ם - ה נ ב ח ר, זיך ארומטראָגענדיג מיט זיין תורה צו אַלע פעלקער, זוכענדיג א פאָלק וואָס זאָל זיין לעהרע אויפנעהמען.

---

19) משה האָט פערלאָזט מצרים, ווי עס שיינט נאָך גאָר יונגערהייט, נאָכ'ן מדרש (רבה, שמות) צו צוואַנציג יאָהר, און האָט זיך אומגעקעהרט, ווען ער איז געוועזן בענאהע אכטציג יאָהר. אין מדין איז ער וואהרשיינליך געקומען נאָהנט צו יענער צייט, ווייל געהענדיג קיין מצרים זענען זיינע קינ־דער געוועזן נאָך גאָר קליין.

20) לויט דער לעגענדע, איז משה געוועזן פיערציג יאָהר קעניג ביי א פרעמדעס פאָלק. (ספר הישר).

אונטער דיזער לאַנגער צייט האָט ער מיט זיין אבערמענשליכען שכל פילעס געלערנט, פיעלעס ערוואָרבען אין אַלע צווייגען פון מענשליכער ווי־סענשאַפט. ער האָט פיעלע פעלקער קענען געלערענט, פיעלע רעליגיאָנען ערלערענט, פיעלע קולטורען בעטראַכט. אָבער דאָס וואָס ער האָט געזוכט האָט ער דאָך ניט געפונען. צווישען די אַלע געזעהענע פעלקער, די אַלטע ווי די נייע, האָט ער דעם עם־הנבחר ניט בעגעגענט. פילע פון די אַלטע פעלקער, וואָס האָבען אַ מאָהל געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע זענען שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען אָדער זיי האַלטען אין אונטערגעהן דורך זייער איי־גענעם שמוץ און צופוילונג אָהנע האָפנונג צו רעטען זיי. די ניי־געבאָרענע פעלקער און שטאַמען געהען נאָך דעם אַלטען שניט. און משה וואַנדערט אַלס ווייטער איבער דער גרויסער וויסטע פון דער מענשהייט, ביז, אַם־ענדע, ער איז ווידער געקומען נאָהנט פון זיינע ברידער און האָט דערזעהן אַ וואונדער־פולע, איבערנאַטירליכע ערשיינונג:

„דער דאָרען ברענט און ווערט ניט פערברענט“.

דאָס פאָלק, וועלכען ער האָט לאַנג צוריק פערלאָזען מיט דער פולער איבערצייגונג, דאָס ער איז מעהר ניט פעהיג צו קיין זאַך אויסער צו פער־ברענט ווערען, ברענט און ברענט און ווערט ניט פערברענט; ער איז נאָך אימער גאַנץ, אימער שטאַרק אויף זיין פּלאַץ.

אונטער דער זעלבער צייט און אין פיעל בעסערע אומשטענדען, זענען צעהנדליגע אַנדערע פעלקער שוין לאַנג אויסגעברענט, פערלאָשען געוואָרען און געגנצליך פערשוואונדען פון דער וועלט. פון די אַלע פּתרוסים, כסלוחים, רפאים, זמזמים, אימים און אַנדערע איז שוין לאַנג קיין זכר ניטאָ. נור דיזעס פאָלק, וועלכען ער האָט שוין ניט געהאָפט צו געפינען אין לעבען ביי זיין צוריקקעהרען זיך, אָט דיזער דאָרען, וועלכער ברענט זאָ לאַנג אין אַזאַ העלישען פייער, ווערט אַלס ניט פערברענט.

און משה דערנעהנטערט זיך צו בעטראַכטען, צו געפינען אַנ׳ערקלעה־רונג צו דיזער רעטזעלהאַפטער ערשיינונג.

## דער סוד פון אידישער אייביגקייט.

משה זוכט די נאַטירליכע אורזאַכען, וואָס האַלטען דיזען פאָלק אין אייבינען עקזיסטענץ. ער שטעלט זיך אָב אויף אַ מינוט אויף דאָס אָבגע־שלאָסענהייט און אָבגעזונדערטקייט פון דאָס פאָלק, אויף זיין אויסשליסליכע לאַגע, די געהטאָ, דאָס פעראַכטונג פון דער ארומיגער בעפעלקערונג צו איהם, דאָס ניט אויפנעהמען איהם אין זייער געזעלשאַפט, זיין נידעריג־קולטורעלע ענטוויקלונג. אָבער דאָס ערקלערט גאָר ניט. דען ערשטענס האָט דיזער אונערטרעגליכער לעבען געדאַרפט ברענגען צו פאַלער פהיזישער און גייסטיגער דעגענעראַציאָן און פערניכטונג. און צווייטענס: איידער דאָס פאָלק איז פערשקלאַפט געוואָרען איז ער געווען אַזוי ציוויליזירט ווי די מצרים, אויסגעמישט מיט זיי אין אַלעס, קיין געהעטאָ, קיין ט ש ע ר ט אַ אַ ס י ע ד ל אַ ס ט י, איז נאָך דאַן ניט געווען, ער האָט ארויסגעגעבען פון זיך די גרעסטע בעאַמטע פון לאַנד, מען האָט זיך מיט איהם אין געזעלשאַפט ניט געשעהמט. נאָך אויך יעצט זענען גאַנצע פאָלקס־טהיילען אַסימילירט און ציוויליזירט פונקט ווי די מצרים. די מצרים זעלבסט זוכען צו אַסמילי־רען זיי, גרינדען מיססיאָנס, שמד׳ן זיי מיט גוטען און מיט בייזען, זענען זיך מיט זיי מתחתן. און דאָך לעבט דאָס פאָלק. און זאָגאַר זיינע אָבגעריסענע

גלידער, די אסימילירטע, פיהלען זיך אלס לעבענדיגע אידישע גלידער אין זייער גייען, פרעמדען קערפער און רייסען זיך אפּט צוריק, קענען ניט צו־ווייקט ווערען. פון דער אנדער זייט — די אינדיווידואליטעט פון דעם אידען, זיינע אינטולעקטואלע אייגענשאפטען, זיין הויכע, מאראלישע קראפט — אבער דאס שטערט איהם דאך ניט צו שטרעבען צו אסימילאציאן און א גרויסער טהייל זיינער אסימילירט זיך דאך ווירקליך.

דאן ווענדעט משה זיין געדאנק צו אנאנדער טהעאריע: אין אנפאנג, זוען דאס אידישע פאלק קומט אין א פרעמדעס לאנד, שטעהט ער קולטורעל פיעל העכער איבער די איינגעבוירענע, פיר וועלכעס ער ווערט רעספּעקטירט. דאס בעפעלקערונג בעפריינדעט איהם און זוכט צו איינשלינגען אין זיך די נוצליכע קראפט, צו אסימילירען איהם. אבער זיין העכערקייט, אדער זיין אידישע קולטור, האלט איהם אב פון אסימילאציאן מיט דער נידעריגערער פון איהם בעפעלקערונג. אביסעל שפּעטער, ווען די בעפעלקערונג ענטוויקעלט זיך צו א העכערע שטופע, דאן, דער איד, דורך דעם איינפלוס פון דער ארומיגער בעפעלקערונג און אומשטענדען, פאלט אראב פון זיין פריהערדיגער הויך, פערלירט פילעס פון זיינע אינדיווידועלע אייגענשאפטען, ווערט נעהנ־טער, מעהר אויסגעגליכען צו דער איינגעבארענער בעפעלקערונג. און דאן ערוועקט זיך אין איהם דאס שטרעבונג צו אסימילירען זיך מיט דער ארומיגער בעפעלקערונג, דאן פערלאזט ער ביסליכווייז זיין טראדיציאן, זיינע רעלי־גיעזע און נאציאנאלע בעזונדערהייטען און זוכט צו געפעלען דער הערשענ־דער נאציאן. אבער אין זיין שטרעבונג צו אסימילאציאן פערגעסט ער אין גאנצען זיין זעלבסטווירדע, טרעט איבער יעדען גרענעץ פון מענשליכער אנשטענדיגקייט און מיט זיין שמייכלעריי, מיט זיין ערניעריגענדען און פרעבען שטופען זיך און קריכען, ווערט ער פערמיאוס'ט, פאלט צו לאסט דער הערשענדער בעפעלקערונג, וועלכע ברויכט שוין יעצט ניט זיינע ספּעציעלע אייגענשאפטען און געפינט שוין ניט מעהר אין איהם יענע גוטע מעלות, פיר וועלכע זי האט איהם אנפאנגס רעספּעקטירט, און וועלכע ער זעלבסט האט געזוכט צו פערניכטען אין זיך, דאן פאנגט זיך אן דאס אויסשפייענעס און ארויסשטופענעס דעם אידען פון דער געזעלשאפט, און געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט, זעהר אפט מיט גרויס גרויזאמקייט, צארען און ראכע. און דער איד פערבלייבט ווידער איזאלירט און עקזיסטירט אפּט זאגאר געגען זיין ווילען.

אבער דאס איז דאך דאס זעלבע וואס שטראף און בעלאה־נונג, דאס איז דאך שוין מעהר געטליכקייט, אלס נאטירליכע אורזאכען פון זיין אייביגען עקזיסטענץ...

דאן דערהערט משה די געטליכע שטימע: „משה, משה! ציה אראב דיינע שיך פון דיינע פיס, ווארום דיזער פּלאץ אויף וועלכען דו שטעהסט יעצט איז א הייליגעס ערד!" דער באדען, דער פונדאמענט פון דיזען דארען־פאלק, איז הייליג, איבערנאטירליך, איבערמענשליך. צו איהם מוז מען צוטרעטען ניט אין געוועהנליכע שיך, ניט מיט געוועהנליכע וועגען. איהם מוזטו בע־טראכטען ניט מיט די זעלבע מעטהאדען ווי דו בעטראכטעסט די אנדערע פעלקער. איהם, זיין שטענדיגען ברענען און אייביגען עקזיסטענץ, קענסטו ניט ערקלעהרען מיט נאטירליכע אורזאכען. דען זיין באדען איז הייליג, געטליך.

און משה האט דאן בעגריפען די הויכע מאראלישע קראפט פון זיין

פאָלק. ער האָט בעגריעפען די געטליכע מאַכט, דעם געטליכען פייער, וואָס ברענט אין זיין פאָלק. ער האָט בעגריעפען, אַז דיזער פייער, וואָס ברענט אין דיעזען דאָרען, איז קיין געוועהנליכער, קיין וואָכענדיגער, וואָס ברענט אַיים און ווערט פערלאָשען, נור אַ הייליגער, אַנ'אייביגער. אָט דיעזער בע־זאָנדערער פייער ברענט די פעלקער צווישען וועלכע ער לעבט אין גלות, וועקט אין זיי בעוואונדערונג, נייגירדע, שרעק, פאַרזיכטיגקייט, קנאה און שנאה און האַלט זיי פון דער וויטענס פון אידישען פאָלק. זיי, די פעלקער, פיהלען, דאָס אין דיזען פייער ליגט אַ געפאַהר פיר זייער קולטור־עקזיסטענץ, דאָס ער איז פעהיג צו אויפעסען זייער וואָכענדיגען פייער. און דער געפיהל פון זעלבסט־ערהאַלטונג שטעלט זיי אויף געגען דיזען פייער און זיי זוכען צו פערלעשען און פערניכטען איהם. (דאָס איז די סבה פון דעם קאַמפף פון קריסטענטהום געגען יודענטהום). דער זעלבער פייער, ווען דאָס אידישע פאָלק לעבט אין זיין אייגען לאַנד לויט זיין גייסט און בעשטימונג, לייכט ער די פעלקער און וואַרעמט זיי, אַזוי ווי די גרויסע זון. אָבער אין גלות פיה־לען די פעלקער די היטץ, דעם ברען פון דעם אידישען פייער, פיעל מעהר אַלס זיין שיין, וועלכער איז דאַן קליין און פערדונקעלט. דאַן האָט משה פער־שטאַנען, אַז פיר אַזאַ וויכטיגע ראָלע, ווי צו זיין דער געטליכער פאַהן־טרעגער פיר דער מענשהייט, איז נעטהיג אַ פאָלק, וואָס איז פעהיג, ניט נור צו אַקטיווען קאַמפף, צו העלדישע ליידען, וואָס ווערען פערגיטיגט מיט דער זעלבסט צופרידענהייט פון די העלדען־טהאַטען, נור וואָס קען אויך אריבער־טראָגען די פיעל שווערערע, אונצופרידענשטעלענדע, מיט גאָר ניט בעגיטיגטע פ א ס י ו ו ע ־ ל י י ד ע ן. און דאַן האָט ער בעגריפען, אַז דאָס איז ווירקליך דער ע ם ־ ה נ ב ח ר, וועלכער איז אויסערוועהלט און בעשטימט צו ברענען און לייכטען פיר דער וועלט, לייכטען און ברענען און קיינמאָהל ניט פערברענט ווערען. און משה פאַלט דאַן אויפ'ן פנים צו דער ערד פיר דאָס ערשיינונג פון געטליכקייט. און דאַן האָט ער דערהערט די געטליכע שטימע : געה, פיהר מיין פאָלק פון מצרים ! און אין דיזען מאָמענט האָט משה דערפיהלט אין זיך דעם ר ו ח ־ ה ק ד ש, די קראַפט פון אַ נביא און די מאַכט פון אַ מנהיג.

אַ שעווערער אינערליכער קאַמפף האָט דאַן אויסגעבראָכען ביי משה'ן אין הארצען. שווערע פראַגען האָבען זיין נשמה געפייניגט : איז ער ווירקליך דער פאַסענדער מאַן, פיר זאָ אַ שווערער און הייליגער מיססיאָן ? בעזיצט ער ווירקליך גענוג קרעפטען צו נעהמען אויף זיך אַזאַ פעראַנטוואָרטליכע אויפגאַבע ? איז ער גענוג פאַרבערייטעט צו ערשיינען פיר דאָס פאָלק אין דער ראָלע פון אַנ'ערלעזער און געזעטצגעבער ? ווי אַזוי און מיט וואָס קען ער ווירקען אויפ'ן פאָלק, ווען ער בעזיצט ניט זאָגאָר די רעדנערס־קראַפט, ווען זיין צונג שטאַמעלט ? ווער איז ער און וואָס איז זיין קראַפט ? פי־לייכט נאַרט ער זיך זעלבסט אין דעם בעגריעף וועגען זיינע פעהיגקייטען און מעגליכקייטען ? פיליייכט רעדט דאָס אין איהם זיין עהרענס־גייסט, די תאוות־הכבוד, וואָס איז איינגעבאָרען אין יעדענס הארץ און פערפיהרט זאָ אָפט רעכטפערטיגטע מענשען ? דאַן וועלען מענשען מיט רעכט זאָגען, דאָס ער טהוט אַלעס פון עהרע וועגען און וועלען איהם ניט האָרכען. דער וועג איז זאָ געפעהרליך, פול מיט שטרויכלונגען. יעדער פעהלער זיינער, יעדער טעות, קען ברענגען אומגליק אויף זיין גאַנצען פאָלק.

אָבער די הייליגע ערשיינונג, דער ברענענדער דאָרען שטעהט פיר זיינע

אויגען, רופט איהם, ציהט איהם זאַ מעכטיג און שמערצליך צו זיך און פאָדערט פון איהם צו טאָהן זיין פפליכט אונבעדינגט, אָהנע וועלכע עס איז אויסרעכ־נונגען, טראַטץ, וואָס זיי שטאמען זאָגאר פון אזעלכע גוטע קוועלע ווי ע נ י ו ו ת ; און די געטליכע שטימע פון דער מיטע פון דאָרען דאָנערט אין זיינע אויערען, דרינגט דורך זיין גאַנצען וועזען און פיהלט אָז זיין גאַנ־צען עקזיסטענץ מיט אנ'אונערטרעגליכעם וועקונג : „איך רעד צו דיר פון דעם דאָרען, איך ! מיין פייער ברענט דאָס אין דעם דאָרען ; מיין שכינה איז מיט ישראל צוזאמען אין גלות ; איך בין זיך מצער פונקט ווי דאָס פאָלק ; דאָס געטליכקייט ליידעט פון דעם גלות גלייך מיט זיי. געה, פיהר מיין פאָלק פון מצרים !" 21)

און משה איז געגאַנגען .

און משה קומט ווידער צו זיין פאָלק. אנ'אלטער מאַן אָבער א נייער משה. דאָס איז שוין ניט יענער משה, וועלכע איז צו זיי געקומען א מאָהל פון א פרעמדער וועלט, א פרעמדער געזעלשאפט, אלס מעכטיגער, אָבער אָב־געפרעמדעטער אנקעל, אלס א קרוב למלכות, וואָס קומט פון דעם הערשערס לאַגער. דאָס איז שוין ניט יענער משה, וואָס האָט ביים פאָלק אויסגעזעהן אלס א פערזאָן, וואָס אינטערעסירט זיך בלויז מיט זייער לאַגע און קומט אום צו זעהן, בעאָבאכטען, ווי פון דער זייט... אָדער ווי א פילאַנטראָפּ, וואָס אום צופריעדענשטעלען זיינע אייגענע מאָראַלישע בעדערפניסע, קומט צו פערלייכטערען זייערע אויסערליכע, פהיזישע ליידען, ניט בעזייטיגענדיג די אורזאַכען. דאָס איז שוין אויך ניט יענער יונגער משה, וואָס קומט מיט יוגענדליכען פייער, מיט הייסען טעמפעראמענט, וועקט אין פאָלק זיינע פהי־זישע אינסטינקטען, רעדט צו איהם אינ'ם נאָמען פון בלויז מאַטעריעלע, עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע אינטערעסען, — אינטערעסען, וועלכע בעשעפ־טיגען אלע פעלקער און צוויכנען קיינעם ניט אויס פון די איבריגע — וואָס טראָגט זיך מיט ערהאבענע אידישע אידעאלען, אָבער קומט מיט מעטהאָדען פון פרעמדע וועלטען, פון שווערד און פהיזישע מאַכט, פון מאָמענטאַלע אויפפלאַקערונג און פריוואַט־העלדענטהאטען, מיט פלענער פון זעלבסט־שוטץ, טעראָר און ווידערשטאַנד אויפ'ן פלאַץ, אין גלות...

ניין ! דאָס איז שוין גאָר א גאַנץ אנדער משה, וואָס האָט פיעל דורכ־געלעבט און איבערגעדענקט, א מאַן מיט גרויסע ערפאהרונגען, מיט אונגע־הייערע וויסענשאַפטען און קענטניסע און מיט אבערמענשליכע גייסטיגע קרעפטען. און מיט נייע וועגען און נייע ווערטער, אין דעם נאָמען פון א ה י ה  א ש ר  א ה י ה, דער סימבאל פון אייביגען אידעאל, אייביגען גאָט און אייביגען פאָלק, אין נאָמען פון זייער טראַדיציאָן, זייערע אייגענע אָריגינעלע אידעאַלען, זייער אייגענעם גאָט, דער גאָט פון זייערע עלטערען — איז ער יעצט צו זיי געקומען.

און א נייעם פאָלק מיט נייע מענשען האָט ער דאָרט יעצט געפונען ; א בענייעטען, א זיפצענדען, א בענקענדען, א פיהלענדען, א אונצופריעדענעם פאָלק. און מיט פריידען און צוטרוי האָבען זיי בעגעגענט דעם אלטען משה'ן.

פיעלע פון דיעזע, וועלכע האָבען פערלאָזט זייער פאָלק איבער דעם,

21) ויקרא אלהים אליו מתוך הסנה : א"ל הקב"ה : אי אתה מרגיש שאני שרוי בצער, כשם שישראל שרוים בצער, שאני מדבר עמך מבין הקוצים. (ר' שמות.)

וואָס זיי האָבען פערלאָרען זייער גלויבען אין אידישען משיח און זייער האָפ־נונג אויף דער גאולה, פילע פון די, וואָס זענען אָבגעשטאָרבען פון פאָלק אָדער האָבען ערמאָרדעט אין זיך די אידישע נשמה, אידישע געפיהלען און אידישע האָפנונגען, זענען יעצט ווי צוריק לעבענדיג געוואָרען, אויפגעשטאַנען ת ח י ת ־ ה מ ת י ם, האָבען איינגעזעהן זייער טעות, דאָס אומזאָנסט האָ־בען זיי זיך איבערגעגעבען צו פערצווייפלונג, אז מען טאָהר ניט פערצוויי־פלען, מען טאָהר ניט פערלאָזען דאָס פאָלק, אז מען דארף פערבלייבען א איד, א פולער איד, זאָגאר דאַן ווען דאָס פאָלק איז אין שרעקליכע צרות און זיין ערלעזונג שיינט צו זיין אַנ׳אונמעגליכקייט.

פיעלע פון די געוואָרפענע אין די הייליגע וואסער זענען ווי דורך א נס גערעטעט געוואָרען און יעצט זיך צוריק געקעהרט צו זייער שטאַם; פיעלע פון די איבערגעלאָזטע אין די עגיפטישע פעלדער, זענען אויסגעוואקסען און פון דאָרט צוריק אין אידישען לאגער געקומען און די אידישע בעפרייאונגס־באָהן אויפגעהויבען און מיט שטאָלץ זי געטראָגען.

אומזאָנסט וואהר די מיהע פון מאנכע אידישע עלטערען צו פערפלאָנ־צען זייערע קינדער אויף׳ן פרעמדען באָדען, אין פרעמדע גערטנער, אום זיי זאָלען ניט וויסען זייער אָבשטאַמונג, זאָלען ניט פיהלען די וועהטאָגען פון זייער פאָלק און אום זיי זאָלען זיין פערזיכערט מיט א גוטען מאַטעריאַלען עקזיסטענץ.

ניין! עס גיעבט קיין פערזיכערונג פיר דעזערטירען, פערעטהערס, פייגלינגע, וואָס פערלאָזען דעם לאַגער פון די אונגליקליכע! עס גיבט קיין רעטונג פיר דיעזע, וועלכע לויפען פון די גערעכטע־שוואכע צו די אונ־גערעכטע־שטאַרקע! עס גיבען קיינע מיטלען צו פערהילען דאָס אידישע אָבשטאַמונג. עס זענען פאַראַן אַזעלכע גוטע מלאכים׳לאַך, וועלכע זוכען אָב איבעראַל די פערגראָבענע אין פרעמדען באָדען אידישע נפשות׳ליך, האָדעוועט זיי אויס אויף אידישע שפייז און ברענגען זיי צוריק אין אידישען לאַגער 22), וואו זיי ווערען ווידער טרייע קינדער און קעמפפען איבערגעבען און העלדיש פיר דעם עקזיסטענץ און אויפלעבונג פון זייער פאָלק. (פיעלע פון זיי האָבען מיר אין די לעצטע צעהנער יאָהר געזעהען אין מאָסקווא, פעטערסבורג, לאָנ־דאָן, בוקארעסט, בודאפעסט און איבעראַל, פעראכטענדיג זייערע עלטערען, וואָס האָבען זיי קליינערהייט גע׳טובל׳ט אָדער גלאַט ערצויגען ניט מיט זייער נאַציאָן. און מיט שטאָלץ טראָגען זיי יעצט די אידישע פאָהן).

„רבבה כצמח השדה נתתיך“ 23) צעהנדליגע טויזענד, ווי די געוויקסען אין פעלד, האָב איך זיי דיר צוריקגעגעבען.

## די בעפרייאונגס־ארבייט.

דאַן איז משה און אהרן געקומען צום פאָלק און אָנגעפאַנגען די בע־פרייאונגס־ארבייט. זיי האָבען געמאַכט א קאָנגרעס, צוזאַמענגערופען די זקנים, די געאכטעטע, די פיהרער פון פאָלק. אָבער יענע, וועלכע זיינען גע־ווען גאַנצע מאַכערס און פיהרערס אין גלות, דעות־זאָגערס, רעדעלפיהרערס, געמיינדע פרעזידענטען, צדקה גבאים, אָט יענע וועלכע פלעגען זיין אזעלכע בריה׳ס און בעלנים צו זיין שתדלנים, פערמיטלער צווישען פאָלק און רע־

22) רבה, שמות.

23) יחזקאל ט״ז, ז.

גיערונג, אידישע אויפזעהער און פאַרשטעהער פיר פרעה'ן, צו ערגלאַנצען אין דעפוטאַציעס צום קעניג אָדער הויכע בעאַמטע, אום אויסצודריקען אי־דישע אונטערטהעניגקייט און דאַנקבאַרקייט, אָדער צו אויסבעטלען אַ ביסעל שטרוי אום איינצוקנעטען אין פרעה'ס ציגעל, האָבען זיך ארויסגעצייגט אלס גענצליך אונפעהיגע, נידעריגע פייגלינגע, ווען עס איז געקומען צו טאָהן עטוואָס ממשות'דיגעס פיר דאָס פאָלק, צו ריזיקירען מיט עטוואָס אייגע־נעס. און ווען עס איז געקומען דער מאָמענט צו געהן צו פרעה'ן אום צו פאַרלעגען פיר איהם, אינ'ם נאָמען פון אידישען פאָלק און אידישען גאָט, זייערע פאָדערונגען, איז פון דיעזע אַלע זקנים קיין איינציגער ניט פער־בליבען. זיי האָבען אַלע ביסלעכווייז, איינציגווייז און פאַרוויז זיך ארויסגע־רוקט, נאָך בעפאָר זיי זיינען צוגעקומען צו פרעה'ס טיהר (רבה, ה'). און משה מיט אהרן האָבען אַליין געדאַרפט טאָהן די גאַנצע ארבייט. נור דאָס פאָלק, די איינפאַכע אָרעמע אידען, דיעזע וועלכע קענען געבעך זעלבסט ניט זעהר פיעל און ניט שנעל אויפטאָהן, דיזע האָבען אנערקענט דאָס געט־ליכקייט פון דעם מאָמענט און פון משה'ס מיסיאָן, און האָבען געגלויבט...

משה איז געקומען צום פאָלק.

גאָט האָט איהם געהייסען געהן גלייך צו פרעה'ן, צו פאָדערן פון איהם און וואָרענען איהם צו א ר ו י ס ש י ק ע ן די אידען פון מצרים. וועגען די אידען איז משה געווען פערזאָגט צו א ר ו י ס פ י ה ר ע ן זיי פון מצרים, און צו דערצעהלען זיי, אז דער גאָט פון זייערע עלטערן האָט איהם געשיקט צו זאָגען זיי, דאָס ער האָט זיי עראַינערט און ער וועט זיי ארויס־נעהמען פון מצרים. אָבער משה איז די ערסטע זאַך אוועק צום פאָלק.

משה האָט יעצט דורכגעמאַכט אַ ביטערען, אינערליכען קאַמפף. משה האָט אלס ניט געוואָלט ענטזאָגען זיך פון זיין אנשויאונג, ביי וועלכע ער האָט זיך געהאַלטען נאָך דאַן, ווען ער איז געקומען צו זיי צום ערסטען מאָל, אז די בעפרייאונג קען זיין אויפ'ן נאַטירליכען אופן, בלויז אז דאָס פאָלק דאַרף זעלבסט וועלען, ווינשען און ארבייטען פיר זיין בעפרייאונג. משה האָט אָנפאַנגס געגלויבט אין דער מעגליכקייט צו בעשאַפען אַ פאָלק אין גלות, צו אויפבויען איהם, נאַציאָנאַליזירען, קולטיוואַווירען און אידישען אין מצרים און גלייך פון דאָרטען ארויספיהרען אַ פערטיגעס מיט אַלע אַטריבוטען נאַציאָן. ער האָט געוואָלט, אז זיין פאָלק זאָל בעפרייט ווערען, ניט בלויז איבער זיינע צרות, נאָר אויך פיר זיין גרויסקייט, ניט בלויז אוים רחמנות, נור אויך איבער זיינע פערדיענסטע, מעלות, ניט אלס עטוואָס נעגאַטיוועס, בלויז ווייל ער ליידעט, ווייל מען טוהט איהם אונרעכט, נור אלס אַ פּאָזיטי־ווע וויכטיגקייט אַן און פיר זיך. אין דיעזער ריכטונג איז געווען זיין ארבייט געווענדעט דאָס ערסטע מאָל, און דאָס האָט ער אויך יעצט געוואָלט בעווייזען. ער האָט געגלויבט, אז זינט ער האָט זיי פערלאָזט זיינען זיי געוויס בע־סער געוואָרען און שטרעבען מעהר צו אַ אידישען זעלבסטשטענדיגען לעבען. ער האָט געוואָלט ווייזען דער גאַנצער וועלט,, אז ער האָט ווירקליך אַ פאָלק, וואָס וויל און פאָדערט זיין בעפרייאונג. ער האָט ווי געוואָלט בעווייזען דער השגחה, אז מען דאַרף זיי בעפרייען ניט בלויז איבער די נ א ק ת ב נ י י ש ר א ל, אָדער איבער זכות אבות, נור אויך ווייל זיי זעלבסט זיינען אן ע ם ס ג ו ל ה. דאָס געטליכקייט האָט איהם געזאָגט: ה ו צ א א ת ע מ י, געה פיהר ארויס מיין פאָלק! מען דאַרף זיי פיהרען, ציהען. אַ פערשקלאַפטעס, דעמאָראַליזירטעס פאָלק פערליערט דעם ווילען צו זיין פריי.

פיהר ארויס מ י י ן פ א ל ק, — אזוי פיעל וויפיעל עס רעכענט זיך פיר מיין פאלק. דער צאהל איז ניט זעהר וויכטיג. אבער משה איז פריהער נענאנגען צום פאלק, צו אויפוועקען אין איהם א ווילען צו געהן און צו ווע־רען א פאלק. און משה האט דורכגעמאכט א וויכטיגען עקספערימענט.

א געוויסע טהייל פון פאלק האט, אמת, איהם בעגעגענט מיט ענטהוזיאזם, מיט שמחה, האט איהם געגלויבט און געהארכט. אבער דאס איז נראדע געווען א קליינער און שוואכער טהייל, וואס האט ניט געקענט פיעל אויפטהאן מקצר רוח ומעבודה קשה. די איבעריגע פאלקס־טהייל ען האבען איהם ניט אזא אויפנאהמע געמאכט. א גרויסער טהייל פון פאלק איז אויך יעצט פערבליבען אינדיפערענט, גלייכגילטיג, האבען דאס אויסגעהערט אלס א שעהנע מעשה. דאס איז דער טהייל אידען וואס זיינען גלייכגילטיג, אינדיפערענט צו אלעס. זיי זיינען אידען אויס געוואהנהייט, זיי פיהרען זיך אויף פרום אדער פריי, אלט־פראנקיש אדער מאדערנע, בלויז אויס שאבלאן, ווייל אזוי זיינען זיי איינגעוואהנט. איהר קענט זיי בעגעגנען אין שוהל ווי אין קלוב, אין חסידים־שטיבעל ווי אין טהעאטער, אין א קא־פאטע מיט א טלית־קטן, ווי א גערא[ז]ירטע מאדע מיט א צילינדער־הוט. עס ליעגט אין זיי א מין אפאטיע; זיי טהוען אלעס מעכאניש; עס איז שווער צו ארויסציהען זיי פון זייער סטאלבניאק־צושטאנד, צו בעוועגען זיי צו עטוואס פאזיטיוועס. זיי מאכען אלעס אוועק מיט א מאך מיט'ן האנד, מיט א שאקעל פון קאפ, מיט אן „עה" אדער טעמפען וויץ. זיי וויצלען זיך איבער אלעס און דרינגען ניט אריין אין קיין זאך, בעגרייפען ניט זאגאר דאס געוויטצטע...

די אנדערע טהיילען פון פאלק האבען יעצט אויך געזוכט צו בעקעמפפען משה'ן מיט זיין טהעטיגקייט.

דאס איז געווען דער אידישער ע ר ב ־ ר ב, דער טהייל פון פאלק, וואס האט זיך אויסגעמישט מיט די מצרים, בעוואוסטזיניג און אונבעוואוסט־זיניג זיך אסימילירט, פערזונקען אין די מ"ט שערי טומאה, אין דעם זומפ פון דער מצרים'שער קולטור. דא איז געווען דער אלטער אסימילאציאנס־דור, וואס האט נאך געדענקט די טראדיציאן פון זיינע עלטערן און וואס האט זיך אסימילירט ווייל ער האט פערלארען זיין גלויבען אין דאס מעגליכקייט און נוטצליכקייט פון אויפהאלטען דיזע טראדיציאן און די האפענונג צו ער־לעזט ווערען. דאס זיינען געווען דיזע וואס זיינען מיעד געווארען צו ליידען פיר דאס יודענטהום. זיי זיינען איבעראל ניט פעהיג צו ליידען פיר קיין אי־דעאל. די אסימילאציאן איז ביי זיי ניט א זעלבסטצוועק, נור א מיטעל צו רעטען זיך פון די אבשטאמונגס־ליידען. ווען די אסימילאציאן זאל זיי ווערען אונבעקוועם, פערשאפען ליידען, וועלען זיי אויך זי אוועקווארפען. און דעריבער אסימילירען זיי זיך, פארען זיך מיט יעדען פאלק, היינט מיט מצרים און מארגען מיט כוש; קומען זיי אין אשור ווערען זיי אסירי[ע]ר און אין יון — יונים; אין גאליען זיינען זיי גאלען און אין האטענטאטען־לאנד — האטענטאטען. זיי זוכען איבעראל זייער בעקוועמליכקייט, און קלע־פען זיך אימער צו די שטארקערע פריווילעגירטע קלאסען פון לאנד. דיזע האבען אין דער בעפרייאונגס־בעוועגונג געזעהען א שטערונג צו דאס אב־שטארבונג פון פאלק, א פערלענגערונג פון זיין גסיסה, א קאנטראסט צו זייער וואונש און א געפאהר צו אויפוועקען די מצרים'שע געפיהלען געגען זיי. זיי האבען דעריבער אונטערשטריכט זייער לאיאליטעט צו די מצרים און

זייער געגנערשאפט צו דער בעוועגונג, וועלכע שטרעבט אוועקצופיהרען די אידען פון דער מצרים'שער ציוויליזאציאָן.

דער אינגערער דור איז געווען מעהר אָדער וועניגער ערצויגען אויף דער עגיפּטישער קולטור, אָנגעזאָפּט מיט מצרים'שע אידעאַלען. א טהייל פון איהם האָט שוין געהאַט עטוואָס כלומר'שט פּאָזיטיוועס, פיר וועלכעס — זיי האָבען זיך געשמייכעלט, האָבען געאַרבייט. זיי האָבען געאַרבייט פיר דער מצרים'שער דריטער קאַסטע (מענשהייט בלע"ז), וועלכע האָט שטאַרק געליטען פון די פּריוויליגירטע קאַסטעס. זיי האָבען בעקעמפּפט דער בעוועגונג דאַפיר וואָס זי האָט זיי געשטערט צו פערשפּרייטען זייער טעטיגקייט צווישען אַנדערע טהיילען פון אידישען פאָלק און דאַפיר, וואָס זי האָט אונטערגעגראָבען דעם פונדאַמענט פון זייער וועלט־אַנשויאונג. דיזע זיינען צייטענוויז געווען אונערטרעגליכער פון די ערסטע, ווייל זיי זיינען געווען ענערגישער, פרעכער און האָבען אָפט זיך אריינגעריסען אין הארץ פון אידישען לאַגער.

דיזע ביידע טהיילען זיינען געווען א ב ר י ם ־ מ ד ל ד ל י ם, האָבען פעראַטהען זייער פאָלק און שקלאַפּעריש געאַרבייט פיר די מצרים.

די מצרים זיינען געווען אונצופרידען מיט דיזע ביידע טהיילען. די פּריוויליגירטע קאַסטעס האָבען פעראורטהיילט דעם אידישען פאָלק איבער די יונגע, אַלס א פאָלק פון אונרוהיגע, רעוואָלוציאָנערען, אַנאַרכיסטען, אונמאָראַלישע. און די דריטע קאַסטע האָט ניט געקענט מוחל זיין פיר די אייביגע אידישע גבירים און אַדעליגע, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן די פּריוויליגירטע קאַסטעס. און זיי אַלע האָבען אויסגעלאָזט זייער כעס צום אידישען פאָלק, וועלכען זיי האָבען געריסען און געפּליקט פון אַלע זייטען.

משה האָט דאָן איינגעזעהען, אַז די אומשטענדען אין גלות, סיי די גוטע און סיי די שלעכטע, זיינען צו שלעכט, אום מען זאָל קענען אויסבעסערען דאָרט דאָס גאַנצע פאָלק. און ער איז אוועק צו פרעה'ן.

אָבער פרעה האָט איהם דאָן געשטעלט די פראַגע: מ י ו מ י ה ה ו ל כ י ם ? ווער וויל דאָס גאָר געהן? ווער וויל דאָס גאָר פערלאָזען מצרים? ווער פון דיינע אידען וויל געהן מיט דיר אין כנען? דאָס איז אין גאַנצען אָן אויסגעטראַכטע זאַך, דיין אייגענע פאַנטאַזיע. דו רעדסט אינ'ם נאָמען פון פאָלק אומזאָנסט. די אידען ווילען דאָס גאָר ניט, פערלאַנגען דאָס גאָר ניט. דו ווילסט בלויז זיי פערפעסטיגען דאָ אויפ'ן פּלאַץ, אויפשטעלען זיי געגען אונז.

פרעה איז געווען זיכער, דאָס איהם איז שוין פאָלשטענדיג געלונגען צו בעזיעגען, ניט נור דעם אידישען קערפּער, נור אויך דעם אידישען גייסט. ער האָט געגלויבט אין די ווירקזאַמקייט פון זיינע אויסגעפּרובירטע מעטהאָדען צו פערשקלאַפען און אַסימילירען פעלקער, און ער האָט ניט געצווייפעלט, דאָס ער האָט שוין אין גאַנצען אויסגעראָטען אין דעם אידישען פאָלק זאָגאַר דעם וואונש צו לעבען זעלבסטשטענדיג, דעם בעגריף פון א פרייען לעבען.

און ווירקליך. לויט די גרויסע אידען, וועלכע פרעה האָט געקענט און וועלכע האָבען אימער שקלאַפּעריש געאַרבייטעט פיר איהם און געגען זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און לויט דער אידישער יוגענד, וועלכע זאָגאַר קעמפּפענדיג געגען איהם האָט געאַרבייט, ניט אַלס אידען, ניט איבער אָדער פיר אידישע אינטערעסען, נור אַלס פאָלשטענדיגע מצרים; אפילו לויט די אָרטהאָדאָקסאַלע, פרומע קלאַסע אידען, וועלכע פלעגען אָפט מאַכען

ה ז כ ר ו ת זייער אמאָליגער פערגאַנגענער גרויסקייט, פלעגט ווידערהאָלען די תפלות מיט די אויסדריקע וועגען אן ערלעזונג אין דער צוקונפט, נור, אויס אינערליכער דעגענערירונג און מוטהלאָזיגקייט, האָט זיך זעלבסט איינגערעדט, אז מען טאָהר גאָר ניט טהאָן פיר די בעפרייאונג פון אידען און יודענטום, האָט פרעה געהאַט א רעכט צו דענקען, אז די אידישע נאַציאָן איז שוין איבערגעברענט, געשטאָרבען, איז שוין פאָלשטענדיג זייגע און ועט שוין פון איהם ניט אוועק, זאָגאָר ווען מען זאָל איהר מיט גוואַלד שלעפען... און ער האָט דעריבער אויסגעלאַכט משה׳ן מיט דער זיעג־צופרידענער, טייפעל־שפּאָטישער פראַזע: מ י ו מ י ה ה ו ל כ י ם ? געהזעה, אויב דו האָסט שוין וועמען ארויסצונעהמען... אָבער משה האָט איהם געענטפערט: ב נ ע ר י נ ו ו ב ז ק נ י נ ו נ ל ך. מיט אונזערע יונגע און מיט אונזערע אַלטע, מיט אונזערע זיהן און מיט אונזערע טעכטער וועלען מיר געהן, זאָגאַר מיט אונזערע שאָף און רינדער, ווייל מיר דאַרפען פייערען צו גאָט.״ (שמות ב״א.) ניט בלויז איין קלאַסע אידען, ניט בלויז די גאָטעספאָרכטיגע, די פרומע, די נאַציאָנאַלע אידען וועלען פאָרטגעהן פון מצרים, נור אַלע, דאָס גאַנצע אידישע פאָלק: די יונגע ווי די אַלטע, די פרייע ווי די פרומע, די אינטעליגענץ ווי דער המון, די זיהן ווי די טעכטער,— אַלע זיינען זיי ע ם ה׳, אַלע געהערען זיי צום אידישען פאָלק און זיי אַלע דאַרפען און וועלען פאָרטגעהן פון מצרים. קיין קלאַסע דאַרף ניט קענען שטאָלצירען געגען דער צווייטער, קיין פאָלקסטהייל דאַרף ניט זיין ענגהערציג געגען צווייטען. אויך דיזע, וועלכע האָבען די בעפרייאונגס אידעע בעקעמפפט, וואָס האָבען געשריען, אַז מצרים איז זייער כנען, תחפנחס איז זייער ארץ־ישראל און די מצרים זיינען זייער פאָלק, וועלען אויך געהן מיט אונז צוזאַמען. און נאָך מעהר, זיי וועלען געהן, כ י ח ג ד ׳ ל נ ו, ווייל דאָס איז א פייערטאָג צו גאָט. זיי וועלען אנערקענען דעם אידישען גאָט, דעם יודענטהום, דעם געטליך־אידישען פייערטאָג; זיי וועלען געהן אַלס אידען. אייניגע וועלען געהן, ווייל זיי זעלבסט ווילען געהן, אַנדערע — ווייל גאָט הייסט און נאָך אַנדערע — ווייל פרעה הייסט, ווייל פרעה טרייבט, ווייל עס איז אונמעגליך צו פערבלייבען לענגער אין גלות, אָבער געהן וועלען זיי. צום אידישען יום־טוב וועלען זיי אַלע קומען. „בנערינו ובזקנינו נלך״. דורך די יונגע וועלען די אַלטע געהן. פונקט אַזוי ווי די יונגע האָבען די אַלטע אין מצרים־גלות געבראַכט, אַזוי וועלען די יונגע, דער נייער א י ד י ש ע ר דור די אַלטע גלות־שקלאַפען פון מצרים פיהרען.

דאָס ערסטע מאָל האָט משה געוואָלט ארויספיהרען פון מצרים א אידישע נאַציאָן. ער האָט געגלויבט, דאָס ער מוז זיי אין מצרים אויסאידישען, פיר א פאָלק מאַכען, און נאכהער זיי בעפרייען. און ווען ער האָט דערזעהען ווי טיעף דעגענערירט און צופוילט זיי זיינען געווען, האָט ער פערצווייפעלט און איז פון זיי אוועק. אָבער יעצט האָט ער געזאָגט: ב נ ע ר י נ ו ו ב ז ק נ י נ ו נ ל ך. מיר וועלען געהן גלייך, באַלד, ביי דער ערסטער מעגליכקייט, ניט וואַרטענדיג מיר זאָלען בעפאָר א נאַציאָן ווערען, נור אַט אַזוי ווי מיר זיינען, מיט אונזער פרייער, אָביסעל אָבגעפרעמדעטער יוגענד און מיט אונזערע פאַנאַטישע אַלטע. ביז דעם אידישען יום־טוב וועלען זיי אַלע פאַרבעריטעט ווערען... מען קען אין דעם פערצעהרענדען גלות קיין נאַציאָן ניט בעשאַפען. אויפ׳ן נאַטירליכען אידישען באָדען וועלען זיי נאַטירליך אַלס א אידישעס פאָלק וואַקסען.

## דער גלות ביי זיין ענדע ווערט שטארקער.

פרעה האט מיט נייע רעפרעסאליעס זיך גענומען די אידישע בעפריי־אונגס־בעוועגונג. מיט דער שווערקייט פון זיין אייזערנעם לאסט האט ער געוואלט דערשטיקען יעדען מענשליכען געפיהל, יעדע פרייע שטרעבונג אין אידישען פאלק. ער האט גענומען בענייען אלע גזרות און צרות אויף אידען, אום צו מאכען זייער לעבען אזוי שווער, דאס זיי זאל ניט ליעגען אין זינען צו דענקען וועגען אונצופרידענהייט. ביי פרעה'ן זיינען אלע גלייך: די יונגע, די אלטע, די מיכה'ס און די משה'ס, אלע זיינען זיי אין פערשווערונג געגען זיין מאכט. פיר איהם לוינט זיך קיין בעוועגונג, קיינע אידעען, קיינע בע־שטרעבונגען, ער ברויך נור צו האבען פאריעס, אונזיניגע פיה־מענשען צו ארבייטען מיט זיי. און ער מאכט אלס שווערער זיין יאך אויף דאס אידישע פאלק; ער צווינגט זיי מיט זייערע מאטעריאלען צו בויען פיתום און רעמסס; נאך עפטער טרינקט ער דאס אידישע יונגנד, שעכט אידישע קינדער און באדט זיין קרעציגען קערפער אין זייער בלוט.

א נארמאלעס פאלק אין אזא לאגע זאגט: וואס ערגער איז בעסער. ניטא וואס צו פערלירען מעהר, און עס הויבט זיך אויף ווי איין מענש געגען זיין פיינד.

ביי א פרייען, זעלבסטשטענדיגען פאלק, רופען אזעלכע אונטערדריקונגען ארויס א מעכטיגען פאלקס־צארען, ברענגען איהם צו ריעזען־ארבייט, אונגעהייערע העלדענטהאטען, בעשאפען איהם מאקאבייער, שמעון בן גיורא'ס, יוחנן'ס בן גוש חלב, אפפערוויליגע מיליאנערען, ווי כלבא־שבוע, ציצית־הכסת, ערוועקען אין איהם א געוואלטיגע ענערגיע, מוטה און רופט ארויס אלע פאלקס־קרעפטען צום קאמפף, צו ווידערשטאנד.

אבער אזא פערשקלאפטעס פאלק, ווי עס איז דאן געווען דאס אידישע, איז וואס בעסער איז ערגער און וואס ערגער איז נאר שלעכט. ווען דער שונא שמייכעלט איהם גיט ער אב זיין נשמה און ווען ער שלאגט איהם קניהט ער און קוסט דעם רוט... אזוי אויך אין מצרים האט די פערענדערונג פון דער אידישער לאגע בלויז געבראכט דאצו, וואס איניגע שתדלנים זיינען אוועק צו פרעה'ן זיך קניהען, קלאגיען און אויסבעטען ביי איהם א שטיקעל חסד, עטוואס פערגרינגערונג פיר די אונגליקליכע קנעכט, און דאס בלויז אין דעם נאמען פון זיינע אייגענע אינטערעסען, זוייל ער, פרעה, וועט דערפון האבען שאדען, ווען זיינע קנעכט וועלען פון פיעל צרות קראנק ווערען און קיין ציעגעל ניט קענען מאכען אדער זיי וועלען ניט אויסהאלטען און פאלען... גאר ניט פיר זיך, גאר ניט פיר דעם אידישען פאלק, נאר אלעס פיר פרעה'ן, פיר די הערשער. אזוי ערנידעריגען זיך און זייער פאלק פיהערס־שקלאפען; אזוי רעדען גלות־שתדלנים צו זייערע הער־שער. אבער מיט זייערע משה'ס בענעהמען זיי זיך גאנץ אנדערס. משה'ן זיינען זיי בעפאלען, בעליידיגט, ארויסגעווארפען אויף איהם די שולד פון זייערע ליידען, וואס „זייער ריח איז פערמיאוסט אין די אויגען פון פרעה'ן" און די הערשער פערראכטען זיי. געגען משה'ן קעמפפען זיי און בעשטרייטען זיינע אידעען.

משה, הערענדיג אזעלכע ווערטער פון זיינע אייגענע ברידער, ווערט אבהענדיג, פאלט ביי זיך אראב און פאנגט אן צו זוכען די אורזאכען פון די נייע אונגליקען אין זיך זעלבסט: פיליכט איז דאס זיין שולד, וואס דאס פאלק איז נאך ניט געראטעט. זיין הארץ

ווערט צוריסען פון מיטלייד צו זיין אונגליקליכען פאָלק און ער פאַנגט אָן צו דענקען, דאָס פיליכט איז ווירקליך בילבער צו נעהמען זיך פיר פּאָליאַ־טיווע געגענוואַרטס־ארבייט, צו פערבעסערען די לאַגע פון פאָלק באַלד, דאָ אויפ׳ן פלאַץ, צו אויסשטרעקען איהם מאָמענטאַלע, דויערלאָזע הילפע, און ער שרייט צו גאָט: למה הרעת?... ווארום איז עס גראדע יעצט דעם פאָלק נאָך ערגער געוואָרען? ווארום איז דאָס פאָלק נאָך ניט געראַטעוועט? צו וואָס האָסטו מיך געשיקט? 24)

אָבער גאָט ענטפערט איהם דאַן: וואָרום ביזטו מתרעם? גלויבסטו ניט אין מיין קראַפט און גערעכטיגקייט? א טויטליך פערוואונדעטע חיה איז אין איהרע לעצטע מינוטען גרויזאמער ווי אימער, די ענדע ווינטער איז אם קעלטסטען; די ענדע נאַכט איז אם פינסטערסטען. אָבער די פערוואונדעטע חיה מוז אם ענדע פאַלען, נאָך דעם ווינטער מוז דער פריהלינג קומען און נאָך די לעצטע אָנשטרענגענדע פינסטערקייט פון דער נאַכט מוז קומען דער ליכטיגער טאָג. „באַלד וועסטו זעהען וואָס איך וועל מאכען פון פרעה׳ן, ער וועט מיט געוואלט זעלבסט מיין פאָלק בעפרייען!“

ניין! די שתדלנות ארבייט, די טובות און חסדים פון די פערשקלאַפטע פיהרער זיינען נוטצלאָז, אָפט שעדליך און שעדליך, ערנידערען בלויז דעם פאָלק. פרעה האָט אַזעלכע אידישע פּאַרשטעהער אויסגעבריקעוועט, בע־ליידיגט און צוזאמען מיט זיי — דעם גאַנצען אידישען פאָלק. קיין טובה האָבען זיי דאַמיט קיינעם געטהאָן. פערקעהרט, פרעה האָט נאָך איינגעזעהען ווי זיינע מעטהאָדען זיינען ווירקזאַם, פערניכטענד, און זיין באַרבאַרישעס הארץ איז נאָך הארטער געוואָרען, האָט טריאומפירט, אָנגעקוואָלען פון נקמה איבער זיינע פערהאַסטע. און ער האָט נאָך שווערער געמאַכט די לאַגע פון׳ם פאָלק.

אָבער משה׳ס וועג, משה׳ס שטאָלצע פאָלקס ארבייט, משה, וואָס קומט צו פרעה׳ן מיט אַ שטאָלצען אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט דעם געטליכען שטע־קען אין זיין האַנד, מיט שטאָלצע פאָדערונגען אין נאָמען פון זיין גאָט, פון זיין נאַציאָן, אינ׳ם נאָמען פון גערעכטיגקייט, מוז אם ענדע ברענגען די גע־

---

24) איך האַלט פיר וויכטיג צו ברענגען דאָ די וואונדערבאַרע גמרא, פון וועלכען מיר קאָנען פיעלעס לערנען, נעמליך: ווען פרעה האָט פערערגערט די אידישע לאַגע, דאָס פאָלק האָט פערצווייפעלט און משה זעלבסט האָט געשריען צו גאָט: למה הרעת! וואָרום האָסטו געמאַכט נאָך ערגער? האָט איהם גאָט געענטפערט: וואָרום ביזטו מתרעם? זעה ווי אייערע עלטערן זיינען געווען בעסער פון אייך. איך האָב זיי אָבגעגעבען דאָס לאַנד כנען, אָבער זיי האָבען פיר יעדעס שטיקעל פעלד געדאַרפט טהייער בעצאָהלען אָדער שווער קעמפפען און זיי האָבען דאָך ניט מתרעם געווען. אברהם האָט בעצאָהלט פיר הונדערט שקלים פיר איין קבר, יצחק איז בערויבט געוואָרען פון זיינע ברונענס, יעקב האָט בעצאָהלט הונדערט קשיטה פיר אַ שטיקעל פעלד און זיי האָבען קיינע טענות געהאַט, אבי זייערע קינדער און אוראייניקלעך זאָלען דאָס לאַנד בעזיצען. און איהר זייט שוין אונגעדולדיג, נאָך בעפאָר איהר האָט עטוואָס געטהאָן. (סכה ק״ו.) דאָס איז אַ גוטער ענטפער די אידען, וואָס ווילען ניט געבען אויף ישוב ארץ ישראל מיט דעם תירוץ: „ולא בכסף תגאלו.“

ווינשטע רעזולטאטען, מוז ברעכען פרעה'ס מאכט און שטאָלץ און מוז איהם צווינגען צו בעפרייען דעם אידישען פאָלק מיט עהרע.

* * *

## די מכות מצרים און אידישע אויפלעבונג.

די געטליכע ווערטער צו משה'ן זיינען ערפילט געוואָרען. דאָס צו־פוילטקייט פון דער עגיפטישער ציוויליזאציאָן האָט אָנגעפאנגען ארויפ־שווימען און ארויסווייזען זיין פערניכטענדע ווירקונג אויפ'ן מצרים'שען קערפער. דער גרויסער, שטארקער קערפער פון מצרים'שען פאָלק און רייך האָט אָנגעפאנגען צו פערנאנדערפאלען, חרוב ווערען. עס זיינען געקומען די פלאגע. עס איז געפלאגט געוואָרען דאָס פאָלק מיט זיינע געטער. זייער קולט, זייערע טהאטען איז געוואָרען זייער ביטש. דער טייך, וועלכען די מצרים האָבען געהאלטען פאר א גאָט, איז פערוואנדעלט געוואָרען אין בלוט, — דאָס בלוט פון די אידישע עופ'יליך, וועלכע איז אזוי פיעל פערגאָסען גע־וואָרען אלס קרבן צו דיזען טייך, האָט גענומען ארויסשווימען און זיך נוקם זיין אן די מצרים. די הייליגע שרצים, צו וועלכע זיי האָבען געדיענט און וועלכע זיי האָבען געשפייזט מיט מענשען־פלייש, האָבען זיך פערפלאָ־דעט, אָנגעפילט זייערע הייזער, פער'עפוש'ט און פערפעסטעט דאָס לאנד. דאָס גאנצע אונריינקייט פון דעם שמוציגען קולט און זינדיגען לעבען פון דעם עגיפטישען צ י ו ו י ל י ז י ר ט ע ן פ א ל ק, איז יעצט ארויף אויבען אין דער פאָרמע פון אלערליי קראנקהייטען און פעסט. די הייליגע חיות, וועלכע זיי האָבען געהאָדעוועט, האָבען זיך פערוואנדעלט אין א שרעקליכען ביימש אין לאנד. די גאנצע נאטור, וועלכע זיי האָבען בענוצט אויף אן אונגאטירליכען אופן איז יעצט אויפגעשטאנען געגען זיי. דאָס פאָלק איז פערארעמט און פערווילדעט געוואָרען. און עס איז געקומען די צייט, ווען די מצרים און פרעה האָבען געמוזט פריי לאָזען דעם אידישען פאָלק.

אונטער דער זעלבער צייט האָט דאָס אידישע פאָלק געמאכט גרויסע פאָרטשריטע אין אידיש־נאציאָנאלען זינן. דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געקענט ניט בעמערקען די האנד פון דער השגחה אין די מצרים'שע פלאגע און אין די בעפרייאונגס וועגען. עס האָט ניט געקענט פארבייגעהן די וואונ־דערליכע און גערעכטיגע גאָטעס־מדה פון מ ד ה כ נ ג ד מ ד ה, וועלכע האָט זיך אזוי דייטליך ארויסגעצייגט אין די מכות־מצרים. עס האָט ניט גע־קענט ניט בעמערקען די פערניכטענדע פאָלגע פון דעם מצרים'שען קולט און ציוויליזאציאָן און די העכערקייט פון דעם ריין־אידישען לעבען. דאן האָט ביי זיי געמימען דער אסימילאציאָנס־פיבער. זיי האָבען אויפגעהערט צו שעהמען זיך מיט'ן אידישען נאָמען. זיי האָבען אָנגעפאנגען שטאָלצירען מיט זייער אידישקייט און מיט שטאָלץ האָבען זיי מקים געווען די ערשטע מצוה, צו בעצייכענען זייערע הייזער מיט דעם אידישען צייכען, מיט דאָס בלוט פון זייערע א י ד י ש ע קרבנות, מיט דאָס בלוט פון דעם מצרים'שען גאָט 25). דאָס אידישע הויז איז אידיש געוואָרען. אויף דער אידישער טיר האָט זיך די מזוזה בעוויזען, די געטליכע עמבלעמע, די געטליכע חתימה, דער ש מ ע י ש ר א ל. און ווען ביי די מצרים איז פאָרגעקומען מ כ ת־ ב כ ו ר ו ת, א פאָלקס־מגפה געגען זייערע ע ל ט ס ט ע, זיינען אידען געוועזען פריי און זיכער אין זייערע הייזער. און דער מלאך המות, די שרעק־ליכע פעסט, וואָס האָט געוויטהעט אין די עגיפטישע הייזער, האָט די אידישע

25) די מצרים האָבען אויך צו שאָף געדיענט.

הייזער געמיטען, אויף זיי קיין שליטה געהאט, ווייל זיי זיינען געווען ריין פון די עגיפּטישע קולט־באַצילען. אזוי האָט משה'ס אייגפלוס און דאָס בע־פרייאונגס בעוועגונג די אידען צו אידישקייט געבראַכט און דער יודענטהום האָט אין זיי ווידער שטאַרקערע פרייהייטס־שטרעבונגען געשאַפען און צו בעפרייאונג געבראַכט.

* * *

## דער לעצטער מאָמענט.

עס איז אַם ענדע געקומען דער וויכטיגסטער מאָמענט פון דער ערסטער פּעריאָדע פון משה'ס טהעטיגקייט. משה האָט שוין דערלעבט די מינוט, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט און אויפגעאָפּפערט זיין גאַנצען לעבען. ער האָט שוין דעם אָביעקט פיר דאָס פערווירקליכונג פון זיינע הימעל־הויכע אידעאַלען. און דאָס איז טאַקי ניט קיין אַנדערער, אַלס זיין אייגענעם פאָלק, וועלכער פאָלגט איהם יעצט נאָך אַ בעפרייטער, אַ גליקליכער. מיט אַ שטאָלצען קאָפּ, מיט ערהאבענע בעגייסטערונג און גרויס־פערמעגען, — אַ פערמעגען פון ביטערע אָבער גרויסע ערפאהרונגען, פון ערהאבענעם פּראָטעסט געגען שקלאַפעריי און אונרעכט, פון גרויסע שטרעבונגען און גליקליכע האָפנונגען אויף אַ גלאָרייכע צוקונפט פון זעלבסטשטענדיגקייט, פרייהייט, גערעכטיג־קייט און געטליכע אידעאַלען.

דאָס פאָלק געהט פון מצרים. דער געטליכער פייער־זייל ערלייכטעט פאַר זיי דעם וועג אין די פינסטערנים ביינאַכט און קיהלע וואָלקענס בעשיצען זיי בייטאָג. קיין זאַך שטערט זיי ניט אין זייער גאַנג.

ניט דאָס גאַנצע פאָלק איז פון מצרים ארויס, ניט אַלע האָבען דעם גלות פערלאָזט. וחמושים עלו ממצרים (בשלח). פיעלע, זיי־גאַנצע פאָלקס טהיילען, וואָס האָבען זיך שוין לאַנג אַלס מצרים געפיהלט, זיי־גען טריי די מצרים פערבליבען און מיט זייער פאָלק מיטגעהן ניט געוואָלט. פיעלע האָבען זיך אין די וועגנט פון מצרים'שען פיתום און רעמסס, אין דער מצרים'שער ציוויליזאציאָן, פערמויערט און דאָרט פערבליבען. פיעלע האָ־בען משה'ן נאָך אַלץ ניט געטרויט, אין אידישער צוקונפט ניט געגלויבט, פיעלע האָבען זייערע רייכטהימע אין טשינען, זייער מצרים'שען לוקסוס־לעבען פערלאָזען ניט געוואָלט, זיינען אין מצרים פערבליבען און מיט די מצרים צוזאמען פערלאָרען געגאַנגען און קיין זכר, קיין שפור נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט.

אָבער דאָס אידישע פאָלק, אַלץ וואָס איז געווען און געפיהלט אידיש, איז פון מצרים פאָרט געגאַנגען, צו פרייהייט, צו גליק, צו אייביגען לעבען און אייביגער עהרע.

און משה פיהרט דיזען אויסערוועהלטען פאָלק און זיין הארץ איז אָנגעפילט מיט גליק, פרייד און שטאָלץ אויף זיין פאָלק.

אָבער ניט צו־לאַנג דויערט משה'ס פריידע. עס קומט דער ערסטער נסיון און דעקט אויף דעם כאַראַקטער פון אַ שקלאַפען־פאָלק און איבערצייגט איהם, דאָס ניט איבער אַ נאַכט ווערען הונדערט יעהריגע שקלאַפען אין אַ פרייעס פאָלק פערוואַנדעלט. דיזער נסיון וואַרפט משה'ן אין אַ קורצער פער־צווייפלונג, אָבער ער גיט איהם אויך אַ העכסט וויכטיגען לעקציאָן, וועלכע איז נעטהיג צו וויסען יעדען פיהרער, וואָס קומט ארבייטען אין זיין פאָלק אין אַ פּעריאָדע פון צערשטערונג.

דאָס פאָלק נאָך דעם געטליכען מאַרשרוט, האָט געמאַכט אַ טריט צו־

ריק און איז צוגעקומען צום ברעג ים, ביי פ י ־ ה ח י ר ו ת, וואו עס איז געשטאַנען דער שטאַרק־בעפעסטיגטער טעמפעל פון דעם גאָט חרות, דער זוהן פון דעם גאָט רע. חרות איז געווען איינער פון די גוטע און העלדישע געטער פון מצרים און אַ שטאַרקער נוקם, אַ ראַכע־נעמער. דאָס איז געווען דער איינציגער גאָט וואָס איז ניט געשלאָגען געוואָרען צוזאַמען מיט זיינע מיט־געטער אין דער צייט פון דער אידישער בעפרייאונג. חרות איז געשטאַנען ביים גרענעץ פון לאַנד און ביים ים, וואהרשיינליך אַלס דער בעקעמפּפער פון דעם שלעכטען גאָט פון אַבגרונד, סת (שטן) און אַלס אַ שומר נעגען פרעמדע פיינדע. די מצרים האָבען אויף דיזען גאָט גרויסע האָפנונגען געלעגט און ערפאַהרענדיג דאָס די אידען לאַגערען דאָרט, האָבען זיי געגלויבט, אַז חרות האָט עס זיי פערהאַלטען, לאָזט זיי ניט אַרויס פון לאַנד און זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט נאָך זיי.

---

די אידען רוהען זיך אויס אין זייער לאַגער, פרעהען זיך און פייערען זייער בעפרייאונג. און פּלוצלונג ווערט אַ טרעוואָגע: ד י ה ע ר ש ע ר ז י י ־ נ ע ן ד אָ ! און דאָס פּאָלק ווערט אייגענבליקליך פערוואַנדעלט אין אַ סטאַדע דערשראָקענע שאָף. זיי שרייען צו גאָט וועגען רעטונג, וועגען אַ נס. פיעלע פון די וואָס זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט די אַבערגלויבענס פון די מצרים האָבען זיך געשראָקען דאָס זיי האָבען צו טהאָן מיט אַ געטליכקייט און זיי רופען זייער גאָט צו הילפע. און זיי שרייען צו משה'ן. דאָס פאָלק פערגעסט זיינע שקלאַפען־ליידען, פערגעסט די געטליכע וואונדער, וואָס ער האָט ערסט געזעהן, פערלירט זיינע האָפנונגען, זיין גלויבען, זיין בטחון, דערשרעקט זיך פיר קאַמפף, פיר דעם שווערד, דערשרעקט זיך פיר די מענ־שען, איבער וועלכע ער האָט נור וואָס אָבגעהאַלטען אַ זיעג און וועמעס פלאַגע ער האָט זעלבסט געזעהען, איז פערטיג צו געהן צוריק אין קנעכטשאַפט און פראָטעסטירט נעגען זיין בעפרייאונג. מצרים'שע קברים שיינען איהם צו זיין בעקוועמער פון די וואָס אין דער מדבר. עס איז זיי בעסער צו שטאַר־בען מיט קייטען אין טאַצקעס, אונטער די קלעפּ פון קנוט, אָדער פערמויערט ווערען אין פרעה'ס פיראַמידען, איידער אין דער פרייער וויסטע אין קאַמפף מיט'ן פיינד. „האָבען מיר דען ניט גערעדט צו דיר אימער: — טענה'ן זיי צו משה'ן — לאָז אונז דיענען די מצרים!“

משה בערוהיגט זיי און מוטהיגט זיי און הייסט זיי וואַרטען און האָפען אויף גאָטעס הילפע, וועלכע וועט זיכער באַלד קומען, ער רופט זיי: צ ו ג אָ ט 26).

אָבער משה זעלבסט ווערט אויך אויף אַ מאָמענט פערצווייפעלט און שרייט צו גאָט, ער שרייט וועגען זיינע אידעאַלען, וואָס געהען פערלאָרען, וועגען זיינע וועלטען, וואָס ווערען זאָ שנעל צושטערט. דאָס פאָלק איז פער־בליבען קנעכטיש ווי געווען. אַזעלכע פערשקלאַפטע נשמות, אַזעלכע פיינ־לינגע, קאָנען קיינע קולטור טרעגער, טרעגער פון געטליכען פאַקעל ניט זיין, אַזעלכע אונבעשטענדיגע כאַראַקטערע, ביליג־שעצענדע פון פרייהייט קאָנען קיין זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען לעבען ניט פיהרען.

אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט דערהערט משה די געטליכע ווערטער:

---

26) ויצעק משה: אל ד'! (בשלח).

מ ה ת צ ע ק א ל י ! וואָס שרייסטו צו מיר, וואָס בעזאָרגסטו זיך אַזוי וועגן מיר, וועגן די אידעאַלען ? וואָס ביזטו אַזוי פערצווייפעלט איבער דעם פאָלקס־כאַראַקטער ? זיי שטעהען דאָך נאָך אויף דעם באָדען פון מצרים; זיי זיינען דאָך נאָך ניט אַרויס פון דעם שקלאַפען־שאָפּ ; זיי האָבען דאָך נאָך קיין פרייען שטראַהל נישט געזעהען ; זיי האָבען דאָך נאָך ניט פערזוכט דעם טעם פון זעלבסטשטענדיגקייט. ווילסטו דאָס מיט איין שפּרונג זאָלען זיי פון דעם ניעדריגסטען קנעכטען־שטאַפּעל אויף דעם העכסטען שטאַפּעל פון אַ געטליכעם פאָלק קומען ! „דבר אל בני ישראל ויסעו“. זאָלען זיי דאָס ערסטע זאַך פאָרטגעהן פון דאַנען, זאָלען זיי דעם גלות פערלאָזען, פון דעם מצרים־זומפּ ענטרינען, זאָלען זיי זייער קנעכשאַפט אַביסעל פערגעסען. זיך עטוואָס ערהאָלען, אָבטרייסלען פון זיך דעם גלות־שמוץ, דעם שמוץ פון מצרים'שער קולטור. און דאַן וועסטו קענען טראַכטען וועגען איבערבילדען זיי, פּלאַנצען געטליכע אידעאַלען אין זייערע הערצער, זייהען קערנער פון זעלבסטווירדע, פון נאַציאָנאַלען שטאָלץ, פון שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיג־קייט, פון גלויבען און בטחון. ר ע ד צ ו ד י ק י נ ד ע ר י ש ר א ל. רעדען דאַרף מען זיי, ערקלעהרען דאַרף מען זיי, ביז זיי וועלען פערשטעהן, בעגרייפען און דאַן וועלען זיי געהן. ניט אַלע זיינען פעהיג צו טהאָן, זאָגאַר ווען זיי פערשטעהען שוין, פיעלע בעזאָרגען זיך גאָר ניט אויב זיי פערשטעהען וואָס זיי טהוען, פיעלע טהוען פּונקט דעם געגענטהייל פון דאָס וואָס זיי פערשטעהען און ווייסען. רעד צו זיי אַז זיי זאָלען פערשטעהן, דאָס קנעכטישער לעבען איז ערגער פון אַ פרייען העלדישען טויט, אַז לויפענדיג פון שקלאַפעריי מוז מען ניט פערגעסען דאָס פערפאָלגונג פון די הערשער, אַז אויפ'ן וועג פון פרייהייט מוזען זיין שטערונגען, געפאַהרען, וויסטעס, ימים, וועלכע מען מוז אַריבער, וואָרום קיין צוריקס־וועג איז ניטאָ : הינטען זיינען די הערשער מיט דעם קנוט ; אַז אָן פערזיכערונג, פעסטען גלויבען און צוטרוי קען מען קיין זאַך אָנפאַנגען און קיין זאַך עררייכען.

מ ה ת צ ע ק א ל י ! וואָס שרייסטו צו מיר ! די לאַגע איז נאָך ניט געקומען צום געפעהרליכסטען פּונקט. איהר קענט זיך נאָך בעוועגען, געהן ; איהר זענט נאָך ניט צוגעקומען צום ים. קענט איהר שוין מעהר קיין טראָט ניט טהאָן ? שטעהט איהר שוין ביז'ן האַלז אין וואַסער און איך העלף אייך ניט. געטליכע נסים דאַרפען מענשען ערוואַרטען בלויז אין דעם מאָמענט פון העכסטער נויטה, ווען עס איז שוין קיין נאַטירליכער אויסגאַנג ניטאָ, ווען מענשען קענען שוין גאָר ניט טהאָן.

מ ה ת צ ע ק ! וואָס שרייסטו, וואָס בעשעפטיגסטו זיך מיט ת פ ל ה אין דער צייט, ווען מען דאַרף טהאָן, עקטען, געהן. זאָג צו די בני ישראל, אַז מיט שטענדיגען קרעכצען און וויינען, קינות און פיוט אַליין קען מען זיך קיין פרייהייט ניט קויפען, אַז ניט אימער דאַרף מען זיך בענ־גענען מיט בלויז ת פ ל ה ט אָ ה ן, אַז עס איז דאָ אַ צייט פון א ס ו ף י ד י ך, ווען דער כהן דאַרף אַראָבלאָזען זיינע אויפגעהויבענע צום הימעל הענד, אום צו נעהמען זיך פיר טהאַט, אַרבייט ; מען דאַרף געהן, געהן פאָר־ווערטס.

און משה האָט גערעדט צו די קינדער ישראל. און עס האָבען זיך גע־פונען אידען העלדען, אידען מיט בטחון, וואָס זיינען געשפּרונגען אין ברויז־זענדען ים.

און אָה וואונדער ! דער ים האָט זיך צושפּאַלטען, די וועלען האָבען ווי

מיט שרעק און ערשטוינונג זיך אוועקגעקייקעלט, דאָס וואסער האָט אָבגע־טראָטען און ווי אַ וואַנד מיט רעספעקט זיך אויפגעשטעלט און אַ וועג געמאכט פאַר דעם געוואגטען פאָלק.

ניין! עס גיבען קיינע שטערונגען פאַר אַ פאָלק, וואָס פעראכטענדיג געפאהר, געהט מיט'ן גאנצען ווילען גלייך צו זיין בעפרייאונג. עס גיבען קיינע אונמעגליכקייטען פיר אַ פאָלק, וואָס וויל זיין אַ פאָלק. ימים שפאַלטען זיך, בערג פאלען, וויסטעס גיבען ברויט, שטיינער — ערפרישענדע וואסער, פייער הערט אויף צו ברענען, די גאנצע נאטור האָט דרך־ארץ און ענדערט זיך און מאכט אַ וועג פיר אַזאַ פאָלק. די ליכטיגע שטערען אין הימעל בעלייכטען זיין וועג ביי נאכט און די קיהלע וואָלקענס בעדעקען און בעשיטצען איהם ביי טאָג און צוזאמען מיט גוטע מלאכים בעגלייטען זיי איהם צו זיין היים.

ענדע ערסטעס טהייל.



# משה און דאס פאלק

אדער

# גלות און בעפרייאונג



אין צוויי טהיילען



פון משה מ. עפשטיין



צווייטער טהייל

## פון ים־סוף ביז נאָך משה'ס טויט

# צווייטער טהייל

# פון ים-סוף ביז נאָך משה'ס טויט

## אויפ'ן צווייטען ברעג ים סוף.

דאָס אידישע פאָלק שטעהט אויפ'ן צווייטען ברעג פון ים־סוף. ווייט, ווייט ציהט זיך פאר זיי די ווילדע פרייע וויסטע, וועלכע ענדיגט זיך ביי די פרוכטבאַרע פעלדער פון כנען — זייער אַלטעס פאטערלאַנד — צו וועלכעם זייערע בליקען זיינען יעצט געווענדעט. דער ים איז צאָרניג, ברויזענד און אויפגערעגט, און מיט שוים אויף דעם מויל פון זיין אָבגרונד, וואַרפט ער ארויס די טויטע קערפערס פון די דערטרונקענע עגיפטער. דאָס פאָלק שטעהט און בעטראַכט די בעגעבענהייטען פון דער לעצטער נאַכט, בעוואונדערט גאָטעס גערעכטען משפט אויף די מצרים, וואָס זיינען בעשטראָפט געוואָרען מדה כנגד מדה: זיי האָבען געטרונקען אידישע אונשולדיגע קינדער, און יעצט זיינען זיי זעלבסט דערטרונקען געוואָרען; דאָס פאָלק זעהט מיט זייגע אויגען גאָטעס האַנד, די גרויסע נסים. „אפילו אַנ'אונוויסענדע שקלאַפין האָט דאַן געזעהען און בעגריפען דאָס געטליכקייט מעהר ווי ישעיהו און יחזקאל" (מד. רבה, שמות).

---

משה שטעהט יעצט צוזאַמען מיט זיין פאָלק. אַלעמענס בליקען זיינען געווענדעט צו איהם, אַלע אַנערקענען איהם אַלס זייער גרויסען פיהרער, אַלס דער געטליכער מאַן, דער שליח פון גאָט. ער שטעהט און בעטראַכט דעם שוין אָבגעגאַנגענעם וועג. דאָס ערסטע העלפט פון זיינע גרויסע שטרעבונגען זיינען אַם-ענדע עררייכט. זיינע גרויסע און שווערע טהאַטען זיינען געקרוינט מיט ערפאָלג. זיין אונטערדריקטעס און פערשקלאַפטעס פאָלק שטעהט שוין יעצט מיט איהם אַ בעפרייטער אויף דעם אַנדערן זייט ים, וועלכער צוימט אָב צווישען דאָס קנעכטען-לאַנד, מצרים און דעם וועג צו זייער געווינשטען פאַטער־לאַנד. נור אַ פאָר וואָכען רייזע און זיי זיינען ביי זיך אין דער היים, אַלס אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק אין אַ אייגען לאַנד. די פערברעכערישע מצרים, זייערע פאָריגע הערשער און פייניגער, ליעגען יעצט דערטרונקענע אין דער טיעפענים אָדער אויפ'ן ברעג ים און קאָנען זיי שוין גאָר ניט טאָהן. משה און די בני ישראל ווערען פול מיט געטליכע בעגייסטערונג פון דעם גרויסען נס, וואָס שטעהט פיר זייערע אויגען און זיי זינגען שירה. די אידישע פרויען, וועלכע האָבען אַזוי פיעל מיטגעליטען פון די מצרים און אַזוי פיעל מיטגעהאָלפען צו דאָס אויפהאַלטונג פונ'ם אידישען פאָלק, געהען אַרויס מיט פויקען און טענץ, מוזיק און געזאַנג און מיט־זינגען מיט די מענער שירה. און די גאַנצע וועלט זינגט־מיט מיט זיי; די ברויזענדע וועלען פון ים, דער פרייער ווינד און די שטאָלצע פעלזען פון דער וויסטע, די בערג און טהאָלען, די הימלען מיט זייערע וועלטען, די מלאכים מיט זייערע הערשאַפטען, אַלעס, אַלעס פרעהט זיך און זינגט שירה.

---

## דאָס פאָלק און זיין וועג.

דער געזאַנג ווערט שטילער. די שירה הערט ביסלעכווייז אויף. די הייליגע בעגייסטערונג און בעוואונדערונג געהט פאָראיבער. דער וואָכענדיגער גייסט פאַנגט ווידער אָן צו בעהערשען די נשמות. מענשען זיינען בכלל ניט בעשאַפען צו אָנהאַלטען אימער אַ הייליגע שטימונג. פיעלע פון דאָס פאָלק האָבען זיך געוואָרפען צו אַראָבנעהמען די רייכע צירונג און בעפוצונגען פון

די טויטע מצרים, צו דאָס גאָלד און זילבער, — אַנ'עקעלהאַפטע אַרבייט אין אַלגעמיין, אָבער דאָך אַ גערעכטע. ווייל דיזע רייכטהימער האָבען דאָך אייגענטליך בעלאַנגט צו זיי, צו די אידען. זיי האָבען מיט זייער שוויס און בלוט געשאַפען די מצרים'שע רייכטהימער.

משה שטעהט נאָך אַלס פערטיעפט אין זיין געטליכער בעגייסטערונג און ערהאַבענע געדאַנקען. זיינע ליפען בעוועגען זיך נאָך מיט די הייליגע ווערטער פון דער ש י ר ה. זיינע אָהרען פערנעהמען נאָך די געטליכע קלאַנגען, וועלכע שוועבען אין דער לופט, אין דעם וועלט־רוים. אָבער דאָרט, אין דער לופט איבער'ן ים, איבער די טויטע מצרים, פיהלט ער עפּעס אַ מין טרויער, אַ פערשטיקטען הספד, אַ שטילען פּראָטעסט: מ ע ש י י ד י נ ט ב ע י ם ב י ם ו א ת ם א ו מ ר י ם ש י ר ה! מיינע בעשעפעניסען ווערען דערטרונקען אין ים און איהר זאָגט נאָך שירה! די מצרים האָבען בעקומען זייער גערעכטען משפט, זייער פערדיענטע שטראַפע, לויט זייערע מעשים. — אַזוי זאָגט די מ ד ת ה ד י ן. די שוואַכע און געפייניגטע אידען זיינען מיט רעכט אויסגעלעזט געוואָרען. — אַזוי זאָגט דער יושר. עס טאָרען קיינע שקלאַפען ניט זיין! אָבער ס ו ף כ ל ס ו ף זיינען זיי, די פערזינדיגטע, אויך מ ע ש י י ד י. — אַזוי טרויערט די מ ד ת ה ר ח מ י ם. די פערפאָלגער און פערברעכער זיינען דאָך אויך מענשען, נאָטעם בעשעפעניסען, וועמעס ליידען יעדער בעהאַרצטער מענש מוז פיהלען. צו וואָס דיזעם אַלעס? צו וואָס זאָלען גאָר זיין פערפאָלגער און פערפאָלגטע, אונטערדריקער און אונטערדריקטע, דערטרינקער און דערטרונקענע? וואָרום זאָלען מענשען ליידען פון מיטמענשען? וואָרום זאָלען מענשען טרינקען אַנדערע, אום נאַכהער זעלבסט דערטרונקען צו ווערען? די נאַטור צווינגט ניט דעם מענשען צו עסען דעם צווייטען. זי האָט איהם אַזאַ אינסטינקט ניט אַריינגעגעבען. גאָט האָט דעם מענשען בעשאַפען מיט גענוג פעהיגקייטס־מיטלען צו שאַפען זיינע אַלע בעדערפניסע אָהנע צו פערשקלאַפען דעם צווייטען. אָה, ניין! דאָס אַלעס מוז אויפהערען! דאָס מענשהייט מוז מענשליך ווערען! צו דיזען צוועק פיהרט ער דאָך יעצט זיין פאָלק פון מצרים. צו דיזען צוועק שאַפט ער יעצט אַ נייעם סאָרט מענשען, אַ נייער געזעלשאַפט. זיין פאָלק וועט ניט זיין אַזוי ווי דיזע מצרים. זיין פאָלק וועט זיין בעסער.

און משה'ס בליקען פאַלען מיט ליעבע אויף זיין פאָלק.

אָבער אין דיזען מאָמענט האָט ער דערפיהלט אין זיין האַרץ אַ שטאָך, ווי פון אַ שאַרפען שפּיז. דאָס נור וואָס בעגייסטערטעם און הייליג־שטימונגס פאָלק איז יעצט ניט צו דערקענען. דער גרויסער טהייל זיינער איז אין גרויס אונאָרדנונג צושפּרייט אויף די אונבעוועגליכע טויטע מצרים. זייערע אויגען ברענען מיט אַ פרעמדען, געלט־דאָרשטיגען פייער צו די מצרים'שע גאָלד און זייערע הענד בעוועגען זיך שנעל צו זאַמלען די רייכטהימע. דאָס הייליגע שטימונג איז פערשוואונדען. דאָס געווינשטעם לאַנד, די גרויסע צוקונפט איז פערגעסען איבער דעם געגענוואַרטס־מאָמענט, איבער אַ ביסעל געלט. און משה פיהלט ווידער אין דער הויך, איבער זייערע קעפּ, דעם הייליגען פּראָטעסט, דעם קטרוג פון מ ד ת ־ ה ד י ן: ה ל ל ו ע ו ב ד י ע ב ו ד ה ז ר ה, ו ה ל ל ו ע ו ב ד י ע ב ו " ז. די יעצטיגע אידען זיינען די זעלבע געטצענדיענער ווי די מצרים, ווי די איבריגע פעלקער, מיט די זעלבע בעגריעפע און זיטען, וואָס זיינען אין יעדען מאָמענט פעהיג צו פערשקלאַפען און פערשקלאַפט צו ווערען, צו אונטערדריקען און אונטערדריקט צו ווערען, וואָס זיינען נאָך ניט אימשטאַנד צו אונטערשיידען צווישען אַבסאָלוטע גערעכטיגקייט און רעכט פון דעם שטאַרקען, זיינען ניט פעהיג צו שטעהן פיר זייערע אייגענע רעכטע, צו פערשטעהן, אַז עס איז קיין שאַנדע, אַז מען ברויך צו פאָדערען גערעכטיגקייט אויף פיר זיך; זיי ווייסען ניט דעם אונטערשיעד פון זיך ביז אַנדערע, פערשטעהען ניט זייער אייגענער ווירדע און זיינען פעהיג צו ווערען גלייך מיט יעדען ערסטען, צו פערשוואונדען ווערען, אונבעמערקט פיר זיך זעלבסט, אין אַלגעמיינעם

שטראָם פון שמוץ און אַבשייליכקייט, אבי ניט צו שטעלען זיך אין אָפענעם קאַמפּף. ווארום זאָלען די דערטרונקען ווערען איבער די ? און דער וואָרעם פון צווייפעל האָט אויף איין מאָמענט ווידער אַנגעפאַנגען צו עסען זיין הארץ. איז דאָס ווירקליך דאָס פאָלק, וועלכען ער זעהט אין זיין פאַנטאַזיע ? איז דאָס ווירקליך דער מאַטעריאַל, פון וועלכען די גרויסע ליכטיגע זון דאַרף געבויט ווערען ? יא ! דאָס איז געווים דאָס וואונדער־פאָלק, דער ע ם ה נ ב ח ר, אָבער ניט יעצט, ניט דיזער דור ; דאָס איז דער ווירקליכער מאַטעריאַל, אָבער נור פיר דער צוקונפט. עס ליעגען אין איהם בעהאַלטען די גוטע קערענדליך פון די ווערטהפאָלע אייגענשאַפטען, אָבער זיי מוזען פריהער איבערגעפלאַנצט ווערען אויף זייער נאַטירליכען באָדען, בעאַרבייטעט ווערען, ארויסשפּראָצען און אויפבליהען... אָבער יעצט?...

אַך, ווי משה וואָלט וועלען פיהרען דאָס פאָלק שוין, גלייך, מיט'ן קירצעסטען וועג און מיט דער גרעסטער שנעלקייט אין א ר ץ י ש ר א ל ! ווי אַזוי גליקליך ער וואָלט זיך געפיהלט צו זעהען זיי באלד בערוהיגט, איינגעאָרדענט, זעלבסטשטענדיג און גליקליך אין זייער אייגענעם לאַנד. ווי אַזוי עס דאַרשט זיין זעלע זעלבסט צו ברענגען זיי אין דעם וואונדער־לאַנד פון די גרויסע אבות !

אָבער איז דאָס שוין מעגליך? איז דאָס פאָלק, דיזער דור, פעהיג און פאַרבערייטעט דאצו ? וועט ער געהן מיט דעם קורצען, אָבער געוואָגטען וועג ?

אָה, ליידער, איז דאָס א גרויסער צווייפעל ?

דאָס פאָלק האָט יעצט געמוזט ארויסגענומען ווערען פון דעם פערדערבליכען מצרים'שען באָדען, אום עס זאָל אין גאַנצען ניט צופוילט ווערען; אָבער האָט ער אין זיך געגוג קרעפטען צו מאַכען דעם צווייטען שריט, צו בעערבען זיך אין זיין לאַנד ?

אויף דעם קורצען און גלייכען וועג, וואָס פיהרט גלייך צו כנען וואַלגערען זיך די ביינער פון די הונדערט־טויזענד ב נ י א פ ר י ם, וועלכע האָבען מיט דרייסיג יאָהר צוריק פערלאָזט דעם גלות און אַוועק נאָך ארץ־ישראל. דאָס זיינען געווען משה'ס ערסטע תלמידים, די פרוכט פון זיין ערכטער אגיטאַציע. דאָס גאַנצע פאָלק האָט דאַן משה'ן ניט פערשטאַנען און האָט זיך ניט אויפגעהויבען צו פערלאָזען דעם גלות. די בני אפרים האָבען קיין געדולד געהאַט צו וואַרטען אויף דאָס גאַנצע פאָלק, זענען אליין אַוועק און אלס וואָהרע העלדען געפאַלען אין די שרעקליכע שלאַכטען מיט די אונצעהליגע פעלקער פון כנען, נאָך איידער זיי האָבען זייער ציעל ערדייכט. יעצט האָבען די ביינער פון דיזע גוטע אידישע העלדען־קינדער געקענט דיענען אלס שרעקענס־בילד פיר די פייגלישע שקלאַפען און דערזעהנדיג די מ ל ח מ ו ת וואָס דיזע פיאָנערען האָבען בעגעגענט אויף זייער גלייכען וועג, וואָלט דאָס פאָלק פילייכט זיך אומגעקעהרט אין מצרים 2). זיין אויספיהרען זיך נור וואָס ביים ים האָט דאָס דייטליך געצייגט.

דאָס פאָלק יעצט מיט זיינע קנעכטישע געפיהלען, פייגהייט און אונפעהיגקייט צו ברענגען אָפּפער פיר זיין אייגענער צוקונפט און גליק, איז נאָך ניט רייף געגוג צו ווערען זעלבסטשטענדיג און פיהרען איין אייגענארטיגען לעבען. ער איז געוואָהנט צו ארבייטען אונטערן פרעמדענס בייטש פיר פרעמדע. ער קען בויען פיתום און רעמסס פיר פרעמדע אָבער ניט פיר

2) דאָס איז די שטראָפע פון א פאָלק, וואָס פאָלגט ניט זיינע מ ש ה ' ס און איז ניט פערייניגט אין זיינע רעטונגס־ארבייטען. אויף דעם פלאַץ, וואָס עס וואַלגערען זיך די ביינער פון זיינע העלדישע פיאָנערען־קינדער, וואַלגערען זיך נאכהער זיינע אייגענע ביינער. ווער ווייס? איך בין נוטה צו דענקען, דאָס די גאולת מצרים האָט געקענט זיין מיט משה'ס ערסטען קומען, ווען דאָס פאָלק וואָלט דאַן פערשטאַנען. זאָנסט וואָלטען זיי פערשפּאָרט היפש צעהנדליגע יאָהרען שקלאַפעריי, וואָלטען ניט פערלאָרען אזא וויכטיגע טהייל ווי די בני־אפרים און וואָלטען זיך ניט געוואַלגערט פיערציג יאָהר אין מדבר און ניט אויסגעשטאָרבען דאָרט...

זיך ; ער קען האָבען סאָלדאַטען פיר אלע פעלקער, ער קען איינגעהמען גאַנצע מדינות פיר פרעה׳ן. אָבער ווען פרעה קומט איהם שלאָגען, צוריק־קעהרען צו שקלאַפעריי, האָט ער פיר זיך קיין איינציגען זעלנער, קיין ביסעל מוטה צו שטעלען זיך געגען, צו בעשיטצען זיך, נור ער קריגט זיך מיט זיינע פיהרער און שרייט צו גאָט פיר א נס... ער האָט קיין מוטה און ענערגיע צו געהן מיט דעם וועג פון אלע מענשען, מיט דער נאַטור און קיין געדולד און בטחון צו געהן מיט דעם געטליכען וועג, צו דערוואַרטען זיך דעם נס...

דאָס פאָלק איז נאָך יעצט אונרייפיג פיר זיין ערהאבענער ראָלע. זיין נשמה איז נאָך בעהאַלטען אונטער א שווערען בארג פון הונדערטע יאָהרען שקלאַפעריי, פערגרעבטהייט און ווילדקייט. זיין פהיזיאָגנאָמיע איז נאָך ניט געפאָרמירט, אונבעשטימט. זיינע בעגריפע און אנשויאונגען זיינען נאָך די זעלבע, וואָס פון זיינע הערשער, די מצרים. די אידעאַלען פון די אבות זיינען ביי איהם ניט פעסט, איז נאָך לייכטזיניג, ניט בעשטענדיג, איז פעהיג יעדע מינוט זיך צו וואַרפען אין יעדען זייט, וואָהין דער ווינד בלאָזט, וואו עס איז גרינגער, לייכטער און פאָדערט קיינע אנשטרענגונג. ברענגען איהם יעצט נאָך כנען, וואָלט געמיינט : אריינוואַרפען נאָך א שפאַן אין דעם פלאַקער פון געטצענדינעריי און בארבאַריזמוס, וועלכע פערצעהרען די פעל־קער פון כנען און דאָס גאַנצע מענשהייט. דאָס וואָלט געהייסען : אריינ־וואַרפען דאָס אידישע פאָלק אין זומפּ פון שמוץ, וואו ער זאָל צופוילט ווערען צוזאַמען מיט די איבריגע פעלקער.

ניין ! דאָס פאָלק מוז בעפאָר איבערערצויגען ווערען, אָבגעוואָהנט ווע־רען פון זיינע גלות־געוואָנהייטען, געלייטערט און פערהאַרטעוועט ווערען דורך פּראָבעס און נסיונות, בעניייעט אין ענטוויקעלט ווערען. מען מוז אין איהם בעשאַפען א נייע נשמה, אריינבלאָזען א פעסטען גייסט, געבען איהם א קולטור, פעסט געשטעלטע געזעצע, לעבענס־רעגולאַטיוען, וועלכע זאָלען בעצייכענען זיין לעבענס־וועג, בעשטימען זיין כאַראַקטער און פהיזיאָגנאָמיע און מאַכען איהם לעבענס־פעהיג.

דאָס פאָלק מוז ניט בלויז א זעלבסשטענדיגעס נאַציאָן ווערען, נור, די הויבט־זאַכע, א אידישעס נאַציאָן ווערען. ער מוז אנערקענען זיין גאָט, זיין תורה, זיין קולטור איידער ער וועט אריינקומען אין זיין לאנד. ער מוז אַלזאָ אויסארבייטען אין זיך א שטאַרקעס זעלבסטבעוואוסטזיניגקייט, א הויכען, אונפעהלבארען אונענדערונגס־פעהיגען אידעאַל, א פעסטען גלויבען און בטחון ; בטחון אין זיין אידעאַל, בטחון אין זיין גאָט, וועלכער זאָל פעראייניגען אלע זיינע שטרעבונגען און קרעפטען און פיר וועלכען ער זאָל פעראַכטען יעדעס געפאַהר און לעבענס־בעקוועמליכקייטען.

און פונקט ווי דאָס פאָלק האָט אויף זיין אייגענעם רוקען דורכגעמאַכט די ערפאַהרונג פון שקלאַפעריי און גלות, אום צו קענען שעטצען דאָס פריי־הייט און זעלבסטשטענדיגקייט, אזוי דאַרף ער זעלבסט דורכמאַכען און אי־בערלעבען די פאָלגע פון גוטע געזעצע און פון ניט געהאַרכען דיזע געזעצע, פון מאָראַלישען און אונמאָראַלישען אויפפיהרונג.

משה ווייס, וואָס פיר א שווערע און פעראַנטוואָרטליכע ארבייט די השגחה האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט. ער ווייס, דאָס עס איז לייכטער צו בעפרייען א פאָלק פון שקלאַפעריי, איידער צו פערניכטען אין איהם דעם גלות גייסט, דאָס עס איז גרינגער פיר א גאַנצעס פאָלק צו פערלאַזען דעם גלות אין איין נאַכט, איידער צו איבערבילדען איהם און ענדערען אין א ציוויליזירטען, פרייען פאָלק. ער ווייס, ווי שווער עס איז צו פיהרען א פאָלק, וואָס איז געוואָהנט צו פערדעכטיגען און קריטיקירען, אין דער מאָנ־נעלהאַפטער וויסטע. ער פיהלט אויף דעם גרויסען רחמנות, פיליכט אונ־רעכט, צו פערלענגערען די צרות פון פאָלק, וואָס האָט נעביך זאָ פיעל געלי־טען, זיך קוים דערוואַרט זיין בעפרייאונג און קען יעצט ניט קומען גלייך צו זיין רוהע און גליק, צו זיין היים־געוווינשטען היים. ער ווייס דאָס און פיהלט דאָס אלעס.

אָבער די שוועריגקייטען האַלטען איהם ניט אָב. זיין איך האָט ער שוין לאַנג אָבגעגעבען צו זיין גאָט און פאָלק. און די אבסאָלוטע גערעכטיגקייט און

נאָטהווענדיגקייט פאָדערען, אז דאָס פאָלק זאָל ניט פערבלייבען אין מדבר 3).
„ולא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים... ויסב את העם דרך המדבר״.
און ער האָט אָבגעקעהרט דעם פאָלק פון דעם קורצען פלשתים־וועג צום מדבר.

* * *

## דאָס פאָלק זוכט גאָט.

היש ד׳ בקרבנו (שמות י״ז).

מיט שוועריגקייטען האָט משה אָבגעריסען דאָס פאָלק פון זיין געוועהנטער, אָבער ניט גאָר ריינער ארבייט, פון ארומקלייבען די טויטע מצרים און ניט אָהן מיהע האָט ער זיי געמאכט פאָרזעטצען זייער רייזע פאָרווערטס אין דעם מדבר. דאָס פאָלק געהאָרכט דאָך משה׳ן, בלינד פאָלגט ער נאָך זיין פיהרער, ניט וויסענדיג דעם וועג, מיט וועלכען ער ווערט געפיהרט צו זיין ציעל, ניט האָבענדיג קיין בעגריעף וועגען דער צייט, וואָס ער וועט דאַרפען פערבלייבען אין דעם גרויזאמען מדבר און די מיטלען מיט וועלכער אזא צאָהלרייכעס פאָלק וועט זיך ערנעהרען אין אזא פלאץ. דאָס פאָלק גלויבט און געהט דאָך מיט בעגייסטערונג.

„זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולותיך, לכתך אחרי במדבר״. (ירמיהו ג.) איך ערינער דיין גנאדע צו נאָכפאָלגען מיך אין דער וויסטע.

דאָס פאָלק קומט אריין טיעפער אין מדבר. די גרויסע ענדערונג פון ישוב ביז מדבר, דאָס גרויזאמע הייליגקייט און וויסטקייט פון דער נאטור מאכען אויף איהם דעם אונפערמיידליכען שווערען איינדרוק. דאָס פאָלק דערפיהלט זיך עלענד, הילפלאָז. די פערספעקטיווע איז גאָר ניט קיין פרעהליכע און עס שיינט צו זיין אונמעגליך צו דורכגעהן די גאנצע וויסטע מיט׳ן בלויז מענשליך־נאטירליכען וועג. די נייע שווערע איינדריקע פערטרייבען, זווישען אָב די נור וואָס איבערגעלעבטע הייליגע איינדריקע פון די גרויסע וואונדער. דער שרעק פיר דאָס אונבעשטימטהייט פון דער געגענווארט און צוקונפט ערוועקען אין איהם געפיהלען פון אונצופריעדענהייט און צווייפעל, סקעפטיציזם און קריטיק. זענענדיג אונטערדריקט אין מצרים, האָבען זיך אין זיי ענטוויקעלט אייגענשאפטען פון אונצוטרויליכקייט, פערדעכטליכקייט, געוואָהנהייט צו פערשטיקען אין זיך און ניט אַרויסווייזען דעם געפיהל פון פראָטעסט, צו פיהלען זיך גערעכט און ניט גלויבען אין גערעכטיגקייט. אין דער פרייער וויסטע האָבען דיזע אייגענשאפטען אָנגעפאנגען צו אַרויסווייזען זיך, ווערען אקטיוו. זיי זיינען יעצט געווען אין דער מדרגה פון אונוויסענדע, ניט ענטוויקעלטע יונגע מענשען פון א פערוואָרפענעם ווינקעל, צו וועלכע עס האָט פלוצלונג זיך אריינגעריסען א שטראַהל פון ציוויליזאציאָן און זיי געמאכט אויפגעקלעהרט. דאַן פערלירענדיג זייער גלויבען אין אַלעם וואָס זיי האָבען בעפאַר געגלויבט, פערהאַלטען זיי זיך סקעפטיש צו אַלעם, וואָס זיי זעהען מיט זייערע אייגענע אויגען. זיי ווילען אלעם פערשטעהן, וויסען, פּרובירען און זיי דענקען, דאָס יעדער טראָט אויף זייער נייעם וועג מוז זיי פערשאפען זייערע פאנטאסטיש־פאַרגעשטעלטע צופרידענהייט און פערגניגען.

דער דור המדבר איז געווען א ד ו ר ד ע ה (מד. שמ.), א דור פון גרויסע פעהיגקייטען, וואָס האָט אלעם געזוכט צו לערנען און וויסען, אַלעם

---

3) מיט איינינע יאָהר צוריק, ווען א ח ד ה ע ם האָט פיר א גרויסען פערזאמלונג אין אדעס, פאַרגעלעזען זיין כ ה ן ו נ ב י א, וואו ער האָט אויסגעדרונגען, אַז דאָס אידישע פאָלק מוז דאָס ערשטע זאך קולטואווירט ווערען, האָב איך איהם נאכהער געפרעגט: אָבער משה האָט דאָך דאָס פאָלק קולטואווירט ניט אין מצרים, זאָנדערען אין מדבר, און וואו האָבען מיר יעצט א מדבר? איך האָב דאַן ניט געהאט דאס עהרע צו בעקומען פון איהם א דירעקטען ענטפער. אָבער דער תירוץ איז איינפאַך. אין גלות קענען מיר טאקי יעצט אויך ניט קולטאווירט ווערען פאָלקאָם, אָבער קיין מדבר ברויכען מיר ניט. פאלעסטינא איז יעצט ניט אזוי בעפעלקערט מיט פערדאָרבענע פעלקער ווי דאמאָלס און מיר קענען אָהנע פורכט פיר אונזער קולטור זיך אריבערפעקלען אהין בנערינו ובזקנינו.

געפּאָרשט. אָבער צוזאַמען מיט דעם איז ער געווען אַ דור פון אונגלויבער (דאָרט) און אַפּיקורסים (ספרי), אַ דור פון גרויסע קריטיקער, צווייפלער און סקעפּטיקער. אין מצרים האָבען זיי קיין צייט און פּאַרטגעלעגטקייט געהאַט צו אָבגעבען זיך מיט רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און גייסטיגע פאָרשונגען און נאָכדענקונגען. זיי האָבען זיך געהאַלטען ביי דאָס ביסעל, מאַנכעס מאָל ניט גענוג קלאָהרע, טראַדיציאָנען וועגען זייער אָבשטאַמונג, גאָטהייט און זייער צוקונפט. די עגיפּטער־קולטור האָט אויף זיי שטאַרק געווירקט, זייער נשמה איז געווען אָנגעזאַפּט מיט איהר. ווען זיי האָבען דירעקט ניט געדיענט די עגיפּטישע געטער, אָבער אינדירעקט זענען זייערע הערצער געווען דורכגעווייקט מיט די געטצענדיענערישע בעגריעפע און אידעען. דערזעהענדיג מיט איין מאָל די עגיפּטישע געטער צובראָכען, די גרויסע ציוויליזאַציאָן, אין וועלכע זיי האָבען פריהער געזעהן אַלעס, צישמעטערט, פערלירענדיג דעם גלויבען אין די מאַכט און וואונדערס, וואָס זיי זיינען געווען געוואָהנט צו זעהן ביי די מעכטיגע און געבילדעטע און זעלבסט נאָך ניט האָבענדיג קיין אייגענע, פעסטגעשטעלטע ציוויליזאַציאָן, האָבען זיי געצווייפעלט אין אַלעס, וואָס זיי האָבען געזעהען ביי זיך. זיי האָבען נאָך אויך יעצט אַלעס געמאָסטען מיט דעם מצרים'שען מאַסשטאַב.

נאָך אין מצרים האָט משה זיי געצייגט געטליכע וואונדער, וועלכע מען קען מיט איינפאַכען פערשטאַנד ניט ערקלעהרען. אָבער מאַנכע פון דיעזע וואונדער האָבען אויך די מאַגיקער, די חרטומים געמאַכט. דאָס האָט פאַר זיי אַ טיהר פון צווייפעל געעפענט. „ווער ווייס, פיעלייכט איז משה, וועלכער האָט זיך טאַקי זעלבסט ערצויגען צווישען יענע מענשען, ניט מעהר אַלס אַ גרעסערער מאַגיקער". אמת, די אַנדערע וואונדער, בעזונדערס ביים ים, האָבען זיי שוין מיט קיינע נאַטירליכע מעטהאָדען ערקלעהרען ניט געקענט, עס איז געווען אונמעגליך צו צווייפלען אין זייער געטליכקייט. צו שטאַרק בולט און קלאָהר האָט זיך דאָרט דאָס געטליכע האַנד געזעהן. דאָרט האָבען זיי שוין ווירקליך דערזעהן דעם גאָט פון זייערע עלטערן, דעם גאָט פון גערעכטיגקייט, וואָס בעשטראַפט מדה כנגד מדה, דעם אַלמעכטיגען בעל הבית איבער דער נאַטור דעם אַלהערשער פון דער וועלט. אָבער וועלכע וואונדער דער מענש זאָל ניט זעהן, ווען זאָגאַר גאָט זעלבסט זאָל זיך צו איהם בעווייזען, וועט ער אַלעס קענען ענטפערען: דאָס איז נאַטור. וויל לעבענדיג אין דער נאַטור, קען דער מענש ניט אַרויסרוקען זיין בליק פון די ווענד פון דער נאַטור און זעהן וואָס עס איז אויף יענער זייט, דעם היילען נס. אַלע וואונדער און ניסים זיינען אַלזאָ אין די גרענעצין פון דער נאַטור. און זוכען, בעגרייפען דאָס געטליכקייט, ברויך מען ניט בלויז אין די אָפענע נסים, נור פיעל מעהר אין די גייסטיגע וועלטען, אין די וועגען מיט וועלכע דאָס מענשען־וועלט ווערט געפיהרט, אין די מ ד ו ת ש ל ה ק " ב ה ו. און אין דעם האָט דער דור־המדבר געוואָלט אַריינדרינגען. נייע פראַגען און צווייפלען זיינען פיר איהם דאַן אַרויסגעשוואומען. ביזהער האָבען זיי געהאַט אַ בעגריעף, דאָס די געטער לעבען פיר זיך און מישען זיך ניט אין די מאָראַלישע אַנגעלעגענהייטען פון מענשען. די געטער קלייבען זיך אויס אָדער ווערען אויסגעקליבען פון פעלקער, וועלכע זאָלען זיי דיענען, געבען כבוד און קרבנות, פיר וועלכע זיי ברויכען אָבטהאָן טובות זייערע דיענער. זייער גאָט האָט זיי אויך אויסערוועהלט פיר זיין פאָלק. אָבער ביזהער, אין פערלויף פון הונדערטע יאָהרען, ווען זיי זיינען גענצליך געווען אין די הענד פון ערגערע, זינדיגערע, נור שטאַרקערע פון זיי, האָט ער זיך וואָהרשיינליך גאָר ניט געקימערט וועגען זיי, זאָ דאָס זיי האָבען געמעגט גלויבען, דאָס דער גאָט פון זייערע עלטערן איז אַ מיטה, אָדער ער קימערט זיך ניט וועגען דער וועלט, וועגען זיין פאָלק, אָדער די מצרים'שע געטער זיינען שטאַרקער... יעצט ווייסען זיי שוין אַז גאָט איז דאָ. אָבער וואָרום האָט ער זיי אַזוי לאַנג געלאָזט ליידען און פערדאַרבען ווערען וואָס בעשטרעבט ער יעצט מיט זיין ערלעזען זיי? וואָס זיינען זיינע מדות, וועגען, מעטהאָדען, רצון און די הויפּטזאַך: ה י ש א ל ק י ם ב ק ר ב נ ו א ם א י ן ? איז דער גאָט וועלכער שטעלט פאַר מיט זיך אַזאַ טיעפע

געהיימנים, אַזאַ סוד, וועמעס האַנד איז אימער זאַ פערהילען, וועמעס בליק און אַנוועזענהייט איז זאַ אונפיהלבאַר — איז ער ווירקליך צווישען אונז, אין אונז, מיט אונז?

דער ד ו ר ד ע ה וויל דאָס אַלעס וויסען, אַלעס פערשטעהן, עקס־פערימענטירען און ערפאַהרען. ער וויל קענען דעם גאָט, וואָס האָט איהם בעפרייט פון שקלאַפעריי, פון כור־הברזל. ער וויל וויסען דעם גאָט צו וועלכען ער ווערט יעצט פער'קנס'ט אַלס פאָלק. ער וויל האָבען נסיון'ס, פּרובירען גאָט. ער ווייס אָבער לײדער ניט, אַז פּרובירענדיג גאָט שטעלט ער זיך זעלבסט צור פּראָבע, אַז די נסיונות זיינען צווייזייטיג און ער זעלבסט מוז זיי צוערשט בײשטעהן, אַז בעפאָר ער געהט פּרובירען גאָט, מוז ער זיך בעשליסען צו פאָלגען גאָט...

*   *   *

## מ ר ה.

מאַנגעל און נויט זיינען די פּראָבע־שטיינער פון דעם מענשען. מאַנגעל און נויטה זיינען די נאַטירליכע סטימולען, וועלכע, אין זעלבסטשטענדיגע, כאַראַקטערפולע מענשען, ערוועקען דעם וואונש צו בעזייטיגען דעם מאַנגעל, צו אויספיהלען דאָס פעהלענדעס דורך טהעטיגקייט און אַרבייט. מאַנגעל און נויטה זיינען אָבער אויף יענע פאַלשע קינסטלער, וועלכע מאָהלען אין דער פאַנטאַזיע פון שקלאַפישע נשמות ניט געשטויגענע וועלטען, ניט עק־זיסטירענדע גן־עדן'ס און פערשלעפּערען נאָך מעהר זייערע קליינע אַקטיווע פעהיגקייטען. מאַנגעל און נויטה בעשאַפען אין געזונדע מענשען מוטה און ענערגיע. אָבער ביי קראַנקע נשמות נעהמען זיי אַוועק דאָס לעצטע ביסעל מוטה. מאַנגעל און נויטה פיהרט אַ געזונדען, נאָרמאַלען פאָלק צו אינערליכען און ערנסטען פעראייניגונג פון די פערשיעדענע פאָלקס־טהיילען, צו פעראייניגטע נאַציאָנאַלע טהעטיגקייט, צו גוטע געזאַמטע בעציהונגען, צו שלום און אחדות, און דאַדורך צו גליק און אַ הויכע שטופע פון ענט־וויקלונג. די זעלבע פיהרען אַן אוננאָרמאַלעס פאָלק צו פריהצייטיגע פערצווייפלונג, צו אונצופרידענהייט מיט זיך זעלבסט, צו צאַנקעריי, צער־שפּליטערונג און זעלבסטאויפּערעססונג. מאַנגעל און נויטה זיינען די סטי־מולאַנטען, וואָס וועקען דעם גייסט, בעוועגען דעם מאַרך, שאַפען טהעאָריעס, ברענגען רעזולטאַטען און מאַכען קלאָהר די הימלען פון מענשליכען גייסט. מאַנגעל און נויטה זיינען אַ פּאָר פון די נאַטור'ס גרויסע לעהרערס פון דער מענשהייט און זיי זענען אויך געווען די צוויי גוטע בעהעלפערס, וועלכע האָבען געגעבען דעם דור המדבר גוטע לעקציאָנען, וואָס קענען צו נוטצען דיענען נאָך הייגט.

דער וואָס ווייס ניט פון מאַנגעל און נויטה, פיהלט ניט די לײדען, וואָס זיי פערשאַפען, אָבער אויך ניט דעם גליק, ווען זיי ווערען אָבגעשאַפט; ער האָט ניט דעם געפיהל צו בעטען גאָט און פערשטעהט ניט צו דאַנקען גאָט. דער וואָס ווייס ניט דאָס אונגליק, פיהלט ניט אויף דעם גליק פון גליק. דער אָרימאַן וואָס ווערט רייך, דער קראַנקער וואָס ווערט געזונד, דער פערבלאָנדזעטער, וואָס געפינט זיין וועג — זיי פיהלען דעם נס וואָס האָט זיי געשעהן. אָבער דער געבאָרענער רייכער מיינט אַז עס מוז אַזוי זיין, אַז דאָס קומט איהם. דער וואָס האָט קיין מאָל געבלאָנדזעט, האָט זיין וועג ניט געפונען, — ער בלאָנדזעט אימער. דער וואָס איז אין אַ צרה ניט געווען האָט קיין נסים ניט געזעהן. דער וואָס האָט גאָטעס שטראָפע ניט געטראָגען, האָט זיין שעפער לערנען ניט געקענט. די גאַנצע נאַטור איז אַ נס. דעם מענשען'ס לעבען איז אַ נס. דער מענש לעבט אין דעם נס און דעריבער פיהלט ער איהם ניט. נור ווען אין אוננאָרמאַלען צושטאַנד, אין דער צייט פון צערשטערונג, פון אונגעוועהנליכע עראייגניסע, ווען ער פאַלט אַרויס פון זיין געוועהנליכער קאָלעע, דאַן דערפיהלט דער מענש דעם נס. דורך דאָס אוננאָרמאַלעס בעגרייפט ער דאָס נאָרמאַלעס. מאַנגעל און נויטה, אונגליק און גליק, צופרידענהייט און אונצופרידענהייט — דאָס זענען די פאַקטאָרען, וואָס רופען אַרויס פון דעם מענשען'ס נשמה זיינע אינערליכע פערבאָרגענע קרעפטען און אייגענשאַפטען; זיי זענען די פּרואָוו־

מיטלען, דורך וועלכע מען דערקאָנט איהם, דעם מענשען, און ער דערקאָנט זיך זעלבסט און קען דאַן פערשטעהן ווי אזוי זיך צו בעסערן.

און דעריבער זעהען מיר, דאָס די נסים אין דער מדבר זענען אימער געקומען נור אין דעם מאָמענט פון העכסטער נויטה, ווען דאָס פאָלק האָט שוין געהאַט דערשפירט דעם מאַנגעל, כדי צו מאַכען דאָס פאָלק אויפמערק־זאַם, ער זאָל בעמערקען דעם נס, ער זאָל איהם ניט פערבייגעהן אלס אַ נאַטירליכע זאַך און אום ער זאָל בעקומען דעם לעקציאָן, די גוטע לעהרע און די אנצייגונג וועגען זיין פעהלער וואָס ער האָט געמאַכט, וועגען דעם נסיון, וואָס ער איז ניט בייגעשטאַנען, וועגען זיין צווייפלען און פערצווייפלען, זיין שוואַכען בטחון א. ז. וו.

און אזא מין נסיון־נס קומט פאַר דעם פאָלק אויף זיין ערסטער סטאַ־ציאָן אין מדבר.

דאָס פאָלק געהט דריי טעג אין דער וויסטע און געפינט קיין וואַסער. ער קומט קיין מרה. דאָרט געפינען זיך מינעראַלע קוואַלען. די וואַסער איז ביטער, מען קען עס ניט טרינקען. דאָס פאָלק מורמעלט און האָט טענות צו משה'ן, ווארום ער פיהרט זיי דורך אַזעלכע געגענדען, וואו די וואַסער איז ענליך צו די וואַסער פון ניל אין דער צייט, ווען עס איז געוואָרען בלוט, פון וועלכעם אַזוי פיעל מצרים זענען דאַן קראַנק געוואָרען; ווארום משה'ן האָרט ניט פיר דעם געגענוואָרט פון פאָלק, פיר זיין געזונד. דאָס פאָלק וויל ניט געהן ווייטער אום צו זוכען וואַסער, עס זוכט ניט צו אויסבע־סערען די וואַסער מיט נאַטירליכע מיטעל. נור זיי פאָדערען: „וואָס וועלען מיר טרינקען?" זיי פאָדערען ניט בלויז פיר דיעזען מאָל, נור פיר זייער גאַנצער צוקונפטיגער רייזע אין דער וויסטע, זיי פאָדערען אַ גאַראַנטיע, זיי ווילען זעהן אַ נס, ניט בלויז ווייל זיי זיינען יעצט אין נויטה, נור אויך אום צו זעהען די מאַכט, די מעגליכקייטען פון דעם אַלמעכטיגען, און אין דער זעלבער צייט ווילען זיי אויף נסים זיך דאָך ניט פערלאָזען.... משה ווערט אָנגעוויזען אויף אַ האָלץ, וועלכע ער וואַרפט אריין אין וואַסער און דאָס וואַסער ווערט זיס. דער נס האָט געשעהן. דאָס פאָלק האָט בעקומען אַ פילפאַכע לעקציאָן: ער וואָלט געקענט דאָס זעלבע עררייכען ווען ער וואָלט געגאַנגען ביז דער לעצטער מעגליכקייט מיט'ן נאַטירליכען וועג, דען די נאָהענטסטע סטאַציאָן (אלים) איז געווען אַ גוטער אָאַזיס מיט צוועלף קוואַלען גוטע וואַסער און אַ וועלדעל פון פרוכט בוימער; עס האָט געקענט געשעהן דער זעלבער נס, די וואַסער וואָלט זיס געוואָרען ווען דאָס פאָלק וואָלט ניט געמורמעלט, ניט ארויסגעצייגט זיין אונגעדולד און כאַראַקטערלאָזיגקייט. ער איז דעם נסיון ניט בייגעשטאַנען.

דאָרט, אין מרה, איז דאָס פאָלק דאָס ערסטע מאָל צו פראָבע גע־שטעלט געוואָרען; דאָרט האָט ער איהם דעם ערסטען לעקציאָן וועגען ח ק ו מ ש פ ט געגעבען און דאָרט האָט ער איהם ערקלערט: אז אויב דו וועסט געהאָרכען דיין גאָט און זיינע געבאָטען און וועסט טהאָן וואָס אין זיינע אויגען איז גוט, וועלע די קראַנקהייטען און אונגליקען, מיט וועלכע די מצרים זענען געפּלאַגט, אַלס אַ פאָלגע פון זייער פערדאָרבענער ציוויליזאַציאָן און זינדיגען אַרט לעבען, אויף דיר ניט קומען, דען איך גאָט בין דיין רופא". די געטליך־נאַטירליכע געזעצע פערהיטען דעם מענשען פון קראַנקהייטען און פלאָגע. ניט די וואַסער איז די אורזאַכע פון די מצרים'שע פלאָגע, — אויך ביטערע וואַסער קען זיס ווערען — נור זייער געצענדיענערישער אַרט לעבען, וועלכער שטימט ניט מיט די נאַטור געזעטצע, דאָס געזעלשאַפטליכע פוילונג, וואָס פערפעסטעט און פערביטערט זאָגאַר דאָס בעסטע וואַסער.

* * *

## דער מן און שבת.

דאָס פאָלק טרינקט די מיט האָלץ פערזיסטע וואַסער, בעוואונדערט דעם „מיט דער נאַטור־פערמאַסקירטען נס". אָבער זיין בעגייסטערונג און איי־בערצייגונג האַלטען אָן בלויז ביז אַ נייע פערצווייפלונג, אַ נייען געפאַהר. ־אָן הויבט ער אָן צו צווייפלען אין דעם נור וואָס פאָרגעקומענעם נס און

געפינט אַן אויסרייד צו פערקלענערען איהם. זאָ האָט דאָס יעצט אויך פּאַסירט. דער נס פון די וואסער איז פיר זיי געווען ניט גענוג איבערצייגענד, אום צו איינפלאַנצען אין זיי בטחון איין מאָל פיר אלע. ער איז פיר זיי ווי אין גאַנצען פערשוואונדען, ווען זיי האָבען זיך ערינערט אָן דער ברויט־פּראַגע. דאָס ברויט וואָס זיי האָבען מיטגענומען פון מצרים איז שוין אויסגעגאַנגען און זיי האָבען זיך דערשראָקען פיר הונגער. דער אַרגומענט, דאָס „דער גאָט וואָס האָט זיי נור וואָס בעוויזען צו געבען וואסער אין מדבר, קען זיי אויך ברויט געבען", האָט פיר זיי שוין יעצט ניט עקזיסטירט. „וואַסער — האָבען זייערע אויפגעקלעהרטע געטענה׳ט — קען מען נאָך אין מדבר געפינען. משה איז אַ גוטער געאָגראַפיסט, ער ווייס וואו עס ליגען אין דער וויסטע די אָאַזיסען מיט קוואַלען וואסער. אָבער ה ג ם ל ח ם י ו כ ל ת ת? זאָל ער בעווייזען צו געבען ברויט אין מדבר! מיט וואָס וועלען מיר זיך דאָ שפּייזען?" און אין זיין אויפרעגונג ערינערט זיך דאָס פאָלק אָן די טעפּ פלייש און צו זאַט ברויט, וואָס ער האָט געהאַט אין מצרים. די קלעפּ, די יסורים, די ערנידערונגען, די דערטרונקענע און פערפרעמדעטע קינדער, די פּאָגראָמען, די געשענדעטע פרויען און טעכטער, — דאָס אלעס פערגעסט ער, דאָס עקזיסטירט ניט פאר דעם בלויז אויסערליך בעפרייטען קנעכט. די הויפּט זאַכען ביי איהם איז: ביי דעם פריץ האָט ער געהאַט אַ פּאַרטיגען טאָפּ פלייש און גענוג ברויט, אויף וועלכען ער האָט זיין קאָפּ ניט געדאַרפט דרעהען; ער האָט קיין ד א ג ו ת ־ פ ר נ ס ה געהאַט: פרעה, מצרים האָבען איהם מיט ברויט פערזאָרגט. ביי דעם קנעכט איז דער מאָגען, די עקאָנאָמישע לאַגע, דער עיקר. איבער דער פראַגע: וואָס וועלען מיר דאָרטען טרינקען, וואָס וועלען מיר דאָרט עסען? איז ביי איהם רעכט צו וואַלגערען זיך אין שקלאַפען־זומפּ, אין מצרים און אלעם אריבערטראָגען. די זעלבסטשטענדיגע ארבייט, דאָס זאָרג פון זוכען, שאַפען פיר זיך דורך אייגענע זעלבסט־טהעטיגקייט שרעקען איהם אָב. און דאָס פאָלק קריגט זיך מיט משה׳ן: „אונז וואָלט געווען בעסער צו שטאַרבען רוהיג פון גאָטעס האַנד אין מצרים, האָבענדיג אלעס צו זאַט. וואָרום האָט איהר אונז ארויסגעצויגען פון מצרים צו טויטען אונז אין דיעזען מדבר מיט הונגער?"

דאָס פאָלק איז ניט ארויס פון מצרים איבער זיין ליעבע צו פרייהייט. דער פרייהייטס־געפיהל איז וואהרשיינליך געווען ביי איהם אזוי פערשימעלט, פערראָסטעט, דאָס ער האָט ביי איהם ניט געדיענט אלס אַ סטימול צו ארויסגעהן פון מצרים. ער איז ניט געווען גרייט און בעשלאָסען צו אריבערטראָגען הונגער און דאָרשט, אבי פריי צו זיין. דאָס פאָלק האָט אין מצרים געשריען צו גאָט ניט וועגען פרייהייט, נור וועגען זיינע שרעקליכע ליידען, וועגען פערגרינגערונג די לאַגע אין גלות. און ווען גאָט האָט געשיקט משה׳ן, האָט ער איהם געזאָגט: „געה, צ י ה ארויס מיין פאָלק פון מצרים". מען האָט זיי געמוזט א ר ו י ס צ י ה ע ן פון גלות. מען האָט זיי געמוזט זאָגען, אז עס גיבט קיין פערגרינגערונג, קיין רפואה צום גלות, נור צו פערלאָזען איהם פּאָלקאָם, צו ארויסגעהן פון מצרים. מען האָט זיי, אויסער פרייהט און זעלבסטשטענדיגקייט, געמוזט פערשפּרעכען אַן א ר ץ ז ב ת ח ל ב ו ד ב ש, גרינג אַ לעבען צו מאַכען.... און דעריבער זיינען זיי אימער אזוי אונגעדולדיג געווען און געוואָרפען די טובות אין פּנים.

משה זעהט זייער איינגעוואָרצעלטע קנעכטשאַפט. אָבער ער פערצווייפעלט ניט, ער האָט קיין פערדרוס אויף זיי. ער ווייס אַז אַנדערש האָט ניט געקענט זיין מיט אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי פיעל יאָהרען געלעגען אונטער דעם דעספּאָט׳ס האַמער און האָט קיין פרייהייטס־שטראַהל אין זיינע אויגען געזעהן. משה איז זיכער, אַז אַ נס וועט געשעהן, וואָס וועט געבען דעם פאָלק ניט נור ברויט נור אויך אַ גוטען לעקציאָן, וואָס וועט זיי עפענען די אויגען און אָברייניגען אַביסעל דעם שקלאַפען־שמוץ פון זייער האַרצען. און ווירקליך, אין דעם מאָמענט פון דעם פאָלקס העכסטע אונגעדולד און אויפרעגונג דערהערט משה גאָטעס ווערטער: „איך וועל אייך מאַכען רעגענען פון הימעל ברויט, אום צו פ ר ו ב י ר ע ן אייך, אויב איהר

וועט געהן אין מיינע וועגען, נאָך מיין ת ו ר ה אָדער ניט. און דיעזע תורה איז: דעם זעקסטען טאָג זאָלען זיי אָנגרייטען דאָבעל שפייז אויך פיר דעם זיבעטען".

און משה רופט דאָס פאָלק. און דאָס פאָלק קעהרט זיך דאן צו דער ו ו י ס ט ע און דערזעהט ד אָ ר ט די עהרע און גרויסקייט פון גאָט. און משה גיט זיי דאן איבער די געטליכע ווערטער אין דער ערהאבענעם לעקציאָן:

„דער פאַקט, וואָס גאָט גיט אייך פלייש און ברויט אויף אזא וועג, וואָס די נאַטור און קיין מענש קענען עס אייך ניט געבען, דארף אייך איי־בערצייגען, דאָס מיר, אייערע פיהרער זיינען דאָ גאָר ניט שולדיג; ניט מיר קענען אייך געבען, ניט מיר קענען פון אייך פערמיידען. און דעריבער זיינען אייערע קריגערייען ניט געגען אונז, נור געגען גאָט. ווען איהר פערלאנגט און ערוואַרטעט נסים פון גאָט, מוזט איהר האָבען בטחון אויף גאָט, געדולד און אויסדויער; מוזט איהר קענען געהן אין די געטליכע וועגען". און משה גיט זיי דאן א לעקציאָן פון גלויבען און בטחון מיט לעבענדיגע ביישפיעלע און איבונגען: „דעם מן זאָלט איהר קלייבען אָן ע ו מ ר פיר אַ קאָפּ, ניט מעהר און ניט וועניגער. פערברויכט ניט ווע־ניגער ווי איהר דארפט, איהר דארפט ניט שפּאָרען, פאַסטען, זיך צעהרען, קאַרגען, — דאָס איז אַ סימן פון ווייניג בטחון — אָבער איהר דארפט אויך ניט זוכען צו האָבען מעהר פון אייער געברויך, מעהר פון דעם צווייטען, זיך פערגרייטען אויף דעם מאָרגען, זיך פערזיכערען אויף דער צוקונפט. דאָס איז אויך אַ סימן פון אונגלויבען, פון ניט־בטחון. דאָס איז אויך נוטצלאָז. יעדער וועט האָבען אזוי פיעל פונקט וויפיעל ער בעדאַרף.

## ש ב ת.

צוזאַמען מיט'ן אידישען וואונדער־ברויט, מיט'ן מן, האָט ער זיי בע־נייעט, פערשטאַרקט און ערקלעהרט דעם עכט אידישען, הערליכען און ער־האבענ־הייליגען אינסטיטוט — שבת, וועלכער איז אין פיעלעם געוועזן צו־זאַמענגעבונדען מיט'ן מן.

„זעקס טעג זאָלט איהר קלייבען דעם מן און שבת זאָלט איהר עסען דאָס, וואָס איהר וועט האָבען אָנגעגרייט פון ערב־שבת. שבת זאָלט איהר איהם ניט קלייבען. און אויב איהר וועט יא געהן קלייבען, וועט איהר עס זאָ ווי זאָ ניט געפינען אין פעלד".

שבת איז אלזאָ דער ערציהונגס אינסטיטוט פון דעם אידישען פאָלק. דיעזער אינסטיטוט דארף אין זיי ערציהען דעם גייסט פון פעסטען גלויבען און בטחון אין דעם אלעם־העכסטען, וועלכער איז דער שעפער און משגיח פון דער וועלט. אלע אנדערע פעלקער לעבען און וואַקסען אונטער דעם אויפזיכט פון מלאכים, פון זייערע שרים אין הימעל — אונטער דער נאַטור, אונטער היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע געזעצע. זיי זיינען געצענדיענער אונטער פערשיעדענע פאָרמען, זיי האָבען אַ מזל, זייער שיקזאַל איז פאַ־טאַליסטיש. דאָס אידישע פאָלק מוז אָבער זיין איין אויסנאַהמע פון אלע אַנדערע". „אין מזל לישראל". זיין לעבען, זיין ענטוויקלונג איז פער־שיעדען. זיין היסטאָרישע ראָלע איז ניט פאַטאַליסטיש. ער בעזיצט אויס־שליסליכע אייגענשאַפטען, ער איז דער ע ם ה נ ב ח ר, דער ע ם ס ג ל ה פון דער השגחה. ער מוז אלזאָ שטעהן ניט אונטער דעם מזל, די פאַטאַלישע נאַטור־געזעצע, נור אונטער דער אויסשליסליכער אויפמערק־זאַמקייט פון דער השגחה. „ד י א ו י ג ע ן פ ו ן ג אָ ט ז ע נ ע ן ג ע ו ו ע נ ד ע ט א ו י ף א י ה ם א י מ ע ר" (דברים). זיין עקזיסטענץ, זיין אַרט לעבען, קען נור אויף איין העלפט — אויף וויפיעל ער איז מענש — שטעהען אין דער נאַטור, זיין אָבהענגיג פון נאַטירליכע אומשטענדען; אין דער אַנדערער העלפט מוז ער שטעהן העכער פון דער אַלגעמיינער אָבערפלעכע, אויסער דער נאַטיליכער, מאַטעריאַליסטישער נויטווענדיגקייט. אזוי איז ער געוועזן ביז יעצט און אזוי דארף ער פער־בלייבען. און אַלס אַזעלכער קען ער קיין פאַטאַליסט ניט זיין. ער מוז

האָבען די איבערצייגונג, דאָס גוטעס און שלעכטעס, גליק און אונגליק זויי־
נען אין די הענד פון מענשען, פון פאָלק, פון דאָס גאַנצע מענשהייט 4)
און אַז זיי קומען אַלס אַ פאָלגע פון מענשליכע אויפפיהרונג, פון זייערע גוטע
טהאַטען אָדער פעהלערען וואָס זיי בעגעהען ; דאָס דער מאַטעריאַלער צו־
שטאַנד פון כלל איז בכלל אָבהענגיג פון זיינע אידעאַלע און גייסטיגע פרינ־
ציפּען ; דאָס די גוטע פרינציפּען מוז מען פעסט האַלטען זאָגאַר דאַן ווען
עס שיינט, דאָס זיי ברענגען מאַטעריעלען שאָדען ; דאָס אָבטרעטען פון
גערעכטען פרינציפּ מוז, פריהער אָדער שפּעטער, ברענגען שאָדען און איז
אַמוועהניגסטען נוצלאָז. בטחון ! — דאָס איז די אייגענשאַפט וואָס מאַכט
דעם אידען גרויס און הויך ביז'ן הימעל, וואָס פיהרט איהם צום שפּיץ
פון טוגענד און לאָזט איהם ניט פאַלען אין אָבגרונד. בטחון און גערעכטע
פרינציפּען — דאָס זיינען די גוטע מלאכים, די עמודי־האש, די
וועג־ווייזער, וואָס היטען און פיהרען אַ מענשען, ווי אויך אַ גאַנצעס פאָלק,
אין רעכטען וועג. יעדער מענש און יעדעס פאָלק האָבען אין זייער לעבען
אַזעלכע לעקציאָנען געהאַט. „פיעלע האָבען מיט אונרעכט אָבגעשפּאָרט און
פערבעהאַלטען זייער מן אויף איבערנאַכט און האָבען עס געפונען אויפ־
געפרעסען פון ווערים ; פיעלע האָבען מיט אונרעכט געקליבען מעהר ווי
זייער עומר און האָבען ניט געקענט פערנוצען פיר זיך מעהר ווי
אַנדערע. פיעלע זענען געגאַנגען קלייבען זייער מן אום שבת און האָבען גאָר
ניט געפונען". דיעזעס אַלעס האָבען דער מן און שבת זיי געלערנט.

שבת איז ביים אידישען פאָלק געווען איין אַלטע טראַדיציאָן. נאָך
זענענדיג אין מצרים האָט ער עס געהאַלטען אַלס רוהע־טאָג (רבה שמות י"א).
ארויסגעהענדיג פון מצרים איז שבת געוואָרען אַ זכר ליציאת
מצרים, אַ סימבאָל פון פרייהייט, אַ טאָג פון בעפרייאונג דעם מענשען
און דער בהמה פון זייערע אַלטעגליכע ארבייט און שקלאַפעריי. ראו כי
ד" נתן לכם השבת (שמות ט"ז). זעהט, גאָט האָט אייך
געגעבען דעם שבת. אייך, דעם אידישען פאָלק, אייך, פיר אייערע נוטצען.
שבת איז אַלזאָ נאַציאָנאַל. ביי מתן תורה איז שבת בעצויכענט
אַלס אות־ברית, אַלס צייכען, אַלס סימבאָל פון פערבאַנד צווישען
גאָט און זיין פאָלק ישראל און אַלס עדות דאָס גאָט האָט בעשאַפען די
וועלט אין זעקס טעג (פעריאָדען) און דער זיבעטער — איז רוהע (שמות
לא). שבת איז אַלזאָ געטליך. 5) דער וואָס לייקענט אין שבת, לייקענט
אַלזאָ אין גאָט, לייקענט אין דאָס געשעהענע און צוקונפטיגע בעפרייאונג
פון זיין נאַציאָן. דער וואָס גלויבט ניט אין דער בעפרייאונג, אין דעם
שבת פון זיין נאַציאָן, דער וואָס האַלט ניט דעם נאַציאָנאַלען שבת, האַלט
ניט אויך פון דעם געטליכען, פון דעם רעליגיעזען שבת, פון דער אידישער
תורה. דער וואָס האַלט ניט שבת ווערט אָבגעריסען פון זיין נאַציאָן, ער
אָדער זיינע קינדער. שבת, אַלזאָ, איז, פונקט ווי דאָס אידישע נאַציאָן,
געטליך־נאַציאָנאַל. שבת איז אויך נאַטירליך־נאָטהווענדיג
אַלס אַ רוהע טאָג. שבת איז אַלזאָ אויך מענשליך.

אָבער דעם בלויז מענשליכען שבת, דעם שבת אַלס פיזישען רוהע טאָג,
צו אָבפרישען די פערצעהרטע קרעפטען, שבת אין דעם נאָמען פון מאַטע־
ריאַליזם, וועט דאָס פאָלק ניט האַלטען און וועט, סוף כל סוף, פערזינקען
אין מאַטעריאַליזם. יעטווידער וועט מאַכען זיין מאַטעריאַליסטישען שבת

4)הכל בידי שמים חוץ מצנים ופחים.

5) עס איז יעצט אין דער וועלט ניטאָ קיין איין ווינקעלע וואו
אידען זאָלען קענען היטען שבת ווי געהעריג. אָדער די לאַנדעס־געזעצע,
אָדער דער לעבען, אָדער ביידע צוזאַמען שטערען. בלויז איין ווינקעלע
איז דאָ, וואו שבת קען פינקטליך געהיט און געפיהלט ווערען. און דאָס איז
ארץ־ישראל. און עס איז פשוט אונבעגרייפליך, ווי אַזוי פרומע אידען האַל־
טען, ניט נור אַלס ניט קיין מצוה, נור זאָגאַר אַלס אַן עברה, צו ארבייטען
פיר ישוב ארץ ישראל. ליגט דען ניט אויף אונז אַ חוב צו אויפהאַלטען דעם
יודענטהום אפילו דורך ארץ ישראל?....

ווען ער וועט וועלען, אָדער ער וועט גאָר ניט מאַכען. ווען יעדער וועט קענען האָבען זיין אייגענעם רוהע־טאָג, וועט קיינער קיין רוהע קיין מאָל ניט האָבען. ווען ניט איין אַלגעמיינער שבת, וועט דער אונטערדריקטער, דער שוואכער, דער שקלאַף און דאָס פיה קיין מאָל ניט קענען אָברוהען. ווען יעדער וועט קענען מאַכען זיין שבת פיר זיך, וועט ער אויך קענען בעפעהלען זיין צווייטען, דעם וואָס איז אָבהענגיג פון איהם, צו מאַכען שבת, ווען ער וויל, ניט ווען דער צווייטער ברויך. דאָס הייסט, ער וועט דעם צווייטענ'ס רוהע און פרייהייט אין גאַנצען רויבען.

דער מענש היט אָב גוט נאָר דאָס, צו וואָס ער איז געוואָהנט, וואָס עס איז אַ מאָדע. דאָס געוואָהנהייט איז אָבער נור אַ רעזולטאַט פון דעם גע־מיינשאַפטליכען לעבענס־אַרט. מען קען ניט זיין געוואָהנט צו דאָס, וואָס מען איבט ניט און וואָס מען זעהט ניט אימער אַרום זיך אין דער געזעלשאַפט. שבת מוז אַלזאָ זיין אַן אַלגעמיינער און אַבסאָלוטער רוהע טאָג, איינער גלייך פיר אַלעמען, „אום עס זאָלען רוהען דו, דיין זוהן, דיין טאָכטער, דיין קנעכט, דיין דיענסט, דיין אָקס, דיין עזעל און דער פרעמדער וואָס וואָהנט אין דיינע שטעדט".

שבת דיענט אויך אַלס ערציהונגס מיטעל, אום צו ערציהען אין פאָלק אַ שטאַרקען גייסט און בטחון, צו געוואָהנען איהם צו גייסטיגען לעבען און צו אָבהאַלטען איהם פון איבערגע יאָגענעם און זינקענעם אין די זומפּען פון מאַטעריאַליזם און וואָכעדיגע פערגניגענס. שבת איז אויך, אין געוויסען זינן, דער דעמאָקראַטישער רעגולאַטאָר, ווען דער הערר מיט'ן דיענער ווערען אויסגעגליכט אין זייער אַרט לעבען און געפיהלען. עס איז אויך דער צעמענט וואָס פעראייניגט אַלע טהיילען פון פאָלק און פערבינדט דער נאַציאָן מיט איהר גאָט.

דער וואָס האָט קיין שבת איז אימער וואָכעדיג, האָט קיין הייליגקייט, קיין גייסטיגען נ ח ת ־ ר ו ח, קיין ע ל י ת ־ נ ש מ ה.

שפּעטער, ווען דאָס פאָלק וועט שוין זיין בויי זיך אין לאַנד, דאַרפען די פּרינציפּען פון דיעזען אינסטיטוט זיך אויסשפּרייטען אויך אויפ'ן עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליך־שטאַטליכען לעבען, אַלס דער שבת פון זיבען יאָהר (שמיטה), וועלכער זאָל געבען רוהע אויך דער ערד, אום זי זאָל קענען ערפרישען איהרע קרעפטען און ווען איהרע פּראָדוקטען זאָלען זיין קיינעמס אייגענטהום, נור ה פ ק ר פיר אַלעמען און — אַלס דער שבת פון זיבען שמיטות, יובל, דער יאָהר ווען פערשקלאַפטע האָבען געמוזט בעפרייט ווערען און פערפרעמדעטעס אייגענטהום האָט געמוזט ווערען אומגעקעהרט צו די ערסטע אייגענטהימער.

* * *

## מסה ומריבה.

דער נס האָט געשעהן. דער מן איז געפאַלען. עס געפינען זיך נאָך אין פאָלק אייניגע סקעפּטיקער, וואָס ווילען זיך איבערצייגען דורך עקס־פּערימענטען. זיי קלייבען אָן גאַנצע בערג מן, אָבער אין הויז בעקומט זיך די זעלבע מאָס ווי בויי אַלעמען. זיי פערגרוויטען זיך אויף מאָרגען, אָבער ווערים עסען עס אויף. זיי זוכען זייער שפּייז אום שבת, אָבער דער ה י מ ל י ש ע ר מ ן פאַלט די גאַנצע וואָך, אָבער ניט שבת. דיעזער פאַקט, וואָס דער מן פאַלט ניט אום שבת, איבערצייגט זיי אין דאָס נעט־ליכקייט פון דעם נס, און דאָס פאָלק פערשטעהט די גרויסע לעהרע פון מן און שבת.

אָבער די בעגייסטערונג האַלט אָן ניט לאַנג. בויי דער ערשטער געלע־גענהייט, בויי יעדען נייעם נסיון, ערוועקט זיך אין דעם פאָלק זיין אַלטער סקעפּטיציזם. עס געהט פאָראיבער אַ שטיקעל צייט. דאָס פאָלק ווערט איינגעוואָהנט מיט דעם נס און הערט אויף צו בעוואונדערן איהם. דער נס הערט אויף צו זיין אַ נס, נור אַן אַלטעגליכע זאַך, אַזוי ווי אַלע וואונ־דערבאַרע ערשיינונגען פון דער נאַטור. דער דור דעה, דער משכילים־דור שטאָלצירט מיט אפּיקורסים און גיט פון זיך אַרויס ח כ מ י ם, וועלכע מיט שאַרפע פּלפּולים ערקלעהרען אַלעס מיט דעם וואָרט נ א ט ו ר,

אז דאָס איז גראָדע די נאַטור פון דיעזען פּלאַץ און קלימאַט צו ארויסגעבען מן, פּונקט ווי חוילה גיט ארויס גאָלד און דימאַנטען און פּונקט ווי עס איז נאַטירליך, אז אין מצרים זאָל קיין רעגען ניט פאַלען. משה האָט בלויז געוואוסט די נאַטור פון דיעזען פּלאַץ און האָט זיי דעריבער געפיהרט אהער, אום צו ווייזען זיי זיין געטליכקייט... און דאָך פרעגען זיי היש אלקים בקרבנו? דאָך זוכען זיי גאָט, פּרובירען איהם און האָבען צו איהם טענות.

דאָס פאָלק וויל זעהן דעם גרעסטען און לעצטען נס, וואָס זאָל איהם מיט איין מאָל אריינוואַרפען אין זיין לאַנד אויף אלעם פערטיגען. אָבער ווען דאָס געשעהט ניט, פאַנגט ער אָן צווייפלען אין די אלטע נסים און פרעגען היש אלקים בקרבנו? „אויב גאָט איז מיט אונז, אויב ער פיהרט אונז מיט נסים צו אונזער לאַנד, וואָרום פיהרט ער אונז ניט גלייך? וואָרום דאַרף דאָס זאָ לאַנג דויערן? וואָרום זאָלען מיר זיך וואַלגערען אין דער וויסטע? אויב די אורזאַכע איז אונזער פייגהייט, וואָס מיר שרעקען זיך פאַר די שטאַרקע פעלקער, קען ער דאָך דורך אַ נס זיי פערניכטען, אָדער ער קען שטאַרקען אונזער הארץ, אריינגעבען דרייסטקייט, טאַפּפערקייט, אום מיר זאָלען זיך ניט שרעקען?.... מיט'ן נאַטירליכען וועג וואָלטען מיר שוין לאַנג געקומען צו אונזער לאַנד.

דאָס פאָלק געפינט זיך יעצט גראָדע אין רפידים, וואו עס איז קיין וואַסער ניטאָ, אפילו ביטערע. און דאָס גיט איהם די געלעגענהייט ארויסצו־ווייזען זיין סקעפּטיציזם און אויסגיסען זיין גאַל.

„אין מרה — טענה'ן די סקעפּטיקער — האָט משה בעוויזען בלויז צו ענדערען דעם טעם פון די וואַסער, וואָס עס עקזיסטירט דאָרט. דאָס מאַכען קענען אויך געוויס די חרטומי־מצרים און יעדער גוטער כעמיקער. זאָל משה בעווייזען אַ נס און געבען וואַסער דאָ, וואו די נאַטור זעלבסט האָט קיין וואַסער אפילו אויף אַ רפואה און קיין רעגען פאַלט אויך קיין מאָל. און דאָס פאָלק קריגט זיך מיט משה'ן.

משה זוכט צו בערוהיגען דאָס פאָלק און אויפקלעהרען זיי: „וואָס איז די נוצען פון אייער קריגען זיך מיט מיר, צו וואָס פּרובירט איהר גאָט? וואָרום צווייפעלט איהר אין זיין מאַכט און גוטען ווילען. איהר זעהט זיינע וואונדער, זיינע נסים. איז דען אייך ניט גענוג דער וואונדער, וואָס איהר האָט בעקומען דאָס מעגליכקייט צו ערלעזט ווערען פון מצרים און צו געהן, צו זיין אזוי נאָהענט צו אייער לאַנד? אָה, ווען איהר זאָלט אייער שקלאַפישע הארץ מיט איין מאָל ענדערן, ווען איהר זאָלט מיט אַמאָל פרייע מענשען, אידען קענען ווערען, ווען איהר זאָלט מיט'ן ערסטען מאָל אייער גאָט גלויבען אין איהם אייער פאָלען בטחון געהאַט, דאַן וואָלט דער לעצטער נס צום אָנפאַנג געשעהן און איהר וואָלט אין אייער לאַנד מיט איין מאָל געקומען. 6)

אָבער די אונצופרידענע סקעפּטיקער העצען דעם פאָלק, קריטיקירען די פיהרער און דאָס פאָלק קריעגט זיך מיט משה'ן. „וואָרום האָסטו אונז ארויסגעשלעפּט פון מצרים? די מצרים'שע וואַסער איז געווען גוט פיר אונז. מיר האָבען זיך שוין דאָרט איינגעלעבט, אַסימילירט און געקענט דאָרט פערבלייבען. צו וואָס האָסטו אונז געעפענט די אויגען, געשלעפּט פון דאָרטען מיט דיינע פערשפּרעכונגען און געשטערט צו פערשמאָלצען ווערען צווישען די מצרים, ווי די אלע איבעריגע, וואָס האָבען דיך ניט נאָכגעפאָלגט און זיינען פערבליבען דאָרט? האָט דען גאָט ניט געוואוסט אונזער כאַראַקטער, דאָס מיר וועלען פערזינדיגען און דאַדורך ניט קענען אריינקומען אין אונזער לאַנד? צו וואָס האָט מען געדאַרפט אונז פערפיהרען

6) ווען די אידען וואָלטען געהיט פאָלקאָם דעם ערסטען שבת, וואָלט קיין אומה ולשון אויף זיי קיין שליטה געהאַט (שבת קוח). דאָס מיינט: ווען דאָס אידישע פאָלק וואָלט פון דער ערסטער מינוט געהאַט פולען בטחון (שבת — דער סימבאָל פון בטחון), וואָלטען זיי ניט געפירכטעט פיר מלחמה און וואָלטען קאָנען געהן גלייך אין זייער לאַנד.

מיט האָפנונגען און פערשפּרעכונגען? אָה, איהר קענט אונז ניט אריינברענגען אין אונזער לאנד! און אום גערעכט צו מאַכען אייער טהאַט, ברענגט איהר אונז ארויס פון געדולד, כדי מיר זאָלען פערזינדיגען און בעשטראָפט ווערען. איהר האָט אונז געבראַכט אהער, צו דיעזער לאגע, אין דער מדבר, כדי צו טויטען אונז אין דאָרשט".

דאָס פאָלק האָט ביז הער געהאט דאָס מעגליכקייט צו קענען דאָס געטליכקייט בלויז פון איין זייט, פון דער זייט פון דין ומשפט. זיי האָבען געקענט דעם ש ו פ ט צ ד ק, דעם גאָט פון גערעכטיגקייט. הונדערטע יאָהרען האָבען זיי געטראָגען גאָטעס שווערע שטראָפע. מיט זייערע אויגען האָבען זיי געזעהען די שרעקליכע שטראָפע פון מצרים. מיט דער מ ד ת ה ח ס ד ו ה ר ח מ י ם, מיט די געטליכע רחמנות און גנאַדע האָבען זיי אָנגעפאנגען צו בעקאנען זיך בלויז אין דעם לעצטען פעריאָד. זייער אונגליקליכער לעבען האָט אויף זיי אַזוי פערדערבליך געווירקט, דאָס זיי האָבען פערלאָרען זייער גלויבען אין גליק און גוטעס, זיי האָבען קיינעם און קיין זאַך ניט געגלויבט און, זאָגאר געהענדיג צו אייביגען לעבען, האָט זיך זיי אימער געדאכט, דאָס מען פיהרט זיי צום טויט. זעהענדיג די שרעקליכקייט פון גאָטעס שטראָפע און זיך פיהלענדיג שולדיג אין דעם דורכגעלאָזטען מאָמענט צו געהן גלייך נאָך זייער לאנד, איבער זייער פעהלער אין בטחון, האָבען זיי אימער אָנשטרענגענד ערוואַרטעט אַ שטראָפע און ביי יעדע שוועריגקייט, ביי יעדען נסיון האָבען זיי געמיינט דאָס עס קומט שוין די שטראָפע, זייער לעצטער מאָמענט. און, וויסענדיג זייער שוואכקייט און כאַראַקטערלאָזיגקייט, פלעגען זיי זיך פיהלען האָפנונגסלאָז ווען עס איז צו אויפהויבען זיך און ערגרייכען זייער ציעל דורך זייער צדקות; דאַן פלעגען זיי זיך פיהלען פערלאָרען און דאָך פלעגען זיי זיך וועלען אויס'טענה'ן, זיך גערעכט מאַכען און פלעגען שרייען: ל מ ה ה ע ל י ת נ ו ל מ ו ת! וואַצו, דו פיהרסט דאָך אונז צום טויט.

אָרעמעס אונגעדולדיגעס פאָלק! ווען דו ביזט פערשקלאַפט, אין גלות, אין דער פינסטערער גהעטאָ, ביזטו צו פיעל דערשלאָגען, מוטהלאָז, אום צו טהאָן עטוואָס פיר דיין בעפרייאונג; אין דער צייט פון בעפרייאונגספּראָצעס האָסטו קיין כח צו מאַכען מיט אַמאָל דעם נויטיגען ענטשלאָסענעם שריט און קיין געדולד צו ערוואַרטען זיך און ערווערבען דיין ערלעזונג דורך לאַנגזאַמע און צוועקמעסיגע טהעטיגקייט, צו מאַכען דיין וועג, צו אַבראַמען די שטיינער, די שטערונגען, צו פערטראָגען די שוועריגקייטען פון דעם וועג. קיין מאָל ביזטו פּאַרבערייטעט צו די פּאַסירענדע מאָמענטען. קומט אַ גוטער מאָמענט — פערשלאָפסטו איהם, קומט אַ שלעכטער מאָמענט — פאַלט ער אויף דיר ארויף מיט זיין גאַנצער שווערקייט. און אימער האָסטו טענות צו דיינע נאַציאָנאַלע פיהרער, און אלעם בעשולדיגסטו זיי און ניט זיך זעלבסט. פון זיי פערלאַנגסטו וואונדער, אויסערגעוועהנליכעס, פאָלקאָמענעס און פאָלשטענדיגעס אויפאָפּפערונג, ווערענד דו זעלבסט טהוסט זאָ ווייניג פיר זיך. און ווען 'דיינע פיהרערס בעווייזען יאָ אונגעוועהנליכעס, דאַן פערגינסטו זיי ניט זייער פּאָפּולאַריטעט, דאַן האָסטו מורא זיי זאָלען ווען עס איז ניט ווערען צו גרויס, צו מעכטיג. אין דער צייט ווען דו קלינגסט אין טויזענדער גלאָקען וועגען אַ חניפה'דיגען וואָרט פון דיינע געמיינטע פריינד פון פרעמדע, ווען דו טראָגסט אריבער זאָ שקלאַפיש־געדולדיג די טיראַנישע הערשונג און פערפאָלגונגען פון פרעמדע.

---

דאָס פאָלק ווערט אַלץ מעהר ערביטערט, וואָס אַ מינוט אַלץ מעהר קריגעריש און פרעך. דאַן ווענדעט זיך משה צו גאָט, צו דעם גאָט, אין וועמעס נאָמען און געבאָט ער פיהרט זיי דורך דיעזען מדבר: „דאָס פאָלק האַלט ביי בעגעהן אַ שרעקליכען פערברעכען, „נאָך אַ ביסעל וועלען זיי מיך פערשטיינען". וואָס וועט דאַן פון זיי ווערען! און וואָס וועט ווערען פון זיין אלער־העכסטען אידעאל! גאָט מוז דאָ יעצט זיין וואונדער ווייזען, גאָט מוז יעצט זיך וויעדער צו זיי ענטפּלעקען".

און דאָך געפינט משה אויף זיי אויך יעצט אַ זכות. „דאָס פאָלק קרי־

טיקירט און איז סקעפּטיש. אָבער די זעלבע קריטיק און סקעפּטיציזם וועט ער אויך אָנווענדען געגען די פרעמדע געטער, געגען אַנדערע אידעאַלען, ווען ער וועט זיין דורכגעדרונגען מיט זיינע. דיעזע אייגענשאַפט איז יעצט אונבעקוועם. אָבער זי איז דאָך אַ נויטווענדיגע און אַ גוטע. דאָס פאָלק איז איינגעשפּאַרט, האַרטנעקיג. אָבער ער זוכט זיין גאָט, פאָרשט די געט־ליכע וועגען, ער וויל ניט גלויבען בלינד, ער וויל זיך ניט פערלאָזען אויף דעם וואָרט פון זיינע פיהרער. פּרובירען גאָט איז אַ זינד. אָבער לערנען דאָס גאָטהייט, מאַכען עקספּערימענטען אום צו פערשטעהן, איז גרויס און ערהאַבען. און דיזעם פאָלק, נאָך זיין צוקונפטיגער ראָלע, וועלכע ער נעהמט אויף זיך, מוז דאָך ווירקליך דיעזע אַלע עקספּערימענטען דורכמאַכען. ער וויל זיין איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון זיין וועג. דאָס איז זיין מעלה, זיין וואונדערבאַרע אייגענשאַפט, זיין גרויסקייט. ער צווייפעלט, ער זוכט דעם אונבעשטרייטבאַרען אמת אין יעדען וואונדער וואָס ער זעהט, ווערהענד דאָס גאַנצע מענשהייט נעהמט אָן אָהנע קריטיק זיינע אָבגעטער און גלויבט בלינד אין די ניט געשטויגענע וואונדער, וואָס זיינע פּריסטער און פאַלשע נביאים דערצעהלען איהם. ווען ער וועט זיין איבערצייגט, וועט ער געוויס מיט דער זעלבער האַרטנעקיגקייט און אייפער געהן אין דעם וועג און דיענען מיין גאָט, וועלכער וועט דאַן זיין זיינער. דערפאַר האָב איך איהם ליעב, דערפאַר איז ער דער עם־הנבחר, דער עם חכם ונבון, דערפאַר דאַרף איך געדולדיג ליידען זיינע פעהלערען און אָפּ־פערען מיין לעבען פאַר איהם".

דאַן, נאָך דעם געטליכען געבאָט, נעהמט משה דעם שטעקען, שלאָגט מיט איהם אַ פעלז, דער פעלז גיט וואַסער און דאָס פאָלק טרינקט.... און דאָס פאָלק זעהט דאָס דער זעלבער געטליכער שטעקען, וואָס האָט געשלאָגען דעם נילוס און פערוואַנדעלט די מצרים'שע וואַסער אין בלוט, — דער זעל־בער שטעקען האָט זיי יעצט פון אַ שטיין וואַסער געגעבען. און דאָס פאָלק איבערצייגט זיך, אַז דאָס איז די זעלבע האַנד, וואָס האָט זיי אויפגעהאַלטען אין מצרים און ערלעזט פון דאָרטען, פיהרט זיי יעצט צו זייער לאַנד, צו זייער גליקליכער היים און צוקונפט; אַז דער זעלבער גאָט, וואָס האָט זאָ האַרט בעשטראָפט די מצרים, האָט פריהער די זעלבע מצרים גרויס געמאַכט, און דער זעלבער, וואָס האָט זיי פריהער בעשטראַפט מיט קנעכטשאַפט, פיהרט זיי יעצט צו עטוואָס גרויסעס און עוויגעס. די מדת־הדין און מדת החסד זיינען ביידע די מדות פון דעם איינציגען גאָט.

* * *

## מלחמת עמלק.

דאָס פאָלק, נאָך די לעצטע נסיונות, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, האָט אַם ענדע איינגעזעהען דאָס אויסשליסליכקייט פון זיין עקזיסטענץ, פון זיין שיקזאַל און ראָלע, די וואונדערבאַרע האַנד, וואָס פיהרט איהם, דאָס געטליכקייט, וואָס רעגיערט אין איהם זאָ בעהאַלטען־זיכטבאַר, און ער האָט זיך אויף אַ צייט בערוהיגט, איז געוואָרען שטאַרקער, מוטהיגער, פערזי־כערטער. זיין סקעפּטיציזם און צווייפעל איז אויף אַ צייט איינגעשלאָפען. די אַלטע טענדענצען, וואָס זיינען נאָך פון גלות פערבליבען אין פאָלק, האָ־בען אויסגעוויזען ווי אין גאַנצען פערשוואונדען. דער ערב־רב, די מחרחרי־ריב, אָט די שמוץ־פליעגען, וועלכע געפינען זיך אין אַ פאָלק, אין אַלע דורות, וואָס פליהען פאַר'ן פאָלק און זשימען אַזוי שטאַרק, דאָס עס זעהט אויס, אַז די מענשען פאָלגען זיי נאָך, ווערען פון זיי געפיהרט און אין אמת'ן קוקען זיי בלויז אויס אַ געלעגענהייט צו אַריינזעצען זייער שאַרפען שנאָבעל־מויל אין דאָס פלייש פון פאָלק און אַ זויג טהאָן זיין בלוט, אָט דיעזע אַלע מיאוסע בעשעפעניסען, וועלכע טהוען אימער גאָרניט, נור זשומען, פילדערען, רעש'ן. קריטיקירען, זוכען ביליגע, גאָר ניט קאָסטענדע פּאָפּולאַריטעט, זוכען צו ווערען גרויס דורך מאַכען דעם צווייטען קליין; אָט דיעזער ערב־רב, וואָס העטצעט אימער דעם פאָלק, אלס כלומרשט זיינע טובה־זוכערס — האָבען יעצט זיך פערבעהאַלטען, זיך פערגראָבען אין זייערע מיסט־בערגליך און ניט

געוואָגט צו אויפהויבען זייער קאָפּ. דאָס, אויף אַ ווײַלע געזונד־געוואָרענעס, פאָלק האָט פון זיי יעצט ניט געוואָלט וויסען.

און דאַן איז געקומען די צייט צו שטעלען דאָס פאָלק זעלבסט צור פּראָבע, צו פּרובירען איהם און בעלעהרען; צו צייגען איהם ווי ניט גע־רעכט ער איז געוועזען מיט זיינע טענות, ווי אַזוי ווייט ער קען נאָך ניט זיך זעלבסט, און צו דער זעלבער צייט צו אָנווייזען איהם אויף איינע פון זיינע פּפליכטען, אויף איינע פון זיינע אויפגאַבען אַלס נאַציאָן, אַלס געוויסער אידעאַל־טרעגער, אַלס געטליכעס פאָלק. דאַן איז

ויבוא עמלק וילחם עם ישראל.

עמלק איז געקומען האַלטען מלחמה מיט'ן א י ד ע ן.

עמלק האָט אַ מלחמה ניט מיט די ב נ י ־ י ש ר א ל, מיט אידען אַלס מענשען, נור מיט י ש ר א ל, מיט'ן אידען. עמלק געהט ניט בעשיצען זיין לאַנד פון אידען, — אידען געהען ניט אָבנעהמען זיין לאַנד — ער געהט ניט בעשיצען די פעלקער פון כנען, מיט וועלכע ער שטעהט ניט אין קיין פריינדליכען פערבאַנד און וועלכע געהען ניט מיט איהם האַנד אין האַנד אין זייער מלחמה געגען אידען. עמלק געהט אויך ניט זיך אָננעהמען פאַר די מצרים, צו נעהמען ראַכע פאַר זיי. נור עמלק געהט מלחמה האַלטען מיט ישראל, מיט'ן אידישען גייסט, מיט דער אידישער נשמה. עמלק איז דער פּרינציפּיעלער פערגעטערער פון פיזישער קראַפט, דער פאַנאַטישער פאַר־שטעהער פון מאַטעריעלער געטצענדיענעריי. ער קומט זיך שלאָגען מיט דעם אידישען גאָט, צו בעשיטצען פון דיזען גאָט די כנען'שע געטער, דעם כנענ־שען פערדאָרבענעם קולט און פערפוילטע ציוויליזאַציאָן. ער קומט זיך אָנ־נעהמען פאַר די מצרים'שע געפאַלענע געטער, צו אויפשטעלען זיי צוריק, צו ווידער אויפלעבען די מצרים'שע ציוויליזאַציאָן פון מענשענפרעסעריי און קינדער טרינקעריי. עמלק איז געגען יעדער גייסטיגקייט, יעדען אידעאַליזם; ער האָט נור איין אידעאַל — צו קעמפּפען געגען יעדע אידעאַליזמוס און צו אויפהאַלטען די שוואַרצע מאַכט, שמוץ און פינסטערקייט אויף דער וועלט. עמלק איז דער וואָס בעפאַלט יעדען, וועמען ער דענקט צו זיין שוואַך, און חנפה'ט יעדען וואָס איז פיזיש שטאַרק, אום צו אונטערגראָבען איהם, שטירצען און פערנעהמען זיין פּלאַץ. עמלק איז די שמוץ־פליג, וואָס זעצט זיך אויף יעדער מכה (תנה"ב, יתרו). דאָס איז די חיה, וואָס בעפאַלט יעדען, ניט ווייל מען קומט אין זיין בעצירק, נור ווייל זיין נאַטור איז צו בעפאַלען.... ניט מיט גייסטיגע געוועהר, ניט מיט דער הילף פון זיין גאָט, פון זיין גייסט, זיין ציוויליזאַציאָן, נור מיט פיזישער מאַכט, מיט'ן שווערד געהט ער בעקעמפּפען דאָס גאָטהייט. ווייל ער זעלבסט האַסט יעדע גייסטיגקייט, ווייל זיין גייסט, זיין גאָט איז בלויז דער שווערד און די מאַטעריעלע אינ־טערעסען. זעלבסט זיינע געטער דאַרפען דיענען זיינע מאַטעריעלע און פי־זישע לײַדענשאַפטען. ער איז אַלזאָ געגען דעם אידישען גאָט, וועלכער איז פונקט דער קאָנטראַסט פון זיינע אַלע בעגריפע. עמלק איז די צוועלף־קעפּיגע גידרא, וואָס זוכט צו איינשלינגען אַלעס מענשליכעס אין דער מענש־הייט. זיינע קינדער זיינען שלאַנגען, זיינע יורשים זיינען עקדעשען, זיינע נאָכפאָלגער זיינען סקראָפּיאָנען. ער לעבט אונטער אַלע דורות אין פער־שיעדענע געשטאַלטען. ווען איהר האַקט איהם אָפּ דעם קאָפּ, צאַפּלען זיך נאָך זיינע אַנדערע גליעדער. אויף עמלק טאָר מען קיין רחמנות ניט האָבען, עס איז אַ מצוה צו פערניכטען איהם, ווייל דו קענסט איהם ניט אויסבעי־סערען, פונקט ווי דו קענסט ניט אויסבעסערען דעם אויגען־שלאַנג אָדער דעם אָכטפוס (ים־טייפעל, אָקטאָנאַג). זיין פאָטער יאָגט נאָך דעם אונ־גליקליכען יעקב'ען, ווען ער איז נע ונד און בערויבט איהם; זיין זוהן בע־ריהמט זיך דאַמיט וואָס ער דער'הרג'עט דעם ערסטען אידישען געפאַלענעם קעניג, וועלכער האָט רחמנות געהאַט אויף זיין פאָטער; זיין עניקעל געהט אויסקוילען דאָס גאַנצע אידישע נאַציאָן איבער אַ ביסעל כבוד; און ער זעלבסט געהט פערהאַלטען די אידישע בעפרייאונגס־בעוועגונג ביי איהר ערסטען אַרויסטרעטען, ער בעפאַלט דעם אידישען פאָלק אין זיין ערסטער יוגענד, אין זיין קינדהייט, ווען ער פּרובירט שטעלען זיינע ערסטע ניט

פֿעסטע טריט, ער וויל אויסוואָרצלען דאָס יונגע, צאַרטע שפּראָצונג פֿון׳ם אידישען פֿאָלק.

דעריבער איז אַייביג אַ געטליכע מלחמה געגען עמלק, עס איז אַ געבאָט, אַ הייליגע פֿליכט צו אָבמעקען זיין נאָמען פֿון אונטער׳ן הימעל, עס זאָל פֿון איהם קיין זכר ניט בלייבען. וואָרום כל זמן ער עקזיסטירט, איז גאָטעס נאָמען, דאָס אמת׳ע גאָטהייט ניט גאַנץ און גאָטעס טראָהן איז ניט פֿאָלקאָם אויף דער וועלט. כל זמן ער לעבט, עקזיסטירט אויך דאָס געטצענטהום, די שוואַרצע מאַכט, דער רוח הטמאה, רויב און שמוץ, אונגליק און טרעהרען אויף דער וועלט; כל זמן ער שאַלטעט און וואַלטעט אויף דער וועלט, קען ישראל ניט גליקליך זיין. נאָך די מפּלות וואָס די מצרים האָבען געהאַט, נאָך די מכות וואָס זיי האָבען בעקומען פֿון דעם אידישען גאָט, נאָך די גרויסע נסים, מיט וועלכע דאָס אידישע פֿאָלק איז געווען ארומגערינגעלט, האָט קיין פֿאָלק אין דער וועלט געוואַגט בעריהרען דאָס אידישע פֿאָלק. עמלק האָט אַראָבגעריסען דעם געטליכען אָרעאָל, דעם פֿאַנציר פֿון נסים, וועלכע האָבען געוואָרפֿען אַ שרעק אויף די אומות. עמלק האָט געוואַגט און געוויזען, אַז מען קען זיך שלאָגען מיט ישראל׳ן אויף אַ נאַטירליכען אופֿן (תנה״ק יתרו). עמלק קומט אין רפידים, פּונקט אויף דעם פּלאַץ און אין דער צייט, ווען אידען פֿרעגען: היש אלקים בקרבנו? ווען אידען צווייפֿלען, סקעפּטיצירען, קריגען זיך מיט זייער משה׳ן, ווילען אַראָבגעהן פֿון זייער בעשטימטען, היסטאָרישען וועג. (דאָרט).

אידען, דערזעהענדיג עמלק, דערשרעקען זיך. די ערסטע פֿאָרקומענדע מלחמה מאַכט זיי ציטערען, עס בעפֿאַלט זיי אַ פּחד. דער מוטה, מיט וועלכען זיי זיינען אַזוי דרייסט און פֿרעך אַרויסגעטראָטען געגען זייערע געטליכע פֿיהרער, איז אין גאַנצען פֿערשוואונדען. דאָס געוואַגטהייט געגען זייערע אייגענע ברידער איז פֿערגאַנגען, דערזעהענדיג דעם פֿרעמדען. אונטער פּרעה׳ס קאָמאַנדע וואָלטען זיי זיך געשלאָגען דרייסט מיט יעדען עמלק. אָבער פֿיר זיך זעלבסט, פֿיר זייער אייגענער רעטונג, פֿיר זייער נאַציאָנאַלער עהרע, האָבען זיי ניט געהאַט אין זיך גענוג שטאָלץ, מוטה טאַפּפֿערקייט און ווילען. זיי האָבען אָבער אויך פֿערגעסען זייערע קריגערייען מיט די פֿיהרערס. זיי האָבען שוין יעצט ניט געוואַגט צו שרייען: וואָרום האָסטו אונז געבראַכט אין דער וויסטע צו טויטען אונז מיט דעם שווערד פֿון עמלק. זיי האָבען בעגריפֿען זייערע פֿעהלער, זייערע זינדע. זיי האָבען דערפֿיהלט דעם הסתרת־פּנים, די הסתלקות־השכינה. ווייל דאָס געטליכקייט האָט דאָ יעצט זיך ניט ענטפּלעקט אָפֿענבאַר, האָט ניט געוויזען קיין נסים. און דאָס פֿאָלק האָט פֿערשטאַנען גאָטעס שטומע שפּראַכע: „קינדערלעך, איהר גלויבט ניט, אַז איך בין מיט אייך, געהט פּרובירט אייך יעצט אָהן מיר". 7) און דאָס פֿאָלק האָט אַלזאָ געשוויגען און געהאָפּט....

דאַן האָט משה געזאָגט צו יהושע: בחר לנו אנשים (שמות יז). קלייב אויס אונזערע מענשען. נור די וואָס בעלאַנגען צו אונז, ניט דאָס גאַנצע פֿאָלק, ניט אַן אונצעהליגע ארמיי, נור אונזערע, מעג זיין ווי ווייניג, און געה האַלט מלחמה מיט עמלק".

„און ווען משה האָט אויפֿגעהויבען זיינע הענד", — ווען משה׳ס געטליכע הענד, ווען משה׳ס מעשים, משה׳ס גייסט האָט זיך אויפֿגעהייבען אין דעם פֿאָלק, דאַן האָט זיך געשטאַרקט ישראל; און ווען משה האָט אַראָב־

7) אַ משל צו אַ קינד אין זיין פֿאַטער׳ס אָרעמס. דער פֿאָטער גיט איהם אַלעס וואָס ער פֿערלאַנגט. און ווען עס קומט דעם פֿאַטער׳ס פֿריינד ענטגעגען, פֿרעגט איהם דאָס קינד: צו האָסטו ניט געזעהן מיין פֿאַטער. דאַן לאָזט איהם דער פֿאָטער אַראָב פֿון זיינע אָרימס און עס קומט אַ הונד און בייסט איהם. אַזוי איז ישראל: ער פֿרעגט: היש אלקים בקרבנו? איז גאָט מיט אונז? און באַלד — ויבוא עמלק (תנה״ק יתרו).

געלאָזט זיינע הענד, ווען דער עכט אידישער גייסט איז געפאַלען ביים פאָלק, האָט זיך געשטאַרקט עמלק.

אָבער שווער זיינען משה׳ס הענד. עס איז ניט לייכט אימער צו האַלטען דעם הייליגען גייסט אויפגעהויבען אימער אויף איין מאָס. זאָגאַר משה קען אליין ניט אויפהאַלטען זיינע הענד אין דער הויך דעם גאַנצען טאָג. עס מוזען אימער זיך געפינען אין פאָלק אהרן׳ס און חור׳ס, וואָס זאָלען אונטערשטיצען דיעזע הענד, וואָס זאָלען אויפהאַלטען דעם געטליכען גייסט, דאָס הייליגעם שטימונג אויף דער נעטהיגער הויך, וואָס זאָלען העלפען טהאָן די הייליגע אַרבייטען אין פאָלק. און דאַן קען זיין: וגבר ישראל, דער איד זאָל גובר זיין. נור דאַן ווען משה׳ס הענד זענען הויך, ווען משה׳ס גייסט לעבט הויך און שטאָלץ אין פאָלק, קען זיין: ויחלש יהושע את עמלק לפי־חרב, אַז יהושע, דער אידישער קאָמאַנדיר, דער אידישער זעלנער, דער אידישער קעמפפער זאָל מיט׳ן שווערד מיט דעם נאַטירליכען וועג אָבשוואַכען עמלק. די אידישע מאַכט האָט נור דאַן א ווערטה, ווען דער אידישער גייסט לעבט און איז ערהאַבען אין פאָלק.

דאַן האָט דאָס פאָלק פערשטאַנען דעם גרויסען געבאָט: מחה תמחה את זכר עמלק! (שמ, יח), זאָלסט אָבמעקען דעם אַנדענקען פון פאָלק. ווען דאָס אידישע פאָלק דאַרף אַרויסטרעטען גצגען עמלק, ווען דער איד דאַרף בעקעמפפען גאָטעס פיינדע, די שונאים פון זיין נאַציאָנאַל־געטליכען אידעאַל, ווען דער איד דאַרף בעשיצען זיין יודענטהום, זיין גייסט, זיין קולטור, ווען דאָס אידישע נאַציאָן דאַרף אָבראַמען פון זיין וועג די עמלקים, די געגנער, וועלכע קומען מיט נאַטור־מיטלען צו שטערען איהם אין זיין גאַנג, צו פערהאַלטען איהם אויף זיין וועג צו זיין לאַנד, צו זיין צוקינפטיגען גליק, צו זיין זעלבסטשטענדיגקייט, דאַן דאַרף ער צייגען זיין אמת׳ע ליעבע און איבערגעבענהייט צו זיין גאָט און צו די גייסטיגע אייגענטהימע פון זיין פאָלק; דאַן דאַרף ער ניט וואַרטען, אַז גאָט זאָל אלעס אליין טהאָן, דאַן דאַרף ער זיך ניט פערלאָזען אויף בלויזע נסים, נור ער זעלבסט מוז אָנווענדען אַלעס, וואָס איז אין זיין מאַכט, אָנשטרענגען אַלע זיינע קרעפטען און אויפ׳ן נאַטירליכען וועג געהן בעקעמפפען די שטערונגען און שטערער. און דאַן קומט אויך גאָט צו הילפע און עס געשעהט דער נס: וגבר ישראל.

דאַן האָט דאָס פאָלק בעגריפען זיין מענשליך־געטליכען, נאַטירליך־נסים׳דיגען וועג. דאָס פאָלק, פונקט ווי דער איינצעלנער מענש, בעשטעהט פון קערפער און זעעלע, פון מענש און גאָט. ער געהט מיט זיינע פיס, אָבער דער וועג־ווייזער איז זיין זעעלע. די פיס טראָגען איהם און דער גייסט פיהרט איהם. וואָס פאַר א גייסט עס לעבט אין דעם פאָלק, אין אַזאַ וועג געהט ער. און אינ׳ם אידישען פאָלק דאַרף לעבען דער אידישער גייסט, משה רבינו׳ס גייסט, דער גייסט איבער אַלע גייסטער — דאָס געטליכקייט. אָבער אויב ער וויל געהן מיט דיעזען וועג בלויז, מיט דעם געטליכען וועג אַליין, מיט דעם וועג פון הייליגע נסים, דאַן דאַרף ער גענצליך זיך ענטזאָגען פון זיין מענשליכען וועג, דאַן ברויך ער צו טויטען אין זיך דאָס קערפערליכעס; דאַן מוז ער שווייגען רוהיג און צופריעדען, ווען אין דעם מדבר פאַלט ניט קיין מן און א שטיין גיט ניט קיין וואַסער, ווען דער הונגער און דאָרשט טרייבען דער נשמה פון קערפער...

אָבער דער איד דאַרף געהן מיט זיינע מענשליכע פיס, טהאָן מענשליכע אַרבייט פיר זיין גייסט, פיר זיין גאָט. דאַן טהוט דער גייסט זיין אַרבייט און גאָט מאַכט די נסים...

ווען דאָס פאָלק קען אין מצרים ניט לעבען אַלס אידישעס פאָלק, דאַן מוז ער פון דאָרטען אוועקגעהן. קיינע פרעה׳ס וועלען איהם ניט קענען פערהאַלטען. ווען אויף זיין וועג געפינט זיך א ים (היינט קען מען אַריבער דעם ים גאַנץ בעקוועם, אויף א גוטער שיף, בלויז פאַר איינינע דאָלער... און מען דאַרף ניט וואַרטען גאָט זאָל איהם שפּאַלטען), וועט געוויס א נס געשעהן און דער ים וועט זיך שפּאַלטען. ווען עס קומט אַן עמלק (גרעקען,

ריסען, דייטשען, אַלט־טערקען, יונג־טערקען, פערדייטשערטע אידען) צו שטערען אין גאַנג, דאַרף מען געגען זיי קעמפּפען. און אויב נור אין דעם פאָלק זיינען משה'ס העלד אין דער הויך וועט געוויס זיין וגבר ישראל... אָבער דאָרט, וואו איהר זעלבסט קענט קיין ברויט שאַפען און קיין וואסער קריגען, וועט געוויס דער הימעל געבען מן און אַ פעלז — וואסער.

און דאַן, נאָך דיעזע נסיונות און לעקציאָנען, איז דאָס פאָלק געוואָרען פעהיג צו קומען צום באַרג סיני און עמפּפאַנגען זייער געטליכער תורה. און נור דאַן זיינען געקומען די יתרו'ס צו אָבגעבען כבוד דער אידישער נאַציאָן.

* * *

## מתן תורה.

עס וויהען די פריע ווינטען אין דער וויסטע סיני; זיי טראָגען זיך איבער דעם הייסען, דינעם זאַמד פון דעם מדבר; זיי שוועבען איבער דעם הויכען, גרינעם גראָז פון דעם אָאזיס; זיי גליטשען זיך פרעהליך איבער דעם זילבער־קלאָהרען וואסער פון דעם קליינעם טייכעל, וואָס פאַלט פון דעם קלאָהרען שנעע פון די בערג, מיט אַ פרעהליכען געפילדער, ווי דער גליקליכער געלעכטער פון אונשולדיגע, שפּיעלענדע קינדער; זיי גרייזלען און וואלצען די אויבערפלעכע פון דעם וואסערעל און סוד'ען זיך, לאַכען און פרעהען זיך מיט זייער פרייהייט; זיי פלעכטען זיך איין אין די צווייגען פון די הויכע שטאָלצע פאַלמען און וויעגען זיך שטיפעריש מיט זיי צוזאַמען, שושקען זיך און זינגען שטיל אַ געהיימניספאָלע לידעלע, פון עפּעס גרויסע נייעס, וואונדערליכע ערשיינונגען, וואָס קומען פאַר די טעג אין זייער פרייען היים; זיי פליהען איבער די ווייסעביידלעך און רוהיגע געצעלטען פון דעם נור וואָס בעפרייטען פאָלק ישראל, און רוימען איהם איין אין אויער אַ גליקליכען סוד, וועגען דעם גרויסען טאָג, דעם גרויסען יום־טוב, וואָס שטעהט זיי פאַר צו פייערען אין גיכען.

* * *

אויף אַ ווייטע שטרעקע ציהט זיך דער לאַגער פון ישראל. יעדער שבט אויף זיין פּלאַץ, יעדע פאַמיליע אין איהר בעזונדערען געצעלט. יעדער שבט מיט זיין נשיא, יעדע דריי שבטים מיט זייער הויפּט־קאָמאַנדיר און זייער פלאַג און אין מיטען — משה. איבער'ן לאַגער, ווי אַ ווייסער שירעם, איז פערשפּרייט אַ קלאָהרער וואָלקען, דער עמוד ענן, צו בעשיצען זיי פון די ברענענדע שטראַהלען פון דער הייסער זידליכער זון. דאָס איז די געטליכע חופּה.

שוין דריטער טאָג אַז אין לאַגער ישראל קומט פאַר עטוואָס אונגעוועהנליכעס. מען ראַמט, מען וואַשט, מען רייניגט זיך און אַלעם אין לאַגער. די מענער זיינען בעזונדער און די פרויען בעזונדער. די אויגען שטראַהלען מיט אַ בעזאָנדערעם ליכטיגקייט. אויף די געזיכטער רוהט אַ הייליגער אויסדרוק פון ערהאַבענע ערוואַרטונגען. דאָס פאָלק פאַרבערייטעט זיך צו עטוואָס גרויסעס, וואונדערבאַרעס, — צו זיין נאַציאָנאַלער הויכצייט...

דער איבערמענשליכער משה שטעהט אויף אַ הויכען באַריער, אַרומגערינגעלט פון גאַנצען פאָלק און פאַרבערייטעט זיי צו דעם גרויסען טאָג און ניט זיי איבער די געטליכע ווערטער: „איך, גאָט, האָב אייך אַרויסגענומען פון מצרים! איהר זעלבסט האָט ניט געוואָלט אַרויסגעהן. דער אידעאַל פון פרייהייט איז ניט געווען אימשטאַנד צו בעפרייען אייך. איהר האָט דאָס קנעכטשאַפט געמאַכט פיר אייער גאָט. איך האָב אייך יעצט געבראַכט צו מיר, צו דאָס פרייהייט איבער אַלע פרייהייטען, צום אידעאַל איבער אַלע אידעאַלען. יעצט, אויב איהר וועט מיר געהאָרכען און האַלטען מיין פערבאַנד, וועט איהר זיין ביי מיר דאָס ערוועהלטעס, שאַצבאַרטעס פאָלק פון אַלע פעלקער, אַ רייך פון כהנים 8) און אַ הייליגעם פאָלק.

---

8) „ממלכת כהנים" מיינט ניט אַ רייך, וואו כהנים, פּריסטער זיינען די הערשער, נור וואו דאָס גאַנצע פאָלק בעשטעהט פון כהנים; יעדער איינער איז אַ פּריסט, אַ דיענער פון גאָט און אַ לעהרער פיר מענשען.

און דאָס פֿאָלק ענטפֿערט מיט די ווערטער פֿון מלאכים: „מיר וועלען טהאָן און פֿערשטעהן!"

„מיר וועלען טהאָן און נאָכהער פֿערשטעהן". די ארבייט פֿון גייסט, די דברי אלהים חיים, מוז מען פֿריהער טהאָן, ערפֿילען, מען מוז זיי גלייך טהאָן, און נור ווען מען טהוט זיי פֿערשטעהט מען זיי, בעגרייפֿט מען זיי, דערפֿיהלט מען זייער טעם, זייער אינערליכען אינהאַלט, זייער נשמה. די געטליכע געבאָטע מוז מען ערפֿילען, ווען זאָגאר מען פֿערשטעהט זיי ניט. ווען מען וויל זיי ערפֿילען נור נאָכדעם ווען מען פֿערשטעהט זיי, ערפֿילט מען זיי קיינמאָל. דיעזען סוד האָט שוין דאָס אידישע פֿאָלק פֿערשטאַנען. דאַ־מיט האָבען זיי זיך אונטערשיידעט פֿון אלע איבריגע פֿעלקער. דאַמיט זייַ־נען זיי איבערמענשען, פֿערגליכען צו מלאכים 9). אלע פֿעלקער האָבען ניט געוואָלט אָננעהמען דער תורה. זיי האָבען געפֿרעגט, וואָס אין איהר שטעהט 10), אויב זי פּאַסט זיך פֿאַר זייער ארט לעבען, אויב זיי קאָנען פֿון איהר פּראָפֿיטירען. אלע פֿעלקער ווילען צופּאַסען תורה און געזעץ צו זייערע בעגריפֿע, צו זייערע אינטערעסען און לײדענשאַפֿטען. נור דאָס אידישע פֿאָלק האָט געקענט אָננעהמען זיין תורה, בלויז ווייל דאָס איז תורה, פּרינציפּ, ווייל דאָס איז גאָטעס געבאָט און גאָטעס גאבע. בלויז דאָס אידישע פֿאָלק האָט געקענט זיך בעשליסען צו צופּאַסען זיך, זיין גאַנצען ארט לעבען צו דער תורה. אלע פֿעלקער זוכען פֿריהער צו פֿערשטעהן, לערנען, פֿאָרשען די וועגען, אין וועלכע דאָס מענשהייט דארף געהן. און נאָך טויזענדער יאָהרען זוכענעס און פֿהילאָסאָפֿירען, דורך דער ארבייט פֿון טויזענדער דורות, בעשאַפֿענדיג און פֿערניכטענדיג טויזענדער מעטהאָדען און פֿילאָסאָפֿישע סיסטעמען, דורכמאכענדיג אונצעהליגע, שווערע און געפֿעהרליכע מאָראַלישע און רעליגיעזע עקספּערימענטען, און נאָך פֿיעלע ענטדעקונגען פֿון דער נאַטור, קומען זיי צו ביסלעכווייז צו די לעבענס־געזעצע פֿון דער אידישער תורה, וועלכע זיי האָבען מיט אזא גרינגען הארצען פֿערשטויסען און פֿערפֿאַלגט, און וועלכע דאָס אידישע פֿאָלק האָט בעקומען פֿערטיגעס, בלויז דורך זיין רעכטפֿערטיגקייט צו ערפֿילען די געזעצע און נאָכהער זיי לערנען. די תורה איז געגעבען געוואָרען איין מאָהל. ניט יעדער קען דערגרייכען און אויס־געפֿינען די געטליכע וועגען, ניט בלאָנדזענדיג אין זיי. די פֿעלקער האָבען געזאָגט „נשמע ונעשה" — בעפֿאָר פֿערשטעהן און נאָכהער טהאָן. און שוין טויזענדער יאָהרען זיינען פֿערלאָפֿען אין זוכענים און פֿאָרשענים, און זיי בלאָנדזען נאָך אלץ ארום אין די וועגען פֿון רעליגיאָן, און זיי ערפֿילען נאָך אלץ ניט די געטליכע געבאָטע, און דאָס גאַנצע מענשהייט לײדעט נאָך עד היום. בלויז דאָס אידישע פֿאָלק האָט גלייך אָנגענומען: נעשה ונשמע. 11)

9) ווען די אידען האָבען געזאָגט צו ערשט „נעשה" און נאָכהער „נשמע", איז ארויס א בת־קול און האָט געזאָגט: „ווער האָט דאָס צו מיינע קינדער ענטדעקט דעם סוד פֿון די מלאכי־השרת, וואָס ערפֿילען גאָטעס וואָרט ניט וואַרטענדיג צו פֿערשטעהן (שבת פּח).

10) גאָט האָט געטראָגען די תורה צו די בני־עשו. האָבען זיי גע־פֿרעגט: וואָס איז אין איהר געשריעבען? האָט ער געזאָגט: לא תרצח! האָבען זיי געזאָגט: אונזער פֿאָטער האָט אונז געלאָזען א צואה צו לעבען אויף אונזער שווערד. מיר קענען אזא תורה ניט אָננעהמען. האָט גאָט געבראַכט די תורה צו עמון און מואב. האָבען זיי געפֿרעגט: וואָס איז אין איהר געשריעבען? — לא תנאף! — ניין! — זאָגען זיי — מיר קענען דיין תורה ניט אָננעהמען, דעז אונזער גאַנצע אָבשטאַמונג און עקזיסטענץ קומט פֿון ניאוף. און אזוי האָט ער זיך געבראַכט צו ישמעאל. אָבער אויך ער האָט זי ניט געוואָלט אויפֿנעהמען, ווייל זי פֿערבאָט גנבה און גזלה (פּסק„ר כא).

11) די תורה, דער יודענטהום האָט זיך ניט אויפֿגעהאַלטען אלס א וויסענשאַפֿט, עס עקזיסטירט ניט דורך געלעהרטע, וואָס זיינען ניט מקיים די תורה, נור בעזאָנדערס דורך דעם המון, וואָס איז מקיים די מצוות, וואָס פֿערשטעהט ווייניג און טהוט פֿיעל.

### עשרת הדברות.

עס קראכען די דונערען, עס פלאמען אויף די שרעקליכע בליצען, עס שטורמען די הימלען, עס טרייסעלט זיך די ערד, עס שפרינגען די בערג, עס שאלט דער שופר אליין שטארקער און שטארקער. פון אלע עקען וועלט, פון דער הויך און פון דער טיעף ציהען זיך אונענדליכע, פערשיעדענארטיגע קולות און קלאנגען (תנה"ק). און די אלע קולות און קלאנגען גיסען זיך צוזאמען אין איין וואונדערליכער סימפאניע. — דאס איז די געטליכע מוזיק, דאס שפיעלט זיך דער חתונה־מארש פון פאלק ישראל.

דער בארג סיני איז איינגעהילט אין וואלקען און רויך. לאנגע פייער־ציניגע פליהען ארויס פון יעדען ווינקעלע, פון יעדען קנייטש פון בארג, ציהען זיך אין אלע זייטען, בעלייכטען אלע ווינקעלעך פון דער ערד מיט א זעלט־זאמען שיין, פלאמען אויף מיט א פירכטערליכע קנאקעריי, צוגיסען זיך אין אלערמעגליכע קאלירען און פערשווינדען אין הימעל־רוים. — דאס איז די געטליכע אילומינאציאן, די חופה־ליכט פון פאלק ישראל.

און פון מיטען דעם חאאס פון קראכען און שאלען, פון צווישען די פער־שיעדענסטע, פורכטבארסטע קולות, הערט זיך א גרויזאם־צארטע, שווידער־זי־סע און מעכטיג־שטילע שטימע, וואס צוגעהט זיך איבער אלע וועלטען, ציהט זיך אין די וויטקייט פון דער עוויגקייט און קלינגט אב אין די יאהרען פון די טויזענדע דורות:

„אנכי, איך בין דיין גאט, וואס האט דיך בעפרייט פון קנעכטשאפט אין מצרים! קיינע אנדערע געטער פון גאלד אדער שטיין, קיין פערקער־פערונג פון א קראפט אויף דער ערד אדער אין הימעל, קיין אידעאל, קיין געפיהל, קיין ליידענשאפט זאלסטו פיר קיין גאט ניט מאכען; זאלסט זיי ניט דיענען און צו זיי זיך ניט בוקען.

אנכי! — איך בין דער איינציגער איך. קיין אנדער איך, דיין איינענעם איך זאלסטו פיר קיין גאט ניט מאכען.

„כי אל קנא, — ווארום איך בין ניט א גאט פון ליידענשאפטען, פון סענטימענטען, ניט א גאט, וואס מען קען אונטערקויפען, אפילו מיט גוטס־קייט, פרומקייט אדער צדקה. איך בין דער אייפערזיכטיג־גנעדיגער, רחמנות־גערעכטיגער גאט. מיין רעליגיאן איז ניט גלויבען, — מען גלויבט ניט אין דאס וואס איז דא — מיין תורה איז ניט סענטימענטאלע, קינסטליך־געמאכטע ליעבע, חונף'דיגע אונטערטהעניגקייט. איך בין דער האל הגדול, הגבור והנורה! מיין תורה איז געבאטע, גזרות, מצוות, טהאן מיין פערזאג! מיין שטראפע פיר זינדע בעציהט זיך ביז דעם פיערטען דור 12), אבער מיין גנאדע צו מיינע ליעבהאבער און צו די וואס היטען מיינע געבאטע בעציהט זיך אויף טויזענדע דורות.

„אנכי אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים". — איך בין דער גאט, וואס האט אייך ערלעזט פון קנעכטשאפט. איהר ברויכט אלזא קיינעמס און קיין זאך'ס קנעכט ניט זיין. „כי לי בני ישראל עבדים". — ווען איהר וועט מיינע דיענער זיין, וועט איהר קיינעמס קנעכט ניט זיין; ווען איהר וועט מיר פערלאזען, וועט איהר זיך אנדערע געטער מאכען, וועלען מענשען ביי אייך געטער ווערען, וועט איהר מענשען, אדער מענשהייט, אדער מענש־ליכעם דיענען, וועט איהר זייערע שקלאפען ווערען, וועט איהר פון זיי אונ־מענשליכעם ליידען..."

אנכי! — איך בין דער ריכטער אויפ'ן ים, דער לעהרער אויפ'ן סיני, דער שפייזער אין דעם מדבר, דער גבור פון דוד'ס צייטען און דער בעל־רחמים פון דניאל. — אימער דער זעלבער אין אלע צייטען (תנה"ק).

זכור — זעקס טעג זאלסטו ארבייטען, דעם זיבענטען טאג — פער־הייליג; אלע און אלעס זאל אין איהם רוהען אין דער עהרע פון דעם

---

12) פון יעקב'ס קינדער, וואס האבען פערקויפט זייער ברודער, יוסף, פיר א קנעכט, ביז די אידען זיינען ארויס פון מצרים זיינען פערגאנגען פיער דורות.

פאָטער פון דער וועלט. און „אכטע דיינע פאָטער און מוטער, אכטע דיין אָבשטאַמונג, אכטע דיין אַלטערטהום, אכטע דיין טראַדיציאָן. זאָלען דיינע יונגע אכטען און לעבען אין פריעדען און האַרמאָניע מיט די אַלטע. זאָל די אַלטקייט פון דיין יוגענד ניט פערשעהמען די יונגקייט פון דיין אַלטקייט און זאָל די יוגענד פון דיין עלטער זיך ניט שעהמען מיט דאָס אַלטקייט פון דיין יוגענד. דאַן וועסטו לאַנג, לאַנג דויערען אין דיין לאַנד, וואָס גאָט גיט דיר. קיינער וועט דיר דאַן ניט קאָנען אַרויסטרייבען פון דיין לאַנד". און היטענדיג דעם פּרינציפּ פון כבוד אב ואם וועסטו קומען צו דאָס אָבהיטונג פון

לא תרצח! — ערמאָרדע ניט! ערמאָרדע ניט קערפּערליך, ערמאָרדע ניט גייסטיג, ערמאָרדע ניט מיט געוועהר, ערמאָרדע ניט מיט דיינע גלידער, מיט דיינע געזעצע, מיט דיין אויפיהרונג, מיט דיין צונג און

לא תנאף; — אכטע דיין פּאָטער־הויז, אכטע דיין פאַמיליען־לעבען, זאָלסט ניט זינדיגען אבשייליך אויף קיין אופן, אין קיין פאָרעם פון דיזער זינדע.

לא תרצח — לא תנאף! — דיביידע פערברעכענס זיינען אימער צוזאַמענגעבונדען; זיי ביידע זיינען ליידענשאַפטען, איינע ברענגט מיט דער צווייטער. עס גיבט קיין ניאוף, וואָס זאָל ניט מיטברענגען מאָרד, קערפּערליך אָדער גייסטיג.

לא תנאף — לא תגנב! — דער נואף איז אויך אַ גנב: ער גנב'ט דעם צווייטענס הארץ, דעם צווייטענס לעבען, דעם צווייטענס נשמה. ניאוף ברענגט צו גנבה פון זעלען און ווערטהזאַכען...

לא תרצח, — לא תנאף, — לא תגנב, — לא תענה, — לא תחמוד! — דיזע אַלע פינף געבאָטע זיינען פערוואַנדטע אין זייער גייסט, צווילינגס אין זייער אורזאַכע; זיי קומען פון איבונג און ערציהונג דעם כאַראַקטער אין פערלאַנגען דעם צווייטענס. „זאָלסט ניט פערלאַנגען דיין חבר'ס, זיין הויז, זיין פרוי, זיין האָב, קיין זאַך!"

דאָס זיינען די צעהן גרונדס־געזעטצע, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט בעקומען ביים בארג סיני, דורך פייער און רויך, דונערען און בליטצען, אין דער אנוועזענהייט פון די אייביגע עדות — הימעל, ערד און דאָס גאַנצע בע־שאָפף — אלס לעבענס־רעגולאַטיוון פיר זיך און פיר דאָס גאַנצע מענש־הייט. דאָס זיינען די צעהן געטליכע געבאָטע, וועלכע זיינען פעסטגעזעטצט ווי די הימעל און ערד, נאַטירליך ווי די נאַטור זעלבסט, אָהן וועלכע קיין מענשליכע געזעלשאַפט קען ניט עקזיסטירען. גאָט האָט געשטעלט די גע־מענשליכע געזעטצע פון יודענטהום, פון דער תורה שטי־מעצע פון דער נאַטור. די געזעטצע פון נאַטור, זיי זיינען אַלזאָ נאַטירליך. וואָס מען אין אַלעם מיט די געזעטצע פון נאַטור, זיי זיינען אַלזאָ נאַטירליך. וואָס נאַטירליך איז אמת, און וואָס אמת איז געטליך (חותמו של הקב"ה אמת. שבת נ"ד.) וועה איז דעם מענשען, אונגליקליך איז דאָס פאָלק, וואָס טרעטען אריבער דיזע געזעטצע. די געטליכע עדות, די הימעל, ערד און די גאַנצע נאַטור מאַהנען אויף פון זיי.

„און דאָס גאַנצע פאָלק זעהט די קולות און די פלאַמען, דעם קול השופר און דעם רויכענדען בארג".

דער בארג סיני שפּרינגט צום הימעל, רייסט זיך פון זיין פונדאַמענט און איז, ווי איין אייביגע קרוין, אויפגעהויבען איבער דעם קאָפּף פון אידי־שען פאָלק. ער איז אָבער יעדע מינוט אויך פערטיג זיך אַרויף צו וואַרפען אויף די אידען און צערשמעטערען זיי אונטער זיך, אין פאַל זיי נעהמען ניט אָן דער תורה 13).

דאָס פאָלק ציטערט מיט אַלע גלידער און שפּרינגט צוריק אַ הינטער. די אויפגאַבע שיינט זיי צו זיין צו גרויס, צו שווער, צו געטליך; זי איז פיר מלאכים, ניט פיר שטערבליכע, פיר שוואַכע מענשען. — רעד דו מיט

---

13) הקב"ה האָט אויפגעהיפּט איבער זיי דעם בארג סיני, ווי אַ גרויסע פּאַס און געזאָגט: אויב איהר נעהמט אָן די תורה איז גוט און אויב ניט — וועט דאָ, אונטערן בארג, אייער קבר זיין (שבת פ"ח).

אונז. — זאָגען זיי צו משה'ן. — דו, מיט דיין מענשליכע צונג און שטימע : מיר וועלען געהאָרכען און טאָהן די זעלבע געזעצע אלס מענשען, נאָך'ן גע־וויסען, אלס מאָראַלישע געזעלשאַפטליכע און נאַטירליכע געזעצען. „מען קען דאָך זיין אָרענטליך, געוויסענהאַפט אויך אָהן רעליגיאָן. רעד דו מיט אונז, און זאָל ניט רעדען מיט אונז גאָט, אום מיר זאָלען ניט שטארבען, אום מיר זאָלען ניט פערדיענען דעם טויט יעדען מאָהל, וואָס מיר וועלען עובר זיין די מצות־המלך“.

— „ניין ! — ענטפערט משה. — איהר מוזט אלע אייערע מענשליכע, מאָראַלישע און נאַטירליכע פפליכטען ערפיהלען אלס געטליכע געזעצע, אין זיין נאָמען. אמת, עס איז פיעל ערגער צו איבערטרעטען א געזעטץ, א בע־פעהל, אלס א פּרייוויליגען פפליכט. עס איז אָבער פיעל ערהאבענער צו ער־פיהלען די פפליכטען אלס בעפעהלע. די געבאָטע אלס בעפעהלע שיינען יעצט צו זיין זאָ שווער, שטרענג, איבער־מענשליך. זיי וועלען אָבער ווערען פיר אייך לייכטער, נאַטירליך, געוועהנליך און מענשליך, ווען איהר וועט זיי טאָהן, ערפיהלען 14). די אלע שרעקען, וואָס איהר האָט יעצט בייגעוואָהנט, זיינען נור אום צו פּרובירען אייך און אום זיין מורא. זיין פורכט און רעספּעקט זאָלען אויף אייך אימער זיין, כדי איהר זאָלט ניט זינדיגען. מענ־שען איבערטרעטען געזעטצע, זאָגאָר וועלכע זיי זעלבסט פערפאַסען. געפיה־לען זיינען איבעראל שטארקער פון פערשטאַנד. דער פערשטאַנד און די לאָגיק בלאָנדזען זעהר אָפט און זיינען אמיינסטען שוואך צו בעקעמפּפען דעם מענשענס געפיהלען און שלעכטע נייגונגען, וועלכע טרייבען איהם פון געזעצליכען און נאַטירליכען וועג. עס מוז אלזאָ זיין א העכערער און שטאַר־קערער געפיהל, וואָס זאָל רעגולירען די מענשליכע געפיהלע, דעם אימפולס. דער מענש ברויכט גאָטעס הילפע דאַצו, דאָס געטליכע פורכט מוז זיין אויף אייך אום איהר זאָלט ניט זינדיגען.

* * *

## דער עגל.

די גאַנצע וועלט, אלעס וואָס מיר זעהען ארום זיך, איז צוזאַמענגע־שטעלט פון צוויי לפלוג פערשידענע טהיילען : פון נאַטירליכקייט און איבערנאַטירליכקייט, פון מאַטעריע און גייסט (חומר ורוח.) אלעס וואָס מיר זיינען געוואָהנט צו זעהען, צו בעגרייפען, אלעס וואָס ליעגט אין דעם עררייך־בונגס־קרייז פון אונזערע פינף חושים און אלעס וואָס מיר קענען עקספּערי־מענטירען, (מאַכען פּראָבעס) רופען מיר נאַטור ; אלעס וואָס ליעגט אויסער דער גרענעץ פון אונזער בעגרייפונגס־קראַפט — רופען מיר איבערנאַטיר־ליכקייט.

אייגענטליך, בעטראַכטענדיג די זאכע טיעפער, קענען מיר זעהן, דאָס די גאַנצע נאַטירליכקייט פון דער נאַטור איז אויך איבערנאַטירליך. דורך פאָרשונגען און שווערע אַרבייט פון ביליאָנען מענשען אין פערלויף פון טויזענדער יאָהרען, געלינגט אונז ביסליכווייז צו ענדעקען די געזעצע, די קרעפטען און דעם שכל, וואָס אַרבייטען אין דער נאַטור ; מיר לערנען זיך אויס צו נאָכמאַכען דער נאַטור, צו קאָמבינירען פערשידענע נאַטור־עלעמענ־טען. אָבער צו־קומענדיג צו די עלעמענטען זעלבסט, צו זייער ווירקונג און רעאַגירונג, צו דער פערהילענער קראַפט, וואָס בעלעבט דיזע טויטע, זינלאָזע עלעמענטען און מאַכט זיי ווירקען, אַרבייטען, דאַן בלייבען מיר שטעהען און אָנערקענען די פערבאָרגענע, איבענאַטירליכע קראַפט, וועלכע דער לעבענ־דיגער, קערפּערליכער מענש קען ניט בעגרייפען. 15)

דער מענש זעלבסט איז אלזאָ אויך צוזאַמענגעשטעלט פון דיזע צוויי

---

14) די לוחות, ווען גאָט האָט זיי געגעבען צו משה'ן, האָבען זיך זעלבסט אויפגעהאלטען, זיינען געוועז גרינג. ווען די אידען האָבען געמאַכט דעם עגל, זיינען די אותיות אוועקגעפלויגען און די לוחות זיינען געוואָרען שווער (תנ"ח.)

15) כי לא יראני האדם וחי. (שמות כי תשא).

עלעמענטען: נאַטירליכקייט און איבערנאַטירליכקייט (קערפּער און נשמה). איהר קענט לייקענען אין דער עקזיסטענץ פון א בעזונדערער נשמה אין מענ־שען, אָבער איהר מוזט מודה זיין, אז דאָס וואָס איהר רופט לעבען איז א נאַטירליכע־איבערנאַטירליכקייט.

דער מענש פון אלע צייטען פיהלט דיזע איבערנאַטירליכקייט פון דער נאַטור, די גייסטיגקייט אין דער קערפּערליכקייט און אימער פאָרשט ער און זוכט ערקלעהרונגען דאַצו; ער האָט געזוכט צו אויסגעפינען די אייגענ־שאַפטען, ד. ה. די נאַטירליכקייט פון דאָס איבערנאַטירליכעס, אום צו קענען זיך בענוטצען דאַמיט פיר זיינע מענשליכע אינטערעסען. דערפון זיינען ארויסגעקומען די פערשיעדענע טהעאָריעס וועגען דעם גייסט, אָדער די גייסטער פון דער וועלט און די פערשיעדענע געטצענדינערייען. (אין דאָס אויפהאַלטען פון געטצענדינעריי, האָבען א גרויסע ראָלע געשפּיעלט שווינד־לער, פאַלשע גייסטליכע און פאַלשע נביאים).

אלע פעלקער האָבען גערינט זייערע געטער נור פון זייערע אייגענע נוטצען וועגען. זיי האָבען גערינט זייערע געטער, כדי די געטער זאָלען זיי דיענען. זיי האָבען זייערע געטער אוועקגעוואָרפען, ווען זיי האָבען זיך ארומגעזעהן אז זיי זיינען אונוצליך, אָדער האָבען געמיינט דאָס אנדערע געטער ברענגען זיי מעהר מאַטעריעלע נוטצען. 16)

אין מענשען לעבען צוויי געפיהלען: פון נאַטירליכקייט און איבערנאַ־טירליכקייט. אלס קינד פון דער נאַטור מוז דער מענש לעבען און עקזיסטירען, זיך נעהרען און געהן מיטען נאַטירליכען וועג, האַלטענדיג דעם גייסט בלויז פיר א קאָמפּאַס, א לאַנטערן, א וועג ווייזער. עס לעבט אָבער אין מענשען אויך א געפיהל, א וואונש צו זעהן וואונדער, איבערנאַטירליכקייט און, מאַנ־כעס מאָהל, שטרעבט דער מענש צו געהן בלויז מיט דעם וועג פון גייסט, פון נסים.

אָבער דאַן, ווען דער מענש נעהמט זיך פאַרצוגעהן מיט דיזען, בלויז גייסטיגען וועג, געפינט ער אויס, דאָס ער זעלבסט מוז זיך אויפהויבען אויף דער שטופע פון גייסט, פון גייסטיגע ריינליכקייט און קלאָהרקייט, פון פער־ניכטען אין זיך זעהר פיעל, כמעט אלעס פון קערפּערליכקייט און איז יעדע מינוט אין געפאהר צו פאלען פון דיזער גייסטיגער קראַפט. און דאַן, טרעפט, דאָס דער מענש שרעקט זיך אָב און ענטלויפט — אָפט פאַלענדיג אין זיין געלאַף — פון דיזען איבערנאַטירליכען וועג צוריק צו דער נאַטור. 17)

דאָס זעלבע האָט אויך געשעהן מיט'ן דור המדבר און מיט אנדערע דורות.

אין דער לעצטער סטאַדיע פון גלות־מצרים, ווען די שקלאַפעריי און פערפאָלגונגען האָבען עררייכט זייער העכסטע שטופע, איז דאָס פאָלק ארייג־געפאלען אין א שרעקליכעם פערצווייפלונג. עס האָט אָנגעפאַנגען צו פער־לירען דעם מוטה, דעם געדולד, די האָפנונג און גלויבען אין דעם גאָט פון זייערע עלטערען, אין דעם גאָט פון רחמנות און גערעכטיגקייט. דאַן האָבען אָנגעפאַנגען צו בעווייזען זיך אין דעם פאָלק, אינוועהניג, סימנים פון פוילונג, זעלבסט פערניכטונג און טויט, די אינערליכע וואונדען האָבען זיך ארויס־געצייגט אין דעם פאָרעם פון אנ'ערב־רב פון פערשיעדענע עלעמענטען, כחות, שטרעמונגען, קעמפּפענדע פּאַרטייען א. ז. וו. פיעלע פון זיי האָבען פּראָפּאַגאַנדירט זעלבסט־רעטונג דורך פערשיעדענע טויט־מיטלען: דורך ענטזאָגען זיך פון פאַמיליען־לעבען, דורך אויסערליכע אָדער אינערליכע אסי־מילאַציאָן מיט די מצרים א. ז. וו. דיזע אינערליכע פוילונג, פּאַרטייליכקייט און צעררייסענהייט האָט, נאַטירליך, פערערגערט די לאַגע און שווערער גע־

---

16) פון דיזען שטאַנדפּונקט זיינען פיעלע פון היינטיגע אטהעאיסטען, ניהעליסטען און משומדים פשוט'ע געטצענדינער.

17) אזעלכע אילוסטראַציעס געפינען זיך פיעל אין אונזער מיטעל־אל־טער ליטעראַטור, בעזאָנדערס אין דער קבלה ליטעראַטור, די געשיכטעס ר' יוסף די לאריינא, רבי שמשון בעל התוספות און רבי אברהם אבולעפיו גע־הערען, צו דיזען סאָרט.

מאַכט דאָס מעגליכקייט פון נאַטירליכעס בעפרייאונג. דאָס פאָלק האָט גע־פיהלט, דאָס ביי אַזעלכע אויסערליכע און אינערליכע בעדינגונגען איז אונ־מעגליך צו בעפרייען זיך מיט נאַטירליכע וועגען. און דאַן: ויצעקו בני ישראל אל ד'! די בני־ישראל האָבען געשריען צו גאָט.

גאָט האָט זיך אָפּ־ענדע ענטפּלעקט. דאָס פאָלק איז בעפרייט געוואָרען אויף אַ וואונדערליכען אופן, מיט נסים, אותות ומופתים. דאָס פאָלק האָט גענומען געהן מיט דעם איבערנאַטירליכען וועג. אָבער זעלבסט האָט ער זיך אויף דעם געטליכען וועג נאָך ניט געשטעלט. נאָך באַלד ביים אָנפאַנג האָט ער געצווייפעלט, אויב דאָס איז ווירקליך געטליך, נסים, אָדער בלויז אויסערגעוועהנליכע, נאַטירליכע ערשיינונגען און איז מאַראַליש נאָך כמעט מיט ביידע פיס פערבליבען אין דער מצרים'שער קולטור. זעהענדיג די געטליכקייט פון זיין בעפרייאונג, האָט ער דאָך געצווייפעלט אין גאָטעס גוטען ווילען און זיך געשראָקען פיר די מצרים ביים ים; דורכגעהענדיג דעם ים אין דער טריקענעס, האָט ער געצווייפעלט אין דאָס מעגליכקייט צו האָ־בען וואַסער; אין דער צייט וואָס עס קומען גאָטעס ווערטער און ער בעקומט הימעל־ברויט, געהט אַ טהייל פון פאָלק, טראָץ דעם געטליכען פערבאָט, זאַמלען דיזען ברויט אום שבת.

און דאָך האָט דאָס פאָלק געפאָדערט נסים אויף יעדען שריט, ביי יע־דער געלעגענהייט. ער האָט דאָך געזוכט צו קענען זיין גאָט. אָבער נאָך יעדען נס פלעגט ער אנערקענען זיין פעהלער, זיין אונרעכט געגען גאָט. און קענענדיג ביז הער זיין גאָט אלס דעם גאָט פון אלמעכטיגקייט און משפט (ביים ים) פלעגט ער ערוואַרטען זיין שטראָפע און פירכטען צו פערלירען זיין רעכט צו אַריינקומען אין כנען. דיזער געפיהל פלעגט זיך אין איהם פערשטאַרקען, זעהענדיג דאָס די צייט פערלענגערט זיך און מען האַלט איהם אלס אין מדבר. דאַן פלעגט ער ווערען בעסער, זוכען צו פערגיטיגען זיינע בעגאַנגענע פעהלערען מיט גוטע מעשים... דענקענדיג דאָס מיט מעשים טובים קען מען צווינגען דאָס גאָטהייט צו טאָהן זייער ווילען... און ווען דער קץ פלעגט נאָך אלס ניט קומען, פלעגט ער ווידער פערצווייפלען און גרעסערע פראַגען און פאָדערונגען פלעגען זיך אין איהם דאַן ערוועקען: צו וואָס דאַרף זיי גאָט ברענגען צו נסיון? קענען זיי דען נאָך בעסער ווע־רען? זענען דען יענע פערדאָרבענע פעלקער, וואָס פערנעהמען יעצט דאָס לאַנד, וועלכע גאָט האָט זיי פערשפּראָכען בעסער פון זיי? דאַן פלעגען זיי בשולדיגען דעם געטליכען וועג, גלויבענדיג, דאָס מיט'ן נאַטירליכען וועג וואָלטען זיי גיכער אין כנען געקומען, ווארום זיי וואָלטען דאָך ניט פער־זינדיגט...

דאָס איז אייגענטליך דער וועג פון געטצענדינער, וועלכע גלויבען דאָס זיי דאַרפען דיענען זייערע געטער „על מנת לקבל פרס" און דאָס די גאָט־הייט מוז זיי בעצאָהלען פיר זייערע דיענסטע, מעשים־טובים, ניט אלעס חסד, אלעס פאָלגע, נור אלס חוב, אלס שכר. דער איד פון פריהעריגע און שפּעטעריגע צייטען דיענט זיין גאָט אלס אַ חוב, מאהבה ומיראה, פון ליעבע און ערהאבענעם רעספּעקט, און בעט ביי איהם יעדע זאַך אלס חסד. ער איז אָבער פעסט זיכער דאָס גאָט וועט איהם, פריהער צו שפּעטער, געוויס בעלאָנען פיר זיין אָרענטליכקייט און זיין דיענען גאָט, און אויב ניט אויף דער וועלט איז אויף יענער וועלט. ווארום „עס קען דאָך ניט זיין דאָס גאָט זאָל בעגעהען אונרעכט און זאָל ניט בעלאָהנען". דעריבער פערבלייבט ער אימער גוט, אימער אַ איד, זאָגאַר ווען ער ליידעט אָפּ שרעקליכסטען פיר זיין אידיש־קייט. אָבער דער געטצענדיענער בעגעהט זיך מיט זיין גאָט פונקט ווי מיט זיינע מיטמענשען, אויפ'ן שטרענג געשעפטליכען וועג... איך גיב דיר, דו גיב מיר. מען טוהט אַ טובה דעם שטאַרקען, פון וועמען מען קען ערוואַרטען אַ געגען־טובה. מיט חסד בעגעהט מען זיך בלויז מיט יענעם, וועלכער איז אָדער וועט זיין אימשטאַנד צו בעצאָהלען מיט דאָס זעלבע. דעם שטאַרקען פערשוויינט מען פערקוקט מען, חנפה'ט מען. ניט אזוי בעגעהט מען זיך מיט דעם שוואַכען... די מעשים־טובים זענען ביי איהם ניט גוט אַן און

פיר זיך, ניט א חוב, א פפליכט, א נאָטהווענדיגקייט, נור א מיטעל צו בע־ קומען די געווינשטע בעלאָהנונג.

דאָס פאָלק איז געקומען צום בארג סיני, האָט בעקומען די תורה. דער עמא־פזיזא האָט אויסגעשריען: נעשה ונשמע!

אָבער דערזעהענדיג די געטליכע מאכט, די דונערען מיט די בליטצען און דעם הר כגיגית, האָט ער בעגריפען וואָס פיר א שווערע אויפגאבע, וואָס פיר פעראנטוואָרטליכע פפליכטען, וואָס פיר א בארג ער האָט אויף זיך ארויפגעלעגט. עס איז איהם מעהר ווי אימער קלאָהר געוואָרען, דאָס דער אויסשליסליכער וועג פון געטליכקייט און נסים לעגט אויף איהם ארויף אויסשליסליכע פפליכטען און אויפגאבען, דאָס דער עם סגלה, וועלכער לעבט מיט וואונדער מוז זעלבסט זיין א וואונדער פאָלק מיט זיין גייסט, מיט זיין אויפפיהרונג, דאָס אום צו געפיהרט ווערען דורך גאָט, מוז מען זעלבסט געט־ ליך זיין. און דאָס פאָלק האָט א ציטער געטאָהן און ויעמדו מרחוק. — האָט זיך געשטעלט פון וויטען, געשפרונגען א הינטער...

נאָך מתן־תורה. משה איז פערשוואונדען געוואָרען אויף גאנצע פיערציג טעג. דער געטליכער פיהרער האָט זיך אויף אייניגע איבריגע מי־ נוטען פערהאַלטען אין הימעל. און דאָס פאָלק איז געוואָרען נערוועז און אונגעדולדיג. דער ערב־רב 18) מיט די פאָאַר חרטמי־מצרים 19), וועלכע, איבער געוויסע אויסזיכטען און פערשידענע, פילייכט טהעאָרעטישע, פי־ לייכט מאטעריעלע צוועקען, זיינען מיטגעגאנגען מיט די אידען, האָבען זיך פערשפרייט אין פאָלק און געהעצט און ערוועקט אין איהם זיין צווייפעל און סקעפּטיציזם, „יעצט זיינען מיר דאָך שוין אזוי גוט, שוין אויפגענומען די תורה, געזאָגט נעשה ונשמע. און גראדע יעצט איז משה דער מענש, וועל־ כער האָט אונז ארויסגעבראכט פון מצרים, אָט דיזער משה, וועלכער האָט אַלע זיינע, פילייכט נאטירליכע, טהאטען ארויסגעגעבען אלס געטליכע וואונדער, גענצליך פערשוואונדען. ווער ווייס וואָס מיט איהם האָט פּאַ־ סירט אויפ'ן בארג! ער איז דאָך בלויז א מענש... וואהרשיינליך, וועט ער זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען. ווען ער וואָלט ווירקליך געטליך געווען, וואָלט ער געמוזט קומען פונקט צו דער פערשפּראָכענער צייט, צו דער מינוט. ער איז וואהרשיינליך געווען מעכטיג נור געגען איין פאָלק, איין פרעה'ן, צו ארויסנעהמען אונז פון מצרים, ווען די נאטור איז איהם געקומען צו הילפע מיט איהרע פלאָגע. אָבער ער איז ניט אימשטאנד צו בעקעמפּפען אזוי פיעל פעלקער, וואָס בעזיטצען כנען. זיין צוועק איז געווען בלויז צו אָנבינדען אונז זיינע אידעאַלען, זיין רעליגיאָן און תורה און דאָס אלעס. אָבער מיט דיזער תורה קען מען אויף דער ערד ניט עקזיסטירען. משה'ס תורה קענען בלויז משה'ס האלטען. אום צו לעבען אויף דער ערד און עקזיסטירען אלס א נאציאָן, אום צו קענען געניסען פון לעבען, דארף מען לעבען אויפ'ן נאטיר־ ליכען וועג, אָננעהמען די אלגעמיינע ציוויליזאציאָן. מיר דארפען נור לעבען א בעזונדער נאציאָנאל־זעלבסטשטענדיגען לעבען, ניט זיין אונטערדריקט און פערשקלאַפּט אין גלות, אָבער אבסאָלוט ניט אבזונדערען זיך פון דער מענש־ הייט, פון ציוויליזאציאָן, וואָס האָט געגעבען די מצרים און אַנדערע נאציאָנען אזוי פיעל מאכט און רייכקייט. דער יאָך פון מצרים, דער גלות איז שלעכט,

---

18) ביי יעדער גרויסער פאָלקס־בעוועגונג גיבט עס א סאָרט ערב־רב, וואָס געהט נאָך דעם בעוועגונג טריט ביי טריט, אלס העכסט בעגייסטערטער נאָכפאָלגער, אָבער אין דער אמת זענען דאָס רויב־טהירע, זוויגערס, וואָס קוקען אויס א גוטע געלעגענהייט צו אויסנוטצען דער בעוועגונג פיר זייערע פּערזענליכע, נידריגע צוועקען. דיזע ברענגען א בעוועגונג פיעל מעהר שאַ־ דען, אלס דער גרעסטער פרינציפּיעלער געגנער, בעזאָנדערס, ווייל דאָס פאָלק נעהמט זיי אָפּט אָן פיר די ריכטיגע טרעגער פון דער בעוועגונג.

19) נאָך די פיערציג טעג האָבען זיך פערזאַמעלט פיערציג טויזענד ערב־רב און צוויי חרטמי־מצרים, יונוס און אמברוס, האָבען געזאָגט דאָס משה וועט שוין מעהר צוריק ניט קומען (תנחומה).

אָבער די מצרים'שע ציוויליזאַציאָן איז גוט. מיר דאַרפען זי אָנעהמען, זיין מאָדערנע. מיר דאַרפען האָבען אַזאַ גאָט, וואָס זאָל געהן פיר אונז (שמות תשא), פון אונזערט וועגען, וואָס זאָל אונז דיענען. אלס דאַרף זיין פיר דעם פאָלק, פיר דעם מענשען. מאָראַל, מצוות, רעליגיאָן, געטליכקייט, גאָט, די גאַנצע וועלט מיט אלע פערגניגענס, אלעס איז פיר דעם וואָהלזיין פון מענשען. דער מענש דאַרף ביי קיינעם און ביי קיין זאַך קיין קנעכט ניט זיין. די תורה דאַרף זיין פיר אונז, ניט מיר פיר דער תורה. אָבער די תורה, וואָס משה האָט אונז געגעבען, פערשקלאַפט דעם מענשען, רויבט זיין פרייהייט, זיין ווילען און לאָזט איהם ניט זיך אַ קעהר טאָהן. „עשה לנו אלקים אשר ילכו לפנינו (תשא). מאַך אונז אַ גאָט וואָס זאָל געהן פיר אונז. אַ נאַטירליכען, אַ מאַטעריעלען גאָט, אַזעלכען, וואָס מיר זאָלען קענען זעהן, בעמערקען די דירעקטע נוטצען, וואָס ער וועט אונז ברענגען.. דען משה, וואָס האָט אונז געפיהרט מיט נסים איז שוין מעהר ניטאָ און מיר מוזען יעצט געהן מיטען וועג פון אלע פעלקער 20).

אהרן האָט גענומען זיי אָברעדען דאַפון און בעווייזען זיי, דאָס דער סאָרט גאָט, וועלכען זיי ווילען יעצט מאַכען, וועט זיי, דעם פאָלק, קיינע נוטצען ברענגען ; אין גענענטהייל, זיי וועלען דאַרפען אומזאָנסט אָבגעבען דאָס לעצטע פון זייער פערמעגען בלויז צו די געלד־דאָרשטיגע פריסטער פון דיזען גאָט, אַזוי ווי עס פיהרט זיך איבעראַל אין די פערשיעדענע געטצענטעמפלען.

אהרן האָט צו זיי ניט גערעדט אין נאָמען פון פרינציפּ, פון אידעאַל, ווי דאָס פלעגט טאָהן משה. אהרן האָט געוואָלט היילען זיי מיט זייער אייגענער, נאַטור, מיט זייער פסיכיקע, דאמיט וואָס דער פערברעכען איז ניט פראָפיטירענד, אָבער דאָס פאָלק האָט איהם געצאָהלט מיט דער זעלבער מטבע, האָט איהם געגעבען אָנהערענעס, אז ער זעלבסט איז אויך אַ פריסט, זיין טעמפּעל איז אויך אַ קרעמעלע צו בערויבען דעם פאָלק אָן וועלכע עס איז מאַטעריעלע פיר'ן פאָלק נוטצען. און דאָס פאָלק האָט איהם געציינגט, אז דאָרט וואו עס האנדעלט זיך וועגען, זאָגאַר געמיינטע, זעלבסטנוטצען איז ער גאָר ניט קאַרג און גיט אָב די לעצטע, זיינע טהייערסטע ציערונג.

אהרן האָט זייער גאָלד אריינגעוואָרפען אין פייער און האָט זיי געציינגט, ווי אַזוי זייער מאַטעריעלער גאָט, האָט קיין האַפט, ווערט צו שמאָלצען ; ווי אַזוי דער פייער, די נאַטירליכע פערניכטונגס־קראַפט, וואָס גאָט האָט בעשאַפען, פערניכטעט די מענשליכע מאַטעריעלע געטער.

אָבער די פּאָר חרטמי־מצרים, די געוועזענע פריסטער און מצרים'שע געטצענטעמפלען, מיכה, וועלכען משה האָט אַ צוריבענעם גערעטעט פון מצרים'שען בנין (תנ"ח.) און דער ערב־רב — די פריסטער און דיענער פון דער עגיפּטישער ציוויליזאַציאָן — האָבען שוין געוואוסט ווי אַזוי צו עקספּלואַטירען די אונוויסענהייט און די שלעכטע אינסטינקטען פון די מאַסע; זיי האָבען שוין געוואוסט ווי אַזוי צו פערבלענדען דעם פאָלק די אויגען און מאַכען, אז דאָס גאָלד, וואָס דאָס פאָלק וואַרפט אין פייער פון זייער מזבח, זאָל ווערען אַ גאָלדענער קאַלב, וואָס זאָל טאַנצען, שפּרינגען און פריילעך מאַכען דעם פאָלק....

„אָט דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט דיך ארויסגעפיהרט פון מצרים!" — האָבען די חרטמים און ערב־רב געשריען צום פאָלק. — ניט משה'ס גאָט, ניט די גרויסע אידעאַלען, נור דיזער גאָלדענער קאַלב, דיינע מאַטעריעלע אינ־

---

20) דער דור המדבר, וואָס איז צייט הונדערט יאָהרען געווען אָבגעוואָהנט פון זעלבסטשטענדיגען לעבען, האָט זיך געפיהלט פונקט ווי אַ קליין קינד, וואָס קען אליין אַ טראָט ניט טאָהן, בעזאָנדערס אין דעם נייען וועג, וועלכען משה האָט פיר איהם אָנגעצייכענט. און דעריבער דערזעהענדיג אז משה איז ניטאָ, האָט ער זיך בעשלאָסען צו געהן מיט דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון די מצרים. ווי אָפט דאָס פאָלק דענקט, אז גאָט קען זיי זיינע וואונדער ניט ציינגען, קען זיי ניט העלפען אָהן אַ משה'ן און פערבלאָנדזען דאַדורך צו די גאָלדענע קעלבער, צו געטצענדיענסט...

טערסען, דיינע אייגענטומצען האָבען דיך געשלעפּט פון מצרים, פּונקט ווי זיי, דער זעלבער מאַטעריעלער גאָט האָט אייערע איבריגע ברידער פער־מויערט אין די מויערען פון דער מצרים׳שער ציוויליזאציאָן, זאָ דאָס זיי זיינען ניט מיטגעגאנגען מיט אייך צוזאמען. אָט דאָס איז דער גאָט אפּיס, דער גאָלדענער אָקס, דער גאָט פון מאכט און רייכקייט, דער גייסט פון מצרים׳שער ציוויליזאציאָן — ער האָט דאָס דיר פון מצרים געצויגען.

* * *

נור פיערציג טעג זיינען פאַראיבער זינד די גרויסע פּאסירונגען פון מתן־תורה; בלויז פיערציג טעג זינד דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט גע־הערט די ווערטער: אנכי... לא תעשה לך פסל... אלהי כסף ואלהי זהב לא תעשה לך! — מאַך זיך קיינע זילבערנע אָדער גאָלדענע געטער — און האָט געענטפערט: נעשה ונשמע! נור אויף פיערציג טעג האָט משה איבערגעלאָזט זיין פאָלק אליין, אום צו פּרובירען איהם און צו זעהן ווי אזוי ער וועט אין זיין אבוועזענהייט דיענען דעם אמת׳ן גאָט, וועט האל־טען די הויכע פּרינציפּען און ערפיהלען זיין נעשה ונשמע. און דאָס פאָלק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין פיערציג טעג, אז משה זיצט אויף דעם געטליכען סיני, צווישען די וואָלקענס, איינזאַם, אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער ערדליכער וועלט, אָהן שפּייז און אָהן וואסער און שרייבט די תורה פיר זיין פאָלק, ער האקט אויס די הייליגע אותיות, די געטליכע ווערטער אין שטיין; ער ערפינדעט אַ וועג צו אויסקריטצען די געטליכע געזעטצע אויף׳ן הארצען פונ׳ם שטיי־נערנעם פאָלק, פון דעם עם קשה ערף. ער פעראייניגט גייסט מיט קערפּער, גאָט מיט מענש; ער פערקערפּערט די הימלישע פּרינציפּען, די געטליכע ווערטער אין לעבען; ער פערבינדעט דעם הימעל מיט דער ערד; שאַפט אַ פערמיטלונג צווישען דאָס גאָטהייט און דאָס מענשהייט. ער רייבט אוועק פון הימעל אַ הייליגע נשמה פיר דער ערד; ער רייבט אוועק פון די מלאכים זייער צירונג און שטאָלץ אום צו געבען עס צו מענשען (שבת פט). ער פאַרבערייטעט אייביגען לעבען פיר דער שטערבליכער מענשהייט, ריינ־קייט און געזונד אנשטאט שמוץ און קראנקהייט.

אָט איז ער שוין יעצט מיט זיין ארבייט פערטיג. ער האָט שוין אין זיינע הענד צוויי גרויסע, שווערע שטיינערנע טאַפלען, אין וועלכע עס זיי־נען אויסגעהאקט די צעהן געטליך־מענשליכע געבאָטע, די גאָטעס־ווערטער פון באַרג סיני, דער עיקר פון דער תורה, די הויפּט־פּרינציפּען פון יודענטהום און פון דער גאנצער ציוויליזירטער מענשהייט.

די הייליגע ווערטער זיינען אויסגעהאקט אין שטיין, אָבער זיי בעריהרען ניט דעם שטיין, זיי הענגען אין דער לופטען, האלטען זיך דורך אַ נס... אזוי האלט זיך די נשמה אין גוף, אזוי האלט זיך דאָס לעבען אין פלייש, אזוי האלט זיך דאָס גייסטיגקייט אין קערפּערליכקייט, אזוי האלט זיך דאָס אמת׳ע גאָטהייט אין דעם שטיינערנעם פאָלק, און אזוי האלט זיך דאָס אידישע פאָלק אין דער מענשהייט...

משה נעהמט אם־ענדע די צוויי לוחות אין זיינע הענד און הויבט זיך אויף, אום צו פערלאָזען די געטליכע הימלען און זיך אומקעהרען צו זיין פאָלק. נאָך שוועבען פיר זיינע אויגען די הייליגע בילדער פון מתן־תורה, נאָך הארכען זיינע אויערען די בעגייסטערטע ווערטער פון זיין פאָלק: נעשה ונשמע. ער איז שטאָלץ אויף זיין פאָלק און ער היילט זיך יעצט צו איהם, אום צו פערפעסטיגען אין איהם מיט שטיינערנע לוחות, צו פערעוויגען אין איהם די גרויסע פּרינציפּען און דעם אנדענקונג פון יענעם גרויסען, הייליגען טאָג און צופיהרען איהם וויטער צו ליכט, גלארע, פרייהייט און גליק.

אָבער אין דער זעלבער מינוט דערהערט משה די געטליך־צאָרניגע שטי־מע: „געה, ניעדער אראָב פון מיינע הייליגע הימלען; ניעדער אראָב פון דיין שטאָלץ, פון דיין גדולה, פון דיין גרויסקייט. דיין פאָלק האָט פער־דאָרבען. דיין פאָלק, אויף וועלכען דו האסט געזאָגט: בנערינו ובזקנינו,

בבנינו ובבנותינו נלך, ווערהענד איך האָב געזאָגט: הוצא את עמי. דאָס איז דיין ערב־רב, דיין פאָלק, מיט וועמען דו בעריהמסט זיך אזוי, מיט וועמעס איינגענשאפטען דו שטאָלצירסט, וועמען דו פיהרסט פון מצרים און דענקסט, אז זיי האָבען פערדיענט צו אויסגעלעזט ווערען איבער זייער איי־גענעם זכות, ווייל זיי זיינען בעסער פון אנדערע, — זיי האָבען אזוי שנעל פערלאָזען דיין וועג, זיך אָבגעקעהרט פון דיין געבאָט, ווי נור דו האָסט זיי פערלאָזען, ווי נור זיי האָבען אויפגעהערט צו זעהן די וואונדער פון דיינע פרינציפען, די מאַטעריעלע נוטצען פון דיינע געטליכע וועגען. אָה, דאָס איז אַ פאָלק פון אַ הארטען נאַקען, איין אייגענשפּארטעס פאָלק, וועלכען עס איז כמעט אונמעגליך צו אָבציהען צוריק פון דעם וועג, וועלכען ער קלייבט זיך איינמאָהל אויס. אָה, לאָז מיך אויסלאָזען צו זיי מיין ברענענדען צאָרען, לאָז מיך פערניכטען זיי אין איין אויגענבליק! „און לאָמיר דיך מאכען פיר דעם גרויסען פאָלק, וועלכען מיר ברויכען צו האָבען!"

זאָ הערט משה די געטליכע ווערטער, זאָ פיהלט ער די פאָדערונג פון דער אבסאָלוטער גערעכטיגקייט, פון דער געטליכער נאָטהווענדיגקייט, פון דעם געטליכען משפט, זאָ פאָדערט די מדת־הדין. דאָס אידישע פאָלק, ווען ער קען ניט און וויל ניט דיענען דעם אמת׳ן גאָט, ווען ער וויל ניט טראָגען דעם הויכען אידעאַל, די אייביגע געזעטצע, די הימלישע פרינציפען, ווען ער נעהמט דיענען פרעמדע געטער, — זאָל פערניכטעט ווערען, פערלאָרען געהן. און משה זאָל נעמען בילדען אַ נייעס פאָלק פון זיך זעלבסט, פון זיינע קינדער, פון זיין קאַסטע, וועלכע זיינען קיינמאָהל געווען פערשקלאַפט, קיין מאָהל געוואוסט פון דיענען און בוקען זיך צו אנדערע, אַט די אידען־אריסטאָקראַטיע, וועלכע זיינען געווען די היטער און טרעגער פון די הויכע אידעאלען, בלויז משה׳ס זאָלען צוזאמענשטעלען דעם עם־הנבחר.

אָבער משה האָט זיך שנעל בעפרייט פון דיזע געפיהלען.

„ניין! — שרייט ער צו גאָט. — וואָס הארט דאָס דיך, וואָס זיי האָבען זיך געמאכט אַ גאָלדענעם גאָט? וואָס הארט דיך, וואָס זיי ווילען געהן אויך מיט דעם אלמענשליכען וועג, מיט דער נאַטור? איז דען די נאַטור ניט דאָס צווייטע גאָטהייט? האָסטו דען ניט בעשאַפען די נאַטור אום צו העלפען דיר פיהרען די וועלט? (תנחומה.) זיינען דען די אידען ניט קיין מענשען? וואָרום זאָלען זיי ניט געהן אויך מיט דעם מענשליכען וועג, מיט דעם וועג פון אַלע מענשען? איך זעלבסט גלויב אויך אז זיי דאַרפען געהען אין דער נאַטור־וועג. און אויב דו ווילסט זיי פערטיליגען דאַפיר, דאַן בין איך אויך אַ געטצענדינער גליך מיט זיי און דו דאַרפסט מיר אויך פערניכטען מיט זיי צוזאמען. דו קענסט פון מיר זעלבסט קיין נייעס, אי־דישעס פאָלק ניט בילדען. אַ פאָלק לעבט אין נאַטירליכע אומשטענדען און עס קען דעריבער ניט בעשטעהן פון איין מין, איין קאַסטע, יחידי־סגלה, אריס־טאָקראַטיע. עס מוזען זיך אין איהם ענטוויקלען פערשידענע עלעמענטען. די אריסטאָקראַטיע, די גרויסע מענשען, דאַרפען זיין די נשמה פון פאָלק, זיינע גייסטיגע פיהרער, אָבער ניט דאָס גאַנצע פאָלק, ניט אליין טראָגען דעם אידעאַל. וואָרום אויב זאָ, וועלען דאָך אַלע, וואָס זאָגען, אז די תורה איז געגעבען בלויז פיר משה׳ס, — זיין גערעכט. די מצרים וועלען פראָק־לאַמירען פיר דער גאַנצער וועלט, אז מיט שלעכט־פערטיגקייט האָסטו די אי־דען אַרויסגעבראַכט פון מצרים, דו קענסט זיי ניט ברענגען צו זיך, אין דיין לאַנד; קיין מענשען קענען דיך ניט נאָכפאָלגען, דעריבער האָסטו זיי פער־ניכטעט אויף די בערג. און ווער וועט דאַן וועלען נאָכפאָלגען דיינע וועגען? ווער וועט דאַן דיין פאָלק זיין? ווי אזוי וועסטו דאַן קאָנען ערפיהלען דיינע הבטחות צו די אבות, צו מאַכען זייערע קינדער פיר אַ גרויסען פאָלק, פיר אַ פאָלק פון שטערען, פון ליכטער אין דעם לאַנד כנען? האָסטו דען ניט קיינע שטערנס, וועלכע בלאַנדזען ארום אין די הימעלס־וועגען? איז דאָס דען מיין פאָלק און ניט דיינער? האָסט דו דען זיי ניט געהאלטען פער־שקלאַפט אין מצרים? האָסט דו זיי דען ניט בעפרייט פון דאָרט? האָסט דו דען ניט בעשאַפען דיזען פאָלק פיר דיינע הייליגע צוועקען, פיר דיינע געטליכע ציעלען און תכליתים אויף דער ערד? האָבען זיי דען, גראַדע יעצט

ווען זיי זעהן דעם אויסשליסליכען וועג, מיט וועלכען דו פיהרסט זיי, דעם שרעקליכען גלות, די זיכטבארע אונגערעכטיגקייט צו זיי און דיינע אויס־שליסליכע זאָרגען וועגען זיי — האָבען זיי דען ניט קיין אורזאכע, גיבסטו זיי דען ניט דאמיט זעלבסט אַ פלאַץ צו חושד זיין דיר, אַז דו זוכסט צו אויספיהרען דורך זיי דיינע געוויסע געטליכע צוועקען, גזרות ? און וואָרום זאָלסטו פיר דאָס זעלבע צאָרנען אויף זיי ?

„און משה קעהרט זיך אָב און לויפט שנעל מיט די לוחות צו זיין פאָלק".

* * *

די וואָלקענס ביים גרונד פון בארג צוגעהן זיך; דער עמוד־העָנן הויבט זיך אויף און טרעט אָב פון דער מחנה ; די צאָרנענדע מדבר־זון לאָזט ארויס איהרע ברענענדע שטראַהלען און בעגיסט מיט אַנ'אונפריינדליכען בליאַסק דעם לאַגער ישראל ; און פיר משה'ס אויגען ערשיינט אַ שרעקליך־עקעל־האַפטעס בילד, אַ שוידערהאַפטע סצענע. אַ גרויסער טהייל פון פאָלק איז פערזאַמעלט ארום אַ גאָלדענעם אקס, טאַנצט און שפּרינגט ארום איהם, בוקט זיך צו איהם און ליאַרעמט : אלה אלקיך ישראל ! — דאָס איז דיין גאָט, וואָס האָט דיר ארויסגעבראַכט פון מצרים.

משה דערקענט דעם גאָלדענעם קאַלב, דעם מצרים'שען גאָט, דעם סימ־באָל פון גבורה און רייכקייט. דאָס איז איינער פון די געטער פון אלע פעלקער, פון דער גאַנצער ציוויליזאַציאָן. דאָס איז דער גאָט, צו וועלכען מענשען זיינען מקריב אלעס, אלע געטער, אלע אידעאַלען, זייער אייגענעם קערפער, הארץ, נשמה. דאָס איז דער גאָט, וועלכען משה בעטראַכט אלס איינעם פון די ערגסטע פיינדע פון דער מענשהייט ; געגען איהם שטרייט ער זיין גאַנצען לעבען און שטרעבט צו מאַכען זיין פאָלק פיר אַ טיכטיגען קעמפּפער געגען דיעזען גאָט און יעצט... איז דאָס דער זעלבער פאָלק, אויף וועמען ער האָט געלעגט אַזעלכע ערהאבענע האָפנונגען, אין וועמען ער האָט נעגלויבט אלס אין עם־הנבחר ? דאָס פאָלק וואָס האָט איבערגעלעבט און לעבט אויך יעצט אין אַזוי פיל וואונדער, אַזוי פיל געטליכקייט, האָט מעהר אלס פירציג טעג ניט געקענט אויסקומען אָהן אַ מענשען, אָהן איהם ! דאָס פאָלק, וואָס איז נור וואָס, ניט דורך מאַכט, ניט מיט דער קראַפט פון גאָלד, נור אויפ'ן איבערנאַטירליכען וועג בעפרייט געוואָרען פון עגיפּטישען יאָך, דאָס פאָלק, וואָס האָט נור וואָס געהערט די געטליכע פּראָקלאַמאַציאָן : כי לי בני ישראל עבדים, אידען זיינען מיינע קנעכט, איהר זאָלט קיינעמס און קיין זאכס קנעכט ניט זיין, נעהמט אויף זיך מיט זיין פרייען ווילען ווידער דעם יאָך פון דער עגיפּטישער קולטור, פון וועלכער זיי האָבען אַזוי פיל גע־ליטען, דאָס הערשאַפט פון גאָלד, פון אַנ'אָקסען־גאָט, פון פהיזישער מאַכט ! דאָס פאָלק וויל ניט בעגרייפען, דאָס דיזע ציוויליזאַציאָן איז שלעכט פיר זיי, ניט נור אלס אונטערדריקטע און פערשקלאַפטע אין מצרים, נור אפילו אלס פרייע ; זי איז שלעכט זעלבסט פיר די הערשער, פיר איהרע טרעגער, ווייל זי איז פאַלש, צופוילט און פערדאָרבען. דאָס פאָלק, וועלכעס האָט זעלבע פערשפּרעכונגען און אויסזיכטען אויף איין ערהאבענע, גלאַרייכע צוקונפט, אָפּפערט אויף דיזע עולם־הבא אויף דעם מזבח פון מאָמענטאַלע ליידענשאַפטס־בעפרידיגונג ! איז דאָס מעגליך לעבט נאָך אין דיזען פאָלק עטוואָס פון וועלכעס ער האָט געחלום'ט און פיר וועלכעס ער אָפּפערט אלעס אין דער וועלט ? איז נאָך אין איהם פערבליעבען עטוואָס פון די גרויסע אייגענשאַפטען פון די אבות ? איז דאָס פאָלק נאָך פעהיג צו אויפ־נעהמען די געטליכע געבאָטע, וועלכע ער טראָגט יעצט צו זיי אין זיינע הענד ? פיר וועמען דאַרף ער זיי יעצט ? צו וועמען טראָגט ער זיי? ווער וועט זיי יעצט אויפנעהמען און איבערגעבען דער מענשהייט ?

און דער איבערמענשליכער משה ווערט פערצווייפעלט. זיין גאַנצער קערפער ציטערט פון פערדרוס און אויפרעגונג. די הייליגע אותיות — די נשמה פון די לוחות — פליהען ארויס פון די שטיינער און דער שטיינערנער

סקעלעט ווערט אונגעהייער שווער אין משה׳ס הענד 21) און ער שליידערט זיי פאָרט און זיי ווערען צושאָטען אויף ברעקליך.

* * *

פול מיט צאָרן פון אַ מענשען, וואָס זעהט ווי אַנדערע צערשטערען זיינע אידעאַלען, פערוויסטען גאַנצע וועלטען און פערדאַרבען גאַנצע דורות, איז משה געקומען אין לאַגער י ש ר א ל. אָבער דאָס ערשטע זאַכע — ווי זור־בענדיג אַ דונער־אַבלייטונג, אַ שעיר לעזאזל, אַן איינצעלנעם שולדיגען, אויף ועמען אַרויפצוואַרפען די שולד און פיעל־וועניג גערעכט מאַכען זיין ליע־בעם פאָלק — וואַרפט ער זיך אַרויף אויף זיין אייגענער ברודער, אהרן: „וואָס האָסטו געדאַט צום פאָלק, וואָרום האָסטו איהם געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט?" — און מיט שטורמישער ענערגיע פון אַ נביא, נעהמט ער זיך צו דער אַרבייט פון ו ב ע ר ת ה ר ע, צו אויסראַמען דעם פערברעכען און די פערפיהרער פון זיין פאָלק.

און מערקווירדיג. דאָס פאָלק האָט זיך ניט געשטעלט ענטקעגען משה׳ן, האָט ניט בעשיצט זיין נייעם גאָט און זיינע פּריסטער, האָט זיך ניט אָנגע־נומען פיר זיין נייעם גלויבען און זיינע פערפיהרער, דאָס געטצען־דיענסט האָט קיינע טיעפע וואָרצלען אין איהם ניט געלאָזען. דאָס איז בלויז געוועזן אַ הייפעל ע ר ב ־ ר ב, פון דיעזע, וועלכע זיינען ערצויגען געוואָרען אויפ׳ן עגיפּטישען קולט און גייסט, פון אייניגע אַלטע געטצען־דיענערשע פּריסטער, ריסיאָנערען, וועלכע האָבען געדענקט צו פּראָפּיטירען דאַביי — דיעזע האָבען דאָס זאָ בעגייסטערט זיך איבערגעגעבען צום גאָלדענעם קאַלב. דאָס גאַנצע פאָלק איז פערבליבען ווי אונבעריהרט, אינדיפערענט, אָבוואָהל דאָס הייסט: אינדירעקט אַנטהייל גענומען. אַ גרויסער טהייל פון פאָלק האָט זיך נאָכ־געשלעפּט גלאַט אַזוי, אַלס מאָדע... און אין אַלגעמיין האָט דאָס אויסגעזעהן ווי אַ פּראָבע, ווי אָנמעסטען אויף זיך אויף אַ ווײַלע דעם מאַנטעל פון דער הערשענדער ציוויליזאַציאָן. דאָס איז ביי דעם פאָלק אויך געוועזן איינע פון די וועגען, דורך וועלכע ער האָט געזוכט און געלערענט זיין גאָט. און ווי נור משה איז צוריק־געקומען, האָט זיי אויסגע׳מוסר׳ט און אויפגעקלעהרט, האָבען זיי אַנערקענט זייער שולד און מיט פאָלשטענדיגער רוהיגקייט און אונטערטהעניגקייט האָבען זיי מקבל באהבה געוועזן זייער שטראָפע און רוהיג צוגעקוקט, ווי אַזוי זייער גאָט, דער גאָלדענער קאַלב, ווערט צוריבען אויף שטויב און צושפּרייט אויפ׳ן וואַסער, וועלכע זיי זעלבסט דאַרפען טרינקען, און ווי אַזוי אַ הייפעלע לויים געהען פון הויז צו הויז און טויטען יעדען איינעם פון די הויפּט אַנטהייל־נעהמער אין באַקכאַנאַליע, און קיינער שטערט זיי ניט.

דאָס פאָלק האָט דורכגעמאַכט דעם עקספּערימענט, צו געהן בלויז מיט דעם נאַטירליכען וועג, מיט דעם וועג פון חומר, אָהן דעם גייסט, אָהן דער געטליכקייט און האָט זיך באַלד אַרומגעזעהן זיין טעות. ער האָט זיך דאָן אויך איבערצייגט, אַז דער יאָך פון אַפּיס איז ניט לייכטער ווי פון ש ד י, אָלימפּ איז ניט גרינגער פון חורב און פאַרנאַס — פון סיני, און דאָס דער ריטואַל און צערעמאָניעס פון גאָלדענעם קאַלב זיינען ניט וועניגער און ניט שעהנער פון די אידישע, נור שמוציג, עקעלהאַפט, פערברעכעריש און שעדליך. און ווען משה האָט זיי געזאָגט, דאָס איבער זייער פערברעכען פערלאָזט זיי דאָס געטליכקייט, דער אידישער גאָט, „איז ביי זיי געוואָרען אַ טרויער" (שמות תשא).

— ניין! — האָט משה זיך געטרייסט, — די זאַך שטעהט נאָך ניט אַזוי שלעכט. דאָס פאָלק איז איינגעשפּאַרט, האַרטנעקיג; דיעזער דור איז אַ ד ו ר ־ ד ע ה, אַ ד ו ר א פ י ק ו ר ס י ם. דאָס זיינען אַלץ

21) בשעה שנתן הקב"ה את הלוחות למשה היו סובלין את עצמן, כיון שראה משה את העגל פרח הכתב מעליהן ונמצאו כבדים על ידיו של משה.... (תנחומה.) די געטליכע געזעטצע אין דעם געטליכען אידעאַל, די עשרת הדברות אָהן גאָט, אין די הענד פון געטצענדיענער, תורה אָהן אידישען פאָלק, זיינען ווערטהלאָז, שווער, פאַלען און ווערען צובראָכען...

נעגאַטיווע אייגענשאַפטען, וועלכע זיינען יעצט נויטיג פיר איהם, אום צו צוברעכען די געטער פון מצרים, צו מחריב זיין זיינע אלטע גלות־וועלטען און צו בעפרייען זיך פון די איינבילדונגען פון דער אַלטער ציוויליזאַציאָן. יעצט האָט ער דיזע צערשטערונגס־אייגענשאַפטען אַריבערגעטראָגען אויף זיין אייגענער געבײדע, אויף זיין אייגענער תורה, ער פּרובירט זיין גאָט, פּרובירט זיינע פיהרער, עקספּערימענטירט מיט זיינע און פרעמדע לעהרעס און טהעאָריעס. אָבער דאָס איז בלויז אויף אַ ווײלע, די טהעטיגקייט פון זיינע נעגאַטיווע אייגענשאַפטען וועט באַלד אַריבער. ער וועט זיי אַריבערטראָגען אויף דער פרעמדער זייט. דאַן וועלען אַרויסטרעטען זיינע פּאָזיטיווע אייגענשאַפטען אויפצובויען זיין אייגענעם בנין, זיינע אייגענע וועלטען. דורך די עקספּערימענטען וועט ער אויסגעפינען דעם אמת. לערנענדיג דאָס פרעמדע וועט ער דערקענען דאָס אייגענע. דאָס האַרטנעקיגקייט איז זיין גרויסער פעהלער, אָבער אויך זיין גרויסע מעלה. נור אַזאַ פאָלק מיט אַזאַ פעסטען און האַרטען נאַקען איז דאָס ריכטיגע שטאָף פיר דער געטליכער מיסיאָן. ער וועט מאַנכעס מאָל אירען, בלאָנדזען, זיך שטרויכלען, פאַלען. אָבער דורך דיזע אירטהימע וועט ער דעם אמת ערפאַהרען. נאָך דיזע בלאָנדזענעס וועט ער וויסען ווי טהייער דעם ריכטיגען וועג צו שעצען. ער וועט אימער זיין אימשטאַנדע צו אויפהויבען זיך נאָך זיין פאַלען און וועט קיין מאָל ניט פערזינקען אין זומפּף פון צופוילונג און פערניכטונג, אַזוי ווי די אַנדערע פעלקער.

— אָה, גאָט! — שרייט דאַן משה אין זיין תפלה. — פערצייהע דיין פאָלק, ווייל ער איז אַן עם קשה ערף! פערגיעב איהם זיינע זינד, ווייל ער איז אַ האַרטנעקיג און גרויסעס פאָלק! זיין זינד איז דאָך גרויס, ווייל ער איז גרויס. — אַנדערע פעלקער טהוען דאָך אימער דאָס, וואָס ער טהוט בלויז אַ מאָל פיר איין אויגענבליק. — ווייל זיין זינדע איז גרויס מוזטו דאָך איהם פערצייהען, וואָרום דאָס בעשטראָפונג איז אונמעגליך, ווייל דאָס מיינט — פערניכטונג. „וסלחת לעוננו כי רב הוא“ (שמות תשא).

דאַן הערט משה וויעדער די געטליכע ווערטער: „זאָל אַלזאָ פון יעצט אָן מיין מלאך געהן פיר דאָס פאָלק. איך וועל ניט אויפגעהן צווישען דיר, ווייל דו ביזט האַרטנעקיג, אום איך זאָל דיר אין איין רגע ניט פערניכטען. ווען איך זאָל געהן מיט אייך, ווען איהר זאָלט געפיהרט ווערען מיט דעם געטליכען וועג, מיט אָפענע נסים, ווען איהר וועט זעהן אָפען דאָס געטליכקייט און דאָך זינדיגען, וועט איהר פערדיענען די שטראָפע פון מאָמענטאַלע פערניכטונג. דען די מאָס פון דער שטראָפע איז גלייך צו די גרויסקייט פון דעם מענשען, צו זיינע בעגריעפע וועגען דער גאָטהייט. נור איבערמענשען, וועלכע זיינען האַרטנעקיג אין זייער פולען גלויבען און בטחון אין מיר, אין זייער נאָכפאָלגען מיך, קענען געהן מיט מיין זיכטבאַר געטליכען וועג, אָבער ניט אַזעלכע, וועלכע נאָך הונדערטע מאָל איבערצייגונג, פערלאָזען זיי מיך דאָך און זינדיגען געגען מיר. געהט אייך יעצט מיט אייער נאַטירליכען וועג, מיט מיין מלאך, אָבער היט זיך פיר איהם, דען ער וועט אייך ניט פערצייהען! (שמות רג). דער מלאך, די נאַטור, איז טויב און שטום, די נאַטור בעשטראָפט אונערבאַרעמליך די יעניגע, וואָס זינדיגען געגען איהר און טרעטען איבער איהרע געזעצע. די נאַטור ווייס ניט פון פערצייהונג און רחמנות. געה פיהר יעצט דיין פאָלק. יעצט מוזען זיי זיין צופריעדען מיט דיר, מיט'ן מענשליכען וועג. אָבער וביום פקדי ופקדתי (שמות תשא).

— ניין! — טענה'ט משה — אָדער פערצייהע און געה דו מיט אונז, אָדער מעק מיך אויס פון דיין בוך, וועלכען דו האָסט געשריעבען. וואָרום איך בין ניט בעסער פון זיי. איך טהו דאָס זעלבע וואָס מיין פאָלק. איך זאָג אויך הודיעני את דרכיך. איך וויל דיך אויך קענען, וויסען, לערנען. אָה, גאָט, לאָז מיך וויסען דיינע וועגען! מיט וועלכע וועגען ווילסטו אונז פיהרען, מיט וועלכע וועגען זאָלען מיר געהן? מיט דעם וועג פון דער תורה, מיט דעם וועג פון נבואה, מיט דער מדת הדין והמשפט, אָדער מיט דער מדת־החסד והרחמים? הודיעני נא את דרכיך! איך האָב דיין תורה אָנגענומען אַלס מענש. איך

האָב זי צוגענומען פון די מלאכים אין הימעל און געבראַכט צו די מענשען אויף דער ערד, נור ווייל אין איהר איז געשריעבען, אַז דו ביזט אַן אל טוב וסלח, אַן אל ארך אפים, אַן אל רחום וחנון אַ עושה חסד. אין דיעזער תורה האָסטו אונז געלערענט: „כי אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא“, עס איז אונמעגליך פיר אַ מענשען צו זיין פאָלקאָם ריין פון זינדע. און דעריבער האָסטו אונז געלערנט די דינים פון קרבנות און די וועגען פון תשובה, צו מכפר זיין אויף אונזערע זינדע. און יעצט, אויב דו וועסט אונז ניט פערצייהען, האָב איך, מענש, מעהר קיין טייל און קיין פלאַץ אין דיעזער תורה, מעק מיך אויס פון איהר. און אויב דו זעלבסט וועסט ניט געהן מיט אונז, אויב דו זעלבסט וועסט אונז ניט פיהרען מיט דיין אויס־שליסליך־געטליכען וועג, דאַן ברענג אונז גאָר ניט ארויס פון דאַנען, דאַן איז אונמעגליך אונזער אריינקומען און עקזיסטירען אַלס פאָלק צווישען די פעלקער. דען דיין תורה שליסט אונז טהיילווייז אויס פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, שטעלט אונז אין אָפּאָזיציאָן צו אַלעמען אויף דער ערד, ציהט אויף אונז די אויפמערקזאמקייט פון די פעלקער, וועלכע וועלען לאַנג, לאַנג אונז ניט פערשטעהן, ניט בעגרייפען און פערפאָלגען. דיעזע געזעצע שטע־לען אונז אויך אין אַ פיעל ערגערע פּאָזיציאָן אַלס די אַנדערע פעלקער, דאַמיט, וואָס פיעלע פון די מיטלען וועלכע זיי ווענדען אָן געגען אונז איז אונז פערבאָטען. זיי זיינען מעהר פון אונז, זיי זיינען ווילדער פון אונז. מיר זיינען צווישען די אומות־העולם, ווי מענשען צווישען רויב־טהיערע, ווי אַ אונבעקאַנטער ציוויליזירטער מענש צווישען קאַניבאַלס (מענשען־פרעסערס). ווי אַזוי וועלען מיר קענען עקזיסטירען צווישען זיי אָהן דיין ספּעציעלע הילפע? ווי אַזוי וועלען מיר קענען היטען דיעזע געזעצע, טראָגען דיין תורה, געהן אין דיינע וועגען, ווען דו זעלבסט וועסט אונז ניט פיהרען, ניט ווייזען זיי צו אונז? און ווען דו זעלבסט וועסט ניט געהן מיט אונז, דאַן איז צוועקלאָז אונזער עקזיסטירען אַלס אַ בעזונדערע נאַציאָן. דען מיט וואָס וועלען מיר זיך אונטערשיידען פון אַנדערע נאַציאָנען? מיט וואָס וועלען מיר זיין אויסגע־צייכענט פון אַלע פעלקער אויף דער ערד? זאָגאָר די תורה, די ערהאַבענסטע געזעצע, ווען זיי קומען בלויז אַלס געזעצע, ווען מען זאָל פון זיי אַראָבנעהמען דעם אָרעאָל פון באַרג סיני, זיינען זיי ניט גענוג צו אויסצוייכענען אונז, צו מאַכען אונז פאַר דעם עם הנבחר. דען די מעהרסטע פון דיעזע געזעצע זיינען שוועסטער־צווילינגס צו די נאַטור־געזעצע און מענשען קענען און דאַרפען זיי דערגרייכען מיט׳ן מענשליך־נאַטירליכען וועג. די הויפּט־זאַכע, אַלזאָ, איז פניך הולכים, דו זעלבסט זאָל זיין מיט אונז, דיין השגחה זאָל זיין אויף אונז, דו זאָלסט אונז פיהרען אין דיינע וועגען, מיר זאָלען בעגרייפען דיינע מדות, מיר זאָלען פיהלען דאָס געטליכקייט אין די געזעצע און די תורה — אין דער גאָטהייט. און דאָס די מענשען זאָלען זעהען די געטליכע האַנד, וואָס פיהרט אונז און בעשיצט אונז אויף איין אויסשליסליך־געטליכען אופן.

— גוט, — זאָגט גאָט. — דו דרינגסט אַריין אין מיינע וועגען. דו בע־גרייפסט די וואַרהייט; אַזוי ברויך עס צו זיין. דאַפיר ביזטו געזעליגט אין מיינע אויגען. איך וועל געהן און פיהרען דיך.

---

דאַן האָט משה אַריינגעדרונגען אין די סודות פון דער גאָטהייט, אין די פערבאָרגענע ווינקעלעך פון דער סעקרעטער וועלט־פיהרונג. דאַן האָבען זיך געעפענט פאַר איהם אַלע הימלען און ער האָט דערזעהען די אַלע וועגען און שטעגען פון דעם גאַנצען בעשאַף, די בעוועגענדע קרעפטען פון דער אוני־ווערסאַל, די בעלעבונגס־קראַפט פון דער נאַטור, די סודות פון עקזיסטענץ און איבערהויפּט די וועגען, די מעטהאָדען, די מדות של הקב״ה, מיט וועלכע ער פיהרט די זיכטבאַרע און פערהילענע וועלטען און וועלכע זיינען די פערהילענע גרונד־שטיינער אין די פונדאַמענטען פון תורת־משה.

אָבער משה שטעלט זיך דאַביי ניט אָב. זיין גרויסער פאָרשענדער גייסט בענוגענט זיך ניט דאַמיט וואָס ער האָט שוין ערדרייכט אַזוי פיעל, וואָס קיין ילוד־אשה האָט ניט ערדרייכט: עס איז איהם ווייניג וואָס ער האָט אַריינגעדרונגען אַזוי טיעף, וואו קיין מענשליכער געדאַנק האָט ניט געוואַגט

צו אויפהויבען זיך. משה בעט: „הראיני נא את כבודך!“ — צייג מיר דיין עהרע! ער וויל בעגרייפען דעם מהות, דעם „וואָס איז גאָט?“ ער וויל זעהן גאָט זעלבסט. ער שטעלט זיך ניט צופריעדען מיט'ן וויסען דאָס ווירקונג, דער רעאגירונג, דאָס אויסערליכע ענטפלעקונג פון גאָטעס ווילען, וועגען, פיהרונג און קראַפט. ער וויל זעהן דאָס גאָטהייט זעלבסט.

אָבער דאַן בעקומט משה דעם געטליכען ענטפער: „דו קענסט מיין געזיכט ניט זעהן, כי לא יראני האדם וחי. דער מענש קען מיך ניט זעהען וייל ער לעבט“.

די וועלט, די נאַטור, דאָס גאַנצע זיכטבארע בעשאַף איז בלויז דער מאַנטעל, די מאַסקע, די שירמע אונטער וועלכע דאָס גאָטהייט פערדעקט זיך פון די לעבענדיגע. דער מענש איז אויך אַ טהייל פון דער נאַטור. דער *איך* פון דעם מענשען איז איינגעוויקעלט אין דער נאַטירליכער וועבע, אין דעם קערפער, אין דער נאַטור. און אום צו זעהן גאָט, מוז דער מענש זיך שטעלען אויף דער אַנדערער זייט שירמע, אויסער דער נאַטור, וואו עס איז מעהר קיין קערפערליכעס ניטאָ, וואו דאָס גאָטהייט איז אויפגעדעקט, אָהן דער מאַסקע, ער מוז אַרויסגעהן פון דער נאַטור, ער מוז *אויפהערען צו לעבען*. ווען דער מענש זאָל גאָט זעהן, דאַן מוז ער זיין פרייען ווילען, זיין *בחירה* פערלירען, דאַן הערט ער אויף מענש צו זיין, דאַן ווערט ער אַ מלאך און דאַן קאָן ער אויף דער ערד ניט עקזיסטירען.

דאַן האָט משה, אויף גאָטעס אָנצייגען, זיך אויפגעהויבען און געשטעלט אויף דעם אונבעוואַפענטען פעלז, אויף יענער שטופע פון מענשליכער הויכקייט, וואו דעם מענשען'ס מאָראַל פערבלייבט שוין בעשטענדיג, אונבעוועגנד, אונגעענדערט. און דאַן האָט גאָט ערשיענען פיר איהם. אָבער בלויז פון הינטען האָט ער איהם געזעהען, די טריט, דעם וועג, וואו דאָס גאָטהייט איז שוין פאַראיבער, אָבער ניט *דאָס געזיכט*, ניט דעם וועג, וואוהין גאָט געהט, ניט די ווייטע צייטען פון דער אונענדליכער צוקונפט, ניט דעם ציעל, דעם תכלות, וואוהין גאָטעס געזיכט איז געווענדעט....

דאַן איז משה געפאלען אויף זיין געזיכט צו דער ערד און האָט אויסגערופען: „אָה, גאָט, ערבאַרעמיגער און בעזעליגער, אל ארך אפים, גאָט פון גנאַדע און ווארהייט, גאָט, וואָס פערליידט די זינדע, געה דאָך מיט אונז, אָבוואָהל און וייל מיר זיינען אַן עם קשה ערף, *מיר* זיינען דאָך *דיין* פאָלק, פערצייהע אונזערע זינדע!

דאַן האָט גאָט בענייעט זיין פערבאַנד מיט משה'ן און אידישען פאָלק און דאַן האָט ער זיי פערבאָטען צו שליסען אַ פערבאַנד מיט דער בעפעלקערונג פון כנען, צו הייראַטען זייערע קינדער, ווייל דאָס מוז אונבעדינגט צערשטערען זייער פערבאַנד מיט גאָט; דען די פרעמדע קינדער וועלען אָבקעהרען די אידישע קינדער פון גאָטעס וועג. דאַן האָט ער זיי פערזאָגט, אין געגענזאַץ פון זייער דיענען דעם פרעמדען גאָט, דעם גאָלדענעם קאַלב, צו צערשמעטערען די פרעמדע געטער מיט זייערע אומריינע הייליגקייטען.

אָבער פון דאַן אָן, זינד דעם *עגל*, יעדען מאָל, ווען אידען פערלאָזען דעם אידישען גאָט און נעהמען דיענען דעם גאָלדענעם קאַלב, קומט דער *ופקדתי* און זייער גאָלד ווערט דאַן צוריבען און פערשפּרייט אויף די פרעמדע וואַסערען, און זיי זעלבסט מוזען טרינקען דיזע וואַסער, וועלכע פערשאַפט זיי פיין און פערניכטונג.

* * *

## די בויאונגס ארבייט און די אינערליכע איינאָרדנונגען.

עס זיינען פאַראיבער ביינאַהע צוויי יאָהר זינד דאָס פאָלק איז ענטרונען פון שקלאַפעריי אין מצרים. עס איז שוין צוויי יאָהר, אַז דאָס פאָלק פיהרט אין דער פרייער וויסטע אַן אייגענאַרטיגען פרייען לעבען. אונטער דיעזער קורצער צייט איז פיעלעס געטהאָן געוואָרען אום צו אויסוואָרצלען פון זייערע הערצער די שקלאַפישע געפיהלען און צו איינפלאַנצען אין זיי געפיהלען פון זעלבסטווירדע, נאַציאָנאַלען שטאָלץ, מוטה, ענטוואַגונג, דרייסטקייט און טאַפּפערקייט. עס איז פיעלעס אויפגעטהאָן געוואָרען צו פעראייניגען אלע בעזונדערע שבטים אין איין נאַציאָן, צו נייגען אלע זייערע געדאַנקען און

געפיהלען צו איין צוועק, צו בעשאפען אין זיי איינס, פיר אלעמען אלגעמיינעס, שטרעבונג, איין אידעאל, דורך דאָס אנערקענונג פון איין גאָט, איין תורה, איינע און די זעלבע פיר אלעמען געזעצע, איין ארט לעבען, איין טעמפעל און איין אלגעמיינע, בויענדע טהעטיגקייט — דורך בויען דעם משכן.

אין מצרים, אין גלות, זיינען זיי געווען ניט אינערליך פעראייניגט, נור בלויז צוזאמענגעקוועטשט פון דעם אויסערליכען דרוק, דורך די אלגעמיינע צרות. דאָס איז געווען, ווי צו זאָגען, ניט קיין כעמישעס פעראייניגונג, נור א מעכאַנישעס צוזאַמענקלאַפּונג. זייער אינערליכער גייסט איז דורך די אומ־שטענדען פעררָאסטעט און אבגעשוואכט געוואָרען און האָט זיי ניט גענוג צוזאַמענגעהאלטען. און דעריבער, ווי נור איינער האָט, דורך פערשיעדענע אומשטענדען, אויפגעהערט צו ליידען די צרות פון זיין פאָלק, האָט ער אויך אויפגעהערט צו פיהלען די נאַציאָנאַלע ליידען, האָט ער זיך אין גאַנצען ערווייטערט, אבגעריסען פון זיין פאָלק, האָט ער בלויז זיך מאַטעריאַליש צו רעטען געזוכט און זיין נאַציאָן פעררַאטהען.

יעצט איז בעשאַפען געוואָרען דער נאַטירליכער שטאָף, וואָס זאָל זיי צוזאַמענשמעלצען אין איין נאַציאָנאַלען קערפּער דורך דאָס בעזיצונג פון איין נשמה.

די מאַטעריעלע אַטריבוטען, די אויסערליכע פאַקטאָרען, ווי א לאַנד, א רעגיערונג א. ד. גל., זאָגאר דאָס בלוט, די אַבשטאַמונג, זיינען ניט אימער גענוג צו פעראייניגען, אימער צוזאַמען האלטען און פיהרען א פאָלק צו איין צוועק. די הויפּטזאַכע איז דער גייסטיגער פאַקטאָר, דער רוחני, דער הויפּט אידעאל, וואָס זאָל לעבען אין פאָלק און בעלעבען דאָס פאָלק, וועלכען דאָס פאָלק זאָל שטעלען העכער פון אלעס אין דער וועלט, צו וועלכען אלע פאָלקס־טהיילען זאָלען מאַכען אונטערטהעניג זייערע אלע ספּעציעלע שטרעבונגען, אידעאַלען און אינטערעסען און פון וועלכענס אויסגאַנגס־פּונקט אלע נאַ־ציאָנאַלע אַטריבוטען זאָלען געשאַפען ווערען.

אָבער די נשמה מוז האָבען א קערפּער, דער אָביעקט — א סוביעקט; דער אידעאַל מוז האָבען א מאַטעריעלען אינהאַלט, א געפיהל מוז האָבען איבונגען, אום עס זאָל ניט איינדרעמלען, אַטראָפּירט ווערען אָדער פער־בלאָנדזען אין א אונגעווינשטע זייט. דער מענש איז בעשאַפען צו טהעטיג־קייט. דעם מענשען'ס גייסט קען ניט רוהען. אויב דער מענש בעקומט ניט קיין גוטע ווענדונג, אויב זיין גייסט ווערט ניט געאיבט אין נוטצליכע טהעע־טיגקייט, דאַן פאַנגט ער אָן צו ארבייטען וואָס עס איז, אונוצליכעס, שעד־ליכעס. דאַן ווערט דער מלאך וואָס איז אין מענשען, א שד, א מזיק.

און דאַן זיינען זיי בעפאָהלען געוואָרען צו בויען.

ביז אהער האָבען זיי געקענט בויען נור פרעמדע טעמפּלען, פרעמדע לענ־דער, פרעמדע שטעדט, פרעמדע קולטור, פרעמדען גליק און עהרע. יעצט זיינען זיי בעאויפטראַגט געוואָרען צו בויען זייער אייגענעם טעמפּעל, זייער אייגענע עהרע, גליק און צוקונפט. ביז אהער זיינען זיי געווען קינסטלער אין נעגאַטיווען זינען, אין קריטיקירען און מחריב זיין זייערע אייגענע וועלטען, יעצט האָט משה זיי געלערנט בויען. יעצט האָט אָנגעפאַנגען צו ערפילט ווערען משה'ס האָפנונג, דאָס נאָך זייער נעגאַטיווע, צערשטערענדע ארבייט, וועט זיך אָנפאַנגען די פּאָזיטיווע בויאונגס־ארבייט, עס וועלען זיך ארויס־ווייזען זייערע בעסערע אייגענשאַפטען.

דאַן האָט זיי משה געלערנט צו בויען א משכן, — אַן אלגעמיינעם גאָטעס־הויז, איין אלגעמיינעם הייליגקייט פיר דאָס גאַנצעס פאָלק. איין משכן, איין טעמפּעל און איין קאָנגרעגאַציאָן. אין דיעזען משכן רוהט דאָס געטליכקייט. דער משכן איז דער מיטעלפּונקט, דער צענטער פון גאַנצען פאָלק. יעדער העלפט, יעדער נעהמט אנטהייל אין דאָס בויאונג פון משכן, יעדער האָט א גלייכען טהייל אין משכן, אין דאָס הייליגקייט. דאָס געט־ליכקייט רוהט אויף אלעמען גלייך אין פאָלק, אין יעדען איינעם פון פאָלק. פיעלע משכנים, א סך טעמפּלען, מעהרערע הייליגקייטען, מוזען דעם פאָלק צוטהיילען, צעררייסען און נאַטירליך אָבשוואַכען.

אלע אידען צוזאַמען מוזען בויען זייער גייסטיגען צענטער, דעם פּלאַץ

פאַר דאָס געטליכקייט. די שכינה רוהט נור אין איין בעשטימטען פּלאַץ, אין דער מיטע פון דער נאַציאָן, ווען דאָס פאָלק איז קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ אַרום זיין היילינקייט. ווען דאָס פאָלק לעבט אין צעררייסענהייט מיט בעזונדערע צענטרען און טעמפּלען, מיט פערשיעדענע היילינקייטען, ווען דאָס פאָלק איז צוזייט און צושפּרייט אויף דער וועלט, אין גלות, דאַן איז דאָס געטליכקייט ניט אין זיי, דאַן איז די שכינה אויך אין גלות, דאַן זיינען זיי גלייך ווי זיי האָבען קיין גאָט. 23)

דער משכן איז ניט מעהר ווי אַ געביידע וואָס איז בעשטימט פון דעם גאַנצען פאָלק אַלס אַ פּלאַץ פיר דעם היילינען גייסט פון פאָלק. אום אָבער דער משכן זאָל קאָנען אויסאיבען זיין גאַנצע ווירקונג, מוז ער נאָך האָבען געוויסע מיטלען, ווערקציינ. דיעזע זיינען צווייערליי: גייסטיגע אָדער מאָראַלישע און מאַטעריעלע. צו די ערסטע בעלאַנגען דער אידעאַל און דעם מענשען׳ס געוויסען, צו די צווייטע — די מנהגים און דער ריטואַל פון דער גאָטעס־דיענסט. 24)

אין דעם מענשען לעבט אַ געוויסען. דאָס איז דער קאָנטראָלער איבער אַלע פונקציעס פון דעם מענשען.

ניט ביי אַלע מענשען און ניט אימער פיהלט זיך די פונקציאָן פון געוויסען גלייכמעסיג. עס גיבען אָבער מאָמענטען אין לעבען, ווען דער געוויסען ערוואַכט און פאָדערט מיט אונגעהייערע קראַפט צו אָברייניגען איהם פון דעם שמוטץ, וואָס דער מענש האָט אויף איהם אַרויפגעוואָרפען. און וועה איז דעם מענשען, וואָס פיהלט זיך ניט אימשטאַנד צו אָבוואַשען זיין געוויסען און אומקעהרען איהם זיין ריינקייט. יענער מענש מוז פאַלען געגנצ־ליך, פערזינקען אין זומפּף פון שמוץ אויף אייביג. קיין מענש אין דער וועלט איז ניט ריין פון זינדע. קיין מענש אין דער וועלט קען ניט איינהאַלטען זיין געוויסען ריין ווי אין דעם טאָג וואָס ער איז געבאָרען געוואָרען. און אום דער געוויסען זאָל אין גאַנצען ניט פערפעסטעט ווערען, מוז דער מענש האָבען דיזענפעקציאָנס־מיטלען, צו אָברייניגען איהם פון צייט צו צייט פונקט ווי מען רייניגט דעם קערפּער און אַלעס אין לעבען. דעם מענשענס געוויסען בערוהיגט זיך ניט מיט אינערליכען זעלבסט־בערוהיגונג. ער פאָדערט נאָך אויך אויסערליכע טהאַטליכקייט, און זעהבאַרע הסכמה פון אויטאָריטעט. (דאָס איז דער מקור פון דער זאָנדערבאַרער ערשיינונג, וואָס מיר זעהען אין לעבען, ווי אַזוי מיליאָנען מענשען זיינען צוגעבונדען צו זייערע גייסטליכע: קריסטען צו זייערע גלחים און חסידים צו זייערע רביים, פון וועלכע זיי ער־וואַרטען מחילה. דאָס איז נאַטירליך, פּסיכאָלאָגיש־מענשליך.).

און דעריבער האָט זיי משה געגעבען קרבנות 25).

ק ר ב נ ו ת איז אַן׳אַלגעמיין מענשליכע, כמעט אין איינע יאָהרען מיט דער מענשהייט, אינסטיטוציאָן. משה האָט דאָס אָבער אָבגערייניגט פון דעם פּעראוּנרייניגטען אינהאַלט און האָט דאָס פּעראַידישט, פּעראידעאַליזירט. וועהרענד ביי אַלע אַלטע פעלקער זיינען די קרבנות געווען אַ מין כאַ־

23) ונתתי לך ולזרעך אחריך את הארץ הזאת לאחזת עולם להיות לכם לאלקים (בראשית לך). מכאן שכל הדר בחוצה לארץ דומה כמי שאין לו אלה (כתובות ג).

24) ריטואַלען עקזיסטירען ניט בלויז אין רעליגיאָן, נור אין יעדער גע־זעלשאַפטליכער קאָמוניקאַציאָן.

25) איך בין ניט איבערצייגט, דאָס די צוקינפטיגע אידישע אויפלע־בונג, וועט אויפלעבען דעם ריטואַל פון קרבנות. אָבער איך בין ניט איינ־שטימיג מיט דער מיינונג, דאָס די קרבנות זיינען געווען אַ ברוטאַלע גאָטעס־דיענסט, וואָס מיט דעם בלוט פון אַ בעשעפעניש זאָל מען וועלען אָבקומען אייגענע זינדע. ברענגען דען יעצט ניט אַלע מענשען פון דער וועלט אַלע בעשעפענעסען אַלס קרבנות צו זייערע ניט נור בעדערפניסע, נור לוקסוס און ליידענשאַפטען? דאָס הייסט קרבנות ניט צו גאָט, נור צו דעם טייפעל וואָס זיצט אין זיי. די הויפּטזאַכע איז דער אינערליכער געדאַנק, דער נעפּיהל, וואָס דער מענש פיהלט דאַביי.

באַר פיר די ערוואַרטעטע טובות, אָדער אַ בעלאָהנונג פיר די בעקומענע גוטעס, זיינען זיי ביי אידען געווען נור אַ חטאת, אַ כפרה, אַ רייניגונג, אַנ׳אָבווישונג, אַ דיזענפעקציאָן פיר זיין געוויסען. דער איד האָט געדאַרפט אימער וויסען אַז ער דאַרף האַלטען זיין געוויסען ריין, ער דאַרף זיך היטען פון זינדע. ער האָט אָבער אויך געדאַרפט וויסען אַז ריין קען נור זיין גאָט אָדער אַ מלאך. אַ מענש איז פעהיג צו איהרען. אָבער זיין תורה, וועלכע האָט אויף איהם אַרויפגעלייגט אַזוי פיעל פפליכטען, געשאַפען אַזוי פיעל אורזאַכען צו פערזינדיגען, גיט איהם אויך דאָס מעגליכקייט צו ריין ווערען פון זייגע זינדע. דער זעלבער גאָט צו וועמען ער פערזינדיגט, דער א ל ק נ א ו נ ו ק ם, איז אויך דער ס ו ל ח ו מ ו ח ל, דער זעלבער פער־גיבט איהם זיינע זינדע, ווען ער קומט, איז מודה און בעשליסט זיך מעהר ניט ווידערהאָלען זיין שלעכטע טהאַט. ניט גאָט דאַרף האָבען דעם קרבן, נור דעם מענשענס געוויסען דאַרף עס. (וויפיעל וואָלטען פיעלע מענשען גע־אָפּפערט, אום צו קענען ווידערקעהרען דאָס ריינקייט פון געוויסען!) ניט דעם קרבן דאַרף גאָט האָבען, נור די פעהיגקייט און פערטיגקייט פון דעם מענשען צו ברענגען דעם קרבן, דעם אָפּפער פון זיין האָב, פיר זיין ריינקייט, אום דער מענש זאָל פיהלען דאָס זיין זינדע איז פערגעבען, דאָס זיין גאָט איז איהם מוחל, דאָס ער איז ווידער ש ל ו ם מיט זיין גאָט, מיט זיין גע־וויסען, און זאָל זיך בערוהיגען, און זאָל זיך פיהלען פיר אַ שטאָלצען מענשען.

דעריבער דאַרף דער קרבן געבראַכט ווערען אין דעם בעשטימטע הייליגען אָרט און מיט הייליגע געפיהלען און געדאַנקען. אַ מ ח ש ב ה ז ר ה, ח ו ץ ל מ ק ו מ ו ו ח ו ץ ל ז מ נ ו, אַ שלעכטער געדאַנק, אַ געדאַנק וועגען מקריב זיין דעם קרבן אויסער דעם הייליגען פּלאַץ אָדער ניט אין דער בעשטימטער צייט, אָדער ניט צו גאָט, ש ל א ל ש ם ק ר ב ן, פּסל׳ט דעם קרבן.

דער קרבן קען ניט פערגעבען אויף זינדע געגען מענשען. גאָט איז ניט מוחל פיר קיינע קרבנות און קיינע גוטע מעשים, די פערברעכען, וואָס אַ מענש בעגעהט געגען דעם צווייטען, ביז ער קומט ניט דורך מיט דעם בע־לייַדיגטען און דער בעליידיגטער איז איהם מוחל. און דער איד וויים אַלזאָ, אַז ער קען ניט אָברייניגען זיין געוויסען פיר גאָט בעפאָר ער האָט איהם געמאַכט ריין פיר מענשען. אום צו זיין פרום מוז ער זיין גוט.

און ברענגענדיג זיין קרבן צו גאָט און ערוואַרטענדיג מחילה, עראינערט זיך דער מענש אויך אָן זיינע מיטמענשען, וועלכע האָבען איהם בעליידיגט און נעטהיגען זיך אין זיין פערצייהונג אָדער דורכמיטלונג און אָן די מענשען, ביי וועלכע ער זעלבסט דאַרף אויסווירקען פערצייהונג.

און ריינערהייד דאַרף דער קרבן געבראַכט ווערען, מיט אַ ריינעם קער־פּער און זעעלע. נור ריינע מענשען מעגען אַריינקומען אין משכן. אין קאָנ־טראַסט פון אַלע פעלקער, וועמעס טעמפּלען זיינען געווען נעסטען פון אַל־לערליי מאַראַלישע און קערפּערליכע שמוץ, פון וואַנען אַלערליי ה י י ל י־ג ע קראַנקהייטען פלעגען זיך פערשפּרייטען איבער דאָס גאַנצע לאַנד, האָט דער אידישער טעמפּעל געדיענט אַלס אַ רייניגונגס־צענטער. אין איהם האָבען פון דיזען סאָרט קראַנקע, נאָך זייער אויסהיילען און אויסרייניגען זיך פון זייערע שמוציגע, דורך שלעכטען אויפפיהרונג, ערוואָרבענע קראַנקהייטען, געדאַרפט קומען, ברענגען זייער קרבן און נעהמען אויף זיך אויף ווייטער צו פיהרען אַ ריינעם לעבען.

---

כהנים־לוים.

ביי יעדען פאָלק איז דאָ אַ קלאַסע מענשען, וועלכע צייכנען זיך אויס העכער פון די מאַסען און פיהרען די ראָלע פון די פאָלקס־לעהרערס, וועג־ווייזערס, טאָן־געבערס א. ד. ג.

עס איז נאָך ניט געווען אַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס דיזע סאָרט קלאַסע מענשען, פון וועלכען שטאַנד אָדער קולטור־שטאַפעל ער זאָל ניט זיין, זאָל ניט בעהערשען און אונטערדריקען דעם פאָלק. די חרטומים און צייסטליכע אין מצרים האָבען בעזעסען דעם גרעסטען טהייל לאַנד און זיינען

נעווען פריי פון אלע שטייערן. אלע געטצען־טעמפּלען, אלע קירכען, מאָנאַס־טירען, רעליגיאָנס־לעגיאָנען זיינען אימער די רייכסטע און מעכטיגסטע פון יעדען לאַנד. זייערע געטער זיינען די בעסטע, זייער לאַנד — דאָס פּרוכט־באַרסטע.

אויסשליסליך אין דיזער הינזיכט איז דאָס אידישע פאָלק. משה בע־שטימט דעם אינטעליגענטסטען און פרייעסטען טהייל פון פאָלק, דעם מיוחס'טען שבט, זיינע אייגענע קינדער, און נאָהענטסטע פערוואַנדטע, אלס אויף אייביג פערפפליכטעטע צו דיענען דעם פאָלק, צו בעלעהרען איהם, צו היטען זיין היגיענישען צושטאַנד, זיין ריינליכקייט און געזונדהייט. און אין דער זעלבער צייט האָט ער זיי גערויבט דאָס מעגליכקייט צו בעהערשען און אונטערדריקען דעם פאָלק. זיי האָבען קיין חלק אין דעם באָדען, אין די רייכטהימער פון פאָלק. זיי קענען קיינע גוטס־בעזיצער ניט ווערען. זיי האָ־בען בלויז שטעדט, וואו צו בויען הייזער פיר וואָהנונגען, אָבער קיינע פעל־דער. דאָס פאָלק האָט אויף זיי אַ פולען קאָנטראָל. זיי דאַרפען אָנקומען צום פאָלק, לעבען פון זיינע תרומות און מעשרות. דאָס פאָלק מעג געבען זיין חלק צו וועלכען כהן ער וויל. אָבער דאָס פאָלק גיט דאָס ניט אלס אַ נדבה. די תרומות און מעשרות זיינען אַ חוב אויפ'ן פאָלק, אַ מוז. דאָס פאָלק מוז אויסהאַלטען זיינע לעהרערס. ער מוז אָבגעבען ניט וועניגער אלס אַ צעהנטע טהייל אויף זיינע גייסטיגע בעדערפניסע.

אין דער זעלבער צייט, דאַרף דער כהן זיין ריינער, הייליגער פון גאַנצען פאָלק. ער טאָר ניט הייראַטען אַבי וועמען, ער טאָר זיינע פפליכטען ניט טאָהן, זאָגאַר זיין ברויט ניט עסען אומריינערהייט. ער טאָהר זיך ניט בע־שעפטיגען מיט אומריינע זאַכען. ער טאָר ניט קומען אויף אַ אונריינעם פלאַץ, אויף קברים 26). ער דאַרף אָבהיטען דאָס אידישע הייליגקייט און ריינ־ליכקייט.

דאָס איז די אמת־אידישע אינטעליגענציע, דאָס איז די אידישע כ ל י־ק ד ש, דאָס איז דער אידישער פאָלקס־לעהרער, די אידישע גייסטליכע; — דאָס זיינען די כהנים און לוים ביים אידישען פאָלק.

דער אידישער כהן, — דאָס איז ניט דער פריעסט, גייסטליכער, מאָנאַך אָדער הייליגער, וואָס ביי אַנדערע פעלקער, וועלכער קלייבט זיך אוים זיין קאַריערע מיט'ן גוטען ווילען פיר זיינע אייגענע פּראָפיטען און לעבט אויף דעם רעכנונג פון דאָס אונוויסענהייט און פערגרעבטקייט פון פאָלק.

דער אידישער כהן מוז זיין אַזעלכער פון זיין געבורט, ניט אַכטענדיג אויף זיין אייגענעם ווילען. נאָך פון טיעפער קינדהייט ווערט ער ערצויגען צו זיין אַ כהן, ניט נעהמענדיג אין בעטראַכט אָדער, בעסער געזאָגט, וויכטיג־דיג פאַראויס די ניט בעניידונגס־ווערטהע צוקונפט. און זיין אויפגאַבע איז צו בעלעהרען, אויפקלעהרען און פערשפּרייטען ליכטיגקייט אין פאָלק, צו זיין דער גייסטיגער און פהיזישער אַרצט, דער היגיעניסט, דער סאַניטאַר פון פאָלק. דאָס איז אַ הייליגער פפליכט, וועלכען דער אידישער גאָט, די אידישע תורה לעגען אַרויף אויף דעם כהן, אויף דעם גאַנצען שבט כהנים, נאָך ווען זיי זיינען אין זייער מוטערס־בויך.

---

די מנרה.

האָבענדיג איינגעריכטעט דעם גייסטיגען לעבען פון פאָלק, פערענדיגענ־

---

26) אין קאָנטראַסט פון אלע פריסטערטהומס, וועלכע בויען כמעט זייער גאַנצע רעליגיעזע געביידע אויף יענער וועלט, אויפ'ן טויט, און וועלכע האָבען געמאַכט שותפות מיט'ן מלאך־המות, אום צו ציהען פון די אונ־גליקליכסטע געפיהלען פון מענשען זייערע גרויסע רייכטהימער, איז דער אידישער כהן געווען אין גאַנצען ערווייטערט פון בעשעפטיגונג מיט טויטע. ער האָט זאָגאַר ניט געטאָהרט אַריינקומען אין דעם הויז, וואו עס ליעגט אַ גוסס אָדער אויפ'ן ב י ת ־ ע ל מ י ן. דעריבער איז ביי אידען עד היום ניטאָ דער מנהג צו רופען אַ רב אָדער וועלכען עס איז גייסטליכען צו אַ שטערבענדען.

דיג די געטליכע געביידע, וואו עס זאָל זיך קאָנצענטרירען דער אידישער גייסט, די גייסטיגע רייכטהימער פון פאָלק, — פאַנגט משה אָן צו פאָרבערייטען דאָס פאָלק צו זיין צוקינפטיגער ראָלע, פערקערפערענדיג זיינע געדאַנקען אין דער סימבאָלישער מנרה:

די מנרה, איהר שטאַם, איהרע צווייגען, איהרע רעהרען, אלע איהרע טהיילען און בעפּוצונגען, דאַרפען זיין אויסגעהאַמערט פון איין שטיק. אויסגעהאַמערט, ניט אויסגעגאָסען דאַרף זיין דאָס אידישע פאָלק, אלס א מנרה, א לייכטער.

מיט שווערע האַמער־קלעפּ אין מצרים, מיט שווערע קלעפּ, וואָס פאַלען אויפ'ן אידישען קאָפּ אין אלע צייטען, האָט די השגחה, ווי עס שיינט, נור איין צוועק: צו אויסהאַמערען א מנרה פיר דער וועלט, צו מאַכען דעם אידישען פאָלק פיר א לייכטער...

דאָס אידישעם פאָלק איז ניט אויסגעגאָסען געוואָרען פון דעם נאַטורפורעם, איז ניט בעשאַפען געוואָרען מיט איין מאָהל אלס אידישעם פאָלק, מיט אלע זיינע ספּעציפישע אייגענשאַפטען. נור עס איז אויסגעהאַמערט געוואָרען, זיך ענטוויקעלט און אויסגעבילדעט און דורך שווערע מיהע, ליידען, יסורים, נאַכדענקונג, נאָכפאָרשונג און שווערע נסיונות איז עס געוואָרען אלס אזעלכעס.

יעדעס פאָלק האָט, אמת, זיינע ספּעציפישע אייגענשאַפטען. אָבער אויסער די איינגעבאָרענע אייגענשאַפטען, מוז מען האָבען געוויסע פאָרבערייטונגען פיר א ספּעציעלע ראָלע. מען לעגט ניט אַרויף די ראָלע פון א מיניסטער, אָדער די פפליכטען פון א פּראָפעסאָר אויף דעם, וואָס האָט זיך פאָרבערייטעט צו זיין א יעגער אָדער א קיילער... דאָס אידישע פאָלק, אויסער זיינע איינגעבאָרענע אייגענשאַפטען, איז געוואָרען פאָרבערייטעט צו זיין ראָליע, צו אויפנעהמען די תורה.

און יעדעס פאָלק, ביי גוטען ווילען, האָט געקענט און קען ווערען דאָס זעלבע, וואָס דאָס אידישע פאָלק. הבא לטהר מסייען אותו.

און די מנרה דאַרף ניט זיין צוזאַמענגעשטעלט פון בעזונדערע טהיילען, בעזונדערע שטיקלעך און גליעדער, וואָס זיינען בלויז מעכאַניש צונויפגעשרויפט, נור פון איין שטיק זאָל עס זיין אויסגעהאַמערט; קיין איינציגעם גליעד זאָל ניט קענען זיך אָבשרויפען. נור דאַן איז די מנרה כשר, נור דאַן קען זי רעגעלמעסיג ערפיהלען איהרע פונקציעס. און

בהעלותך את הנרות, ווען דו וועסט אָנצינדען די ליכט, ווען די מנרה וועט זיין אָנגעצונדען, דאַן זאָלען אלע פייערען פון איהרע זיעבען ליכט זיין גענייגט צום צענטר פון דער מנרה. די מנרה דאַרף ניט נייגען איהרע ליכט צו דער אויסערליכער זייט. זי דאַרף דאָס ערסטע זאַך לייכטען פיר זיך זעלבסט, און דאַן וועט שוין ממילא זיין ליכטיג אַרום און אַרום. דאָס אידישע פאָלק דאַרף דאָס ערסטע זאַך בעלייכטען זיין אייגענעם געצעלט, זיין אייגענעם משכן, זיין אייגענעם לעבען. די אַנדערע פעלקער וועלען שוין ממילא בעלויכטען ווערען פון זיין שיין, וועלכען ער וועט פערשפּרייטען אַרום זיך אינדירעקט. ווען די מנרה אָדער איין ליכט פון דער מנרה ווענדט איהר שיין כלפי חוץ, צו דער אויסערליכער זייט און שרייט: איך וועל אייך בעלייכטען, זעהט ווי

27) אזוי האָבען געטאָהן די נוצרים, די ערסטע אידישע כריסטען, וועלכע האָבען געטאָהן אידיש־מיסיאָנערישע אַרבייט צווישען די געטצענדיענער, פּילייכט מיט דעם גוטען צוועק צו רעטען דאָס אידישעם פאָלק, דורך מאַכען די היידען פיר אידען, און דערווייל האָבען זיי זעלבסט אָבגעטראָטען פון ריינעם פּרינציפּ פון יודענטהום און געבראַכט דעם שרעקליכסטען אונגליק אויף דער אידישער נאַציאָן — דעם כריסטענטהום. דאָס זעלבע טהוען אויך היינט די רעפאָרמערס. ניט אומזיסט זאָגט דער תלמוד: „המודה להם נופל בידיהם והבוטח בהם — שלו שלהם. (ב"ק צ"א) דער וואָס איז מודה צו די גוים פאַלט אַריין אין זייערע הענד און דער וואָס פערזיכערט זיך אויף זיי — ווערט זיינע — זייערע.

איך שיין! איז אַ שלעכטער סימן פיר דער מנורה 27). דאָס צייגט, אַז די ליכט ברענט זעלבסט דונקעל, האַלט ביי פערלאָשען ווערען, האָט זיך אַבגעגייגט פון איהר ריכטיגען פאַרבעשטימונג און ערפילט ניט איהר אויפגאַבע, איהר פונקציאָן אַלס מ נ ר ה אָדער אַלס אַ טהייל פון איהר.

די מנורה דאַרף שטעהן אין משכן, אין אידישען צענטר, וועלכער איז אין צענטר פון אידישען לאַנד. ווען די מנורה פונקציאָנירט רעגעלמעסיג, לייכט גוט, איז ליכטיג איבעראַל, אין אַלע ווינקעליך פון זיין לאַנד און פון דער גאַנצער וועלט און מען דאַרף זי ניט אַרויסטראָגען פון איהר פּלאַץ צו בעלייכטען די וויטע ווינקעליך פון דער מענשהייט.

אָבער ווען די מנורה לייכט שלעכט, דונקעל פינסטער, דאַן מוז זי אַרויסגעטראָגען ווערען פון איהר משכן און געהן אין גלות צו בעלייכטען מיט אַ דונקעלען שיין די פינסטערע ווינקעליך פון דער מענשהייט. דאַן ברענט זי און שמעלצט זיך.

לייכטען העל און ליכטיג קען דאָס אידישעס פאָלק נור ביי זיך אין משכן, ביי זיך אין לאַנד, ווען זיין ליכט איז קאָנצענטרירט אויף זיך זעלבסט. נור דאַן קען ער ערפילען ריכטיג זיין פונקציאָן. און ווען די אידישע מנורה פאַנגט אָן צו לייכטען העל, דאַן ווערט געבויט זיין משכן און די מנורה ווערט געבראַכט אויף איהר ריכטיגען פּלאַץ. און פונקט אַזוי האָט גאָט משה'ן געהייסען טאָהן: פריהער מאַכען דעם ארון, דעם מזבח, די מנורה און אַלע כלים פון משכן און נאָכהער דעם משכן...

---

צוזאַמען מיט דעם גייסטיגען און מאָראַלישען לעבען פון דער נאַציאָן, האָט משה אונטער דער זעלבער צייט זיך אויך בעזאָרגט פיר זייער פּאָליטישנאַציאָנאַלען לעבען. ער האָט איינגעפיהרט מיליטערישע אָרדנונג, האָט זיי געלערנט שטרייטען און דעם סיסטעם פון סיגנאַליזאַציע דורך זילבערנע טראָמפּייטען, מיט וועלכע זיי האָבען געדאַרפט אויפהויבען אָדער אָבשטעלען דעם לאַגער, אויפרופען דאָס פאָלק צו מלחמה אָדער צו בעראַטהונג און בעלעהרונג. וויל ער האָט פאָרבערייטעט דאָס פאָלק צו לעבען אויך אַ נאַטירליכען, מענשליך-נאַציאָנאַלען לעבען. ער דאַרף קענען מיט זיין מאַכט, מיט זיין שווערד בעשיצען זיין לאַנד, זיין זעלבסטשטענדיגקייט, זיין מענשעןווירדע און נאַציאָנאַלע פרייהייט, זיין תורה, זיינע גייסטיגע און מאָראַלישע איינגענטהימע. גאָט האָט געגעבען די אידען די תורה, אָבער זיי זיינען מחויב צו היטען און בעשיצען זי מיט אַלע מיטלען, וואָס איז אין זייער מעגליכקייט.

„און ווען איהר, שוין זענענדיג אין אייער לאַנד, וועט ברענגען אַ מלחמה אויף אייער פיינד, וואָס בעליידיגט אייך, זאָלט איהר שאַלען מיט די טראָמפּייטען, אום איהר זאָלט דערמאָנט ווערן פיר אייער גאָט און געהאָלפען ווערען פון אייער פיינד.“ (במד. ו.)

אַזוי זיינען די ערשטע צוויי יאָהר אין מדבר פערלאָפען אין פיברישע אינערליכע טהעטיגקייט, אין ווידער-געבורט, איבערציהונג פון דאָס פאָלק און אויפבויאונג פון זיין גייסט און קערפּער. און מערקווירדיג, אין דער גאַנצער צייט פון בויען איז דאָס פאָלק געווען רוהיג, פריעדליך, האָט ניט געמורמעלט און ניט אַרויסגעצייגט זיין אונגעדולד. ער האָט אַנערקענט די גרויסע וויכטיגע בויאונגס-אַרבייט און מיט אַ הייליגער רוהיגקייט און בעגייסטערונג האָט ער געאַרבייטעט און געבויט זיין פאָלקס-געביידע. די מענער האָבען געהאַקט, געגראָבען, געשניצט און געמאָלען און די פרויען האָבען געשפונען און געוועבט מיט זייערע הענד, געשטריקט און גענעהט די פאָרהאַנגען פון זייער היילינקייט.

---

קברות-התאוה.

אָבער די בויאונגס-אַרבייט האָט זיך געענדיגט. די קאָכיגע טהעטיגקייט פון פאָלק האָט זיך אויסגעלאָזט. דער מאָנאָטאָנער מדבר-לעבען איז ווידער אַריין אין זיין קראַפט און האָט אָנגעפאַנגען צו בעלעסטיגען דעם פאָלק, בעזאָנדערס דעם אספסוף.

דער אספסוף — דאָס איז דער אַריינגענומענער פון אויסען-עלעמענט, דער עלעמענט, וואָס פיהלט זיך אימער פרעמד, ווי אַ פרעמדער גליעד, אין

אידישען קערפּער. דאָס איז דער עלעמענט, וואָס קומט פון פרעמדע וועלטען, מיט פרעמדע פּרעטענזיעס, וואָס האָט פערזוכט פרעמדע מאכלים, פרעמדע קולטור, — אָט דער אספסוף איז קיינמאָהל צופרידען מיט דעם אידישען, איינפאַכען, צניעות'דיגען און כשר'ן לעבען. דער אספסוף געלוסט אימער צו פערשטאַרקען זיינע תאוות, צו ענטוויקלען זיינע ליידענשאַפטען. דער אספסוף שרייט שטענדיג, אַז לעבען הייסט וועלען, געלוסטען, ברענען מיט ליידענשאַפטען. דאָס איז דער עלעמענט אונטער דעם אידישען פאָלק, וועלכער ווען דאָס פאָלק איז אין מצרים, אין שקלאַפעריי, האַלט ער צו די קעטטען, העלפט די הערשער שינדען די הויט פון פאָלק, פיר וועלכעס ער בעקומט פון די הערשער פיש, פלייש, ציבעלע און קנאָבעל און פון זיינע ברידער — געצוואונגענעם כבוד — חניפה, הכנעה און דאָס לעצטע ביסעל בלוט פון אונטער זייערע נעגעל. דאָרט ווערט ער אַ ק ר ו ב ל מ ל כ ו ת און דענקט דאָס ער איז די קרוין פונ'ם אידישען יחוס, דאָס ער איז דער כבוד פון זיינע געפּלאָגטע ברידער פיר דער אויסערליכער וועלט און הערפאַר דארפען זיי איהם געהאָרכען, פונקט ווי די הערשער... ווען דאָס פאָלק הויבט אויף זיין קאָפּ און וויל זיך בעפריען, דאַן האַלט ער איהם צו פיר די האָר אום די הערשערס זאָלען בעסער קענען שלאָגען; דאַן דיענט ער ביי די הערשער אַלס יאַגדהונד, אַלס טרייער פּאַטריאָט, פערמסר'ט די אידישע פיהרערס און פערלוימדעט זיין פאָלק. ווען דאָס פאָלק בעזיעגט און ווערט בעפרייט, דאַן מאַכט ער גאָלדענע קעלבער, דאַן שרייט ער, אַז ער איז דער גאַנצער מאַכער, איהם קומט צו שטעהן אָן דער שפּיצע, דאַן זוכט ער זיין טאָפּ פלייש מיט קרויט אין דעם פאָלק. און אויב ער געפינט איהם ניט גלייך, דאַן פאָדערט ער פון די אידישע פאָרשטעהער, פון אונזערע משה'ס; דאַן פער'סמ'ט ער דאָס פאָלק מיט זיינע גיפטיגע פערלוימדונגען, העצעס, ברודער־קריעג; דאַן איז ביי איהם רעכט צו פיהרען דעם פאָלק אויפ'ן פייער אָדער צוריק אין שקלאַפעריי. ווען דאָס פאָלק איז אין גלות, איז ער אַ ד ת ן ו א ב י ר ם, אַנ'אויפזעהער, אַ סבאָרשציק, אַ כאַפּער, אַ פּעפּערקאָרען, אַנ'אסימלאַטאָר, אַ מיסיאָנער, אַ פערשפּרייטער פון פרעמדע בילדונג, פרעמדע קולטור און פאָלק, אַן אויסראָטער פון אידישע געפיהלען, אַ פערגיפטער פון אידישען גייסט, אַ יעגער, אַ פאַנגער פון אידישע נפשות פיר די נוטצען פון אידישע שונאים, אַנ'אמעריקאַנייזער, אַ רוסיציייזער, אַ פראַנצויזירער פון זיינע אָרעמע ברידער. און ווען דאָס פאָלק איז אין זיין לאַנד, איז ער אַ ירבעם בן נבט, אַ כ ה ן ה ב ע ל, אַ פאַלשער נביא, אַ מענעליי, אַ העלעניסט, אַ צדוקי, אַ הורדוס, אַ ראָמאָפּיל אַ. ז. וו.... און אימער זוכט ער אין אַלעם בלויז זיין טאָפּ פלייש מיט זיינע קנאָבעל און ציבעלע...

דאָס איז דער אספסוף, וואָס פלעגט אַריינוואַרפען זיינע קינדער צו משה'ן און פרעגען: וואָס פיר פערגניגענס האָסטו איינגעריכטעט פיר דיזע, וועלכע פרנסה האָסטו פיר זיי אָנגעגרייט? (ילקוט דברים).

צוויי וועלטען, צוויי וועלט־אַנשויאונגען קעמפּפען איינע געגען די אַנדערע פון אייביג אָן. איינע זאָגט אַז אַלעס אין דער וועלט איז טאַקי בעשאַפען פיר דעם מענשען, די ערד איז אָבגעגעבען צו די מענשען, די תורה — צו בשר ודם'ס, ניט צו מלאכים, די געזעצע פון דער תורה זיינען ו ח י ב ה ם, אַזעלכע וואָס פיהרען דעם מענשען צו לעבען. אָבער דער מענש דארף זיך בענוטצען בלויז דאַמיט, וואָס ער קען בעקומען בהיתר, וואָס די געטליכע, מאָראַלישע און נאַטירליכע געזעצע ערלויבען. קוים קען מען עס בהיתר ניט ערייכען, מוז מען זיך ענטזאָגען דאַפון, מוז מען זיך בענוגענען דאַמיט וואָס מען האָט. דער י צ ר ט ו ב, — זאָגט דיזע שיטה — די גוטע אידעען, גוטע געפיהלען, גוטע געדאַנקען און זיטען פיהרען צו לעבען, צו ח י י ־ ע ו ל ם, צו ע ו ל ם ־ ה ב א; די ליידענשאַפטען פיהרען אימער צום טויט. אין דעם אינערליכען קאַמפּף פון יצר־טוב מיט'ן יצר'הרע, אין בעקעמפּפען פון ערסטען דעם צווייטען און ערפילען די נויטווענדיגקייטען פון לעבען בהיתר, ליעגט דער סוד פון לאַנג־לעבען און גליק.

די צווייטע זאָגט, אַז דעם מענשענס לעבען בעשטעהט דוקא בלויז אין דעם י צ ר ־ ה ר ע, אין דאָס פערלאַנגען, אין דעם וואונש צו ערפילען דעם

פערלאַנג, אין דאָרשט און שטילען דעם דאָרשט, אין ענטוויקלען דעם פייער פון תאוות, פון ליידענשאַפטען און אין דער יאָגענעס צו ערפילען זיי.

די ערשטע איז די אַנשויאונג פון יודענטהום. די צווייטע — פון אַנדערע, פון ע ר ב ־ ר ב, פון אספסוף.

און דיזער אספסוף פון דעם אידישען פאָלק, ווי נור עס האָט זיך געענדיגט דאָס בויען פון משכן, — די צייט פון אינערליכער טהעטיגקייט, ווען דער געדאַנק פון דעם פאָלק איז געווען גענצליך פערנומען מיט זיינע הייליגע בעשעפטיגונג — איז ו י ת א ו ו ת א ו ה, זיי האָט זיך פערגלוסט ל י י ד ע נ ש אַ פ ט ל י כ ק י י ט און זיי האָבען געשריען מ י י א כ י ל נ ו ב ש ר? ווער וועט אונז געבען פלייש? אין מצרים איז אונז געווען בעסער.״ דאָס געטליכע שפייז ערפיהלט, אמת, אַלע זייערע מענשליכע בעדערפניסע; זיי האָבען אַלעם גלייך מיט אַלע מענשען; זיי פיהלען קיין הונגער, קיין נויטה. אָבער אין דעם זעהען זיי קיין ל ע ב ע ן. זיי פיהלען ניט דאָס ליידענשאַפט פון הונגער; זיי האָבען ניט קיין תאוה, עס פעהלט זיי די פערשיעדענאַרטיגקייט פון געפיהלען, דער רייץ, דער פייער. זיי בענקען נאָך די פערשיעדענאַרטיגע מאכלים פון דער עגיפּטישער ציוויליזאַציאָן, נאָך די פיש, פלייש, נאָך דאָס זויערקייט פון די קרויט, דאָס ביטערקייט פון יענע ציבעלע און דאָס שאַרפקייט פון יענע קנאָבעל, וועלכע זיי האָבען דאָרט געהאַט אומזיסט. זייער קנעכטשאַפט, זייער אייביגען אַרבייטען פיר פרעמדע, זייערע צרות און ליידען רעכענען זיי ניט. דאָרט האָבען זיי אַלעם געהאַט אומזיסט, אַלס אַ חסד פון די מצרים מיט די פרעה׳ס. און יעצט איז זייער ז ע ע ל ע ט ר ו ק ע ן, זיי האָבען ניט מעהר ווי דעם מ ן, פיר וועלכען זיי צאָהלען אַזוי טהייער, מיט מצוות, מיט היטען די געבאָטען פון דער תורה... דאָס געטליכקייט, דער יודענטהום בעלאָהנט זיי אַלזאָ ניט גענוג, עס בעצאָהלט זיך ניט. און דאָס פאָלק וויינט ל מ ש פ ח ו ת י ו, איבער זיין פאַמיליען־לעבען. זיין ריינע הויז מיט זיין רוהיגען קאַמין איז איהם ענג, ניט גענוג פ ר י י. דער מצרים׳שער הפקר־לעבען, די צוימלאָזע טריערישע אינסטינקטען, נעהמט ער אָן פיר אַנ׳אידעאַל פון לעבען, אַ מוסטיר פון פרייהייט..

אַזעלכע טענות קען שוין משה אויך ניט פערטראָגען. זאָגאַר משה פערליערט זיין געדולד און שרייט: „אָה, בין איך דען די מוטער פון דיזען פאָלק, האָב איך איהם דען געבוירען!״ ניט דאָס איז משה׳ס פאָלק. משה האָט אמת געזאָגט ב נ ע ר י נ ו ו ב ז ק נ י נ ו נ ל ך. מיר וועלען אַלע ארויסגעהן פריי. דער אַלטער דור און דער יונגער דור, דער פרומער און דער פרייגעזאָנענער, דער געלעהרטער און דער פּראָסטער, אַלע זיינען זיי אַ פאָלק, אַלע דאַרפען זיי בעפרייט ווערען. אָבער דער ערב־רב דער אספסוף, וואָס פאָדערט פיר אידען עגיפּטישע קולטור, נעגרישע ציוויליזאַציאָן, ציגיינערשע מאכלים, וואָס ווילען אין יהודה אַריבערטראָגען דעם הפקר־לעבען פון מצרים, די זיינען ניט זיין פאָלק, ניט דאָס אידישע פאָלק, משה קען זיי ניט פערטראָגען, ער קען זיי ניט פיהרען אין דעם לאַנד פון די אבות. אַנ׳אספסוף פון ו י ת א ו ו ת א ו ה, וואָס זוכט ניט דאָס בעפרידיגונג פון בעדערפניסע, נור — בעדערפניסע אום צו האָבען פערלאַנגען און בעפרידיגונג, נור די ת א ו ה, דאָס ליידענשאַפט, דעם געפיהל פון וועלען, קען קיין זאַך ניט בעפרידיגען, דאָס גאַנצע וועלט קען איהם ניט גענוג זיין.

— „וואָרום עפּיס איך! וואָרום זאָל איך אַליין ליידען פון איהם!״ — וואָס איז דער אמת׳ר אידישער פיהרער מעהר פון אַלעמען מחויב צו ליידען פון דיזען אספסוף? דיזער אספסוף פערדאַרבט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, טויטעט משה׳ס אידעאַלען. משה ווינשט זיך דאַן בעסער דעם טויט איידער צו זעהן זיינע אידעאַלען פערלאָרען, איידער צו פיהרען אַנ׳אספסוף פאָלק.

משה דערפיהלט דעם געטליכען צאָרען; ער שפּירט די טריט פון אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע, וועלכע קומט אָן אויפ׳ן פאָלק, אַלס אַ פאָלגע פון זיין אויפיהרונג און ער ווינשט זיך בעסער דעם באַלדיגען טויט, איידער צו זעהן דעם אונגליק פון פאָלק.

גאָט האָט, דאָס ערשטע זאַך, צוגעהערט משה׳ס קלאַגע און האָט איהם

נעהייסען בעשטימען זיבציג אַלטע, צו העלפען איהם פערוואַלטען דאָס פאָלק. און משה האָט דאַן געהאַט דאָס מעגליכקייט צו איבערצייגען זיך אין דער ניכטיגקייט פון דער מענשליכער הילפע. עס איז איהם יעצט ניט גרינגער געוואָרען אַלס בעפאַר. די אַלטע האָבען ניט לאַנג געהאָלפען משה'ן טראָגען דעם יאָך פון פאָלק. זיי זיינען באַלד מיעד געוואָרען. זיי האָבען בלויז איין מאָהל נביאות געזאָגט און האָבען אויפגעהערט 28). מעהר אויסהאַלטענד זיינען געווען די יונגע א ל ד ד און מ י ד ד. אָבער בלויז משה האָט געקענט זיך צופרידענשטעלען מיט זייער נבואה און זאָגען: ה ל ו א י ז אָ ל ד אָ ס ג אַ נ צ ע ג אָ ט ע ס ־ פ אָ ל ק ז י י ן נ ב י א י ם, ווען זיי האָבען פראָפעצייעט משה'ס טויט און יהושע'ס פיהרערשאַפט. די יוגענד האָט ניט געוואָלט צו פיעל משה'ס אידעאַליזמוס. זי האָט בעסער געוואָלט יהושע'ס מיליטערישע העלדענשאַפט...

דאַן איז אויך דער וואונש פון דעם אספסוף ערפיהלט געוואָרען. ה ב א ל ט מ א פ ו ת ח י ן ל ו. דער וואָס זוכט שמוץ עפענט זיך פיר איהם א ברייטע טיהר. די השגחה איז פרייגעביג גענוג צו ערפיהלען דעם וואונש זאָגאַר פון דעם פערברעכער, וועלכער בעקומט אַלערליי געלעגענהייטען, פונקט ווי זי העלפט דעם וואָס זוכט צו בעסערען זיך. א געטליכער ווינד האָט אָנגעטראָגען פ ל י י ש, פיעל מעהר אַלס זיי האָבען געקענט פערדייען. און דער אספסוף האָט דאָס געפרעסען ביז צום קראַנק ווערען, ביז די פעסט האָט אין איהם אויסגעבראָכען...

„און דיזער פּלאַץ, אַזאַ פעריאָדע, הייסט אין דער אידישער געשיכטע: ק ב ר ו ת ־ ה ת א ו ה, ווייל דאָרט האָבען זיי בעגראָבען די ליידענשאַפטס־זוכער. (במד. י"א).

דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער עגיפּטישער ציוויליזאַציאָן. דאָס זיינען די פאָלגען פון ע נ ט וו י ק ל ע ן ד י ל י י ד ע נ ש אַ פ ט ע ן. דאַצו פיהרט די צווייטע, ניט־אידישע שיטה.

## די מרגלים.

עס איז גענוי צוויי יאָהר זינט אידען זיינען אין דעם מדבר. דאָס פאָלק איז שוין אין קדש פון מדבר פארן, ביים שוועל פון כנען. אויפ'ן נאָהענטסטען בארג זעהען זיך שוין משונה'דיגע, אומגעלומפערטע פיגורען פון די געטצען פון די עמלקים און כנענים, וואָס בעזיטצען דעם בארג. נאָך איין טראָט— און זיי זיינען אין זייער לאַנד.

משה בעטראַכט שוין מיט פריידען דעם גליקליכען מאָמענט, ווען ער וועט אריינפיהרען דעם ערוועהלטען, ליעבען פאָלק אין דאָס פערשפּראָכענעם לאַנד און וועט דאָרטען אויפבויען א נייע, וואונדערבארע ציוויליזאַציאָן, א נייע קולטור אויף די חרבות פון דער אַלטער, געטצענדינערישער קולטור פון די כנען'שע פעלקער, וועלכע זיינען פערדאָרבען און צופוילט דורך און דורך און האַלטען אין איין דעגענערירען.

נאָר א שוואַרצער וואָלקען פערדונקעלט משה'ס געמיטה. די לעצטע פאסירונג מיט דעם אספסוף האָט ווידער אין א גרויסע מאָס ארויסגעצייגט די שלעכטע ציגע פון דעם פאָלקס־כאַראַקטער, דעם שפּור פון זייער שקלאַפעריי, זיין לייכטזיניגקייט צו לאָזען זיך פערפיהרען פון יעדען ערב־רב, פון יעדען אספסוף, פון יעדען דעמאַגאָג, פראָוואָקאַטאָר, עהרע־זוכער, פלייש־זוכער ביי דעם פאָלק, זיין שנעלען בעאיינפלוסט־ווערען פון יעדער פרעמדער, מאָדערנער אידעע, פון יעדע גאַסען־בעוועגונג, פון אריינגעשמוגעלטע אידעאַלען און פּוסט־גלענצענדע פראַזען.

דאָס האָט גלייך געוויזען, ווי דאָס פאָלק האָט נאָך ניט פערייגענט די נייע סיני־קולטור, ווי ווייניג ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די געטליך־אידישע פּרינציפּען. איז שוין דאָס פאָלק פעהיג צו פיהרען א זעלבסטשטענדיג־נאַציאָנאַלען און אייגנאַרטיג־קולטורעלען לעבען איז ער שוין פערהארטעוועט

28) ווי עס שיינט זיינען פון דיזע פיהרער שפּעטער ארויסגעקומען איינעגע מרגלים.

גענוג איום ניט צו־וויקט ווערען אין דער פערצעהרענדער שמוץ־קולטור פון כנען?

דאָס פאָלק פון זיין זייט פיהלט זיך אויך אומרוהיג. איהם שטעהט פאָר צו מאַכען יעצט דעם לעצטען און וויכטיגסטען שריט. ער דארף אריינקומען אין דעם פערשפּראָכענעם לאַנד, אויף וועלכען ער האָט אזוי לאַנג געוואַרט און געליטען. ער דארף אָבער בעפאָר אויסראָטען די פעלקער, וועלכע בע־זיצען יעצט דיזען לאַנד. מיט וועלכען וועג וועט ער דאָס יעצט מאַכען דיעזען זאָ וויכטיגען שריט? מיט דעם וועג פון ים־סוף, וואו די מצרים זיינען דער־טרונקען געוואָרען, אָהנע זיך צו שלאָגען מיט זיי, אָדער מיט דעם וועג פון מ ל ח מ ת ־ ע מ ל ק, ווען זיי האָבען זעלבסט געדארפט זיך שלאָגען אויפ׳ן נאַטירליכען אופן? „אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען די פעלקער זאָלען זעלבסט פערניכטעט ווערען, אזוי ווי די מצרים אין ים און זיי זאָלען אריינקומען אין אַ ליידיגע לאַנד, אָהנע די מיהע זיך צו שלאָגען, פערגיסען בלוט, אייגענע און פרעמדע!“

אָבער אָט שטעהט פיר זיי אויפ׳ן בארג, ער, עמלק, מיט זיינע בליש־צענדע פּאַנצירען און שרעקליכע שפּיזען. ער לעבט נאָך, ער איז זעלבסט־פון זיך ניט פערניכטעט געוואָרען. עס האָט קיין נס ניט געשעהען. מען וועט מיט איהם ווידער דארפען זיך שלאָגען אויפ׳ן נאַטירליכען אופן.

א ו י פ ׳ ן נ אַ ט י ר ל י כ ע ן א ו פ ן. דער דור המדבר ווייס, אז אויפ׳ן נאַטירליכען אופן אַליין קען ער דאָס לאַנד ניט בעקומען. אָבער צו געהן מיט דעם וועג פון נסים פעהלט איהם בטחון און גלויבען. ער טרויט ניט זיינע אייגענע קרעפטען און וואַגט ניט צו האָפען אויף די נסים פון גאָט, נאָכדעם, ווי ער האָט דיזען געטליכען וועג פעראַכטעט, פערלאָזען און האָט זעלבסט אויסגעקליבען דעם וועג פון אַלע פעלקער, דעם וועג פון ג אַ ל־ד ע נ ע ם ־ ק אַ ל ב, און נאָכדעם ווען ער האָט נור וואָס בעגראָבען דעם אספסוף, וואָס האָט געוואָלט זיך אומקעהרען צום עגיפּטישען אַרט לעבען.

דער דור־המדבר איז געווען פּונקט ווי אַ מענש פון גרויסע פעהיגקייטען, נור וואָס האָט קיין זאַך געלערנט, גרויסער שכל, נור ווייניג מוטה, גרויסער פערלאַנג, נור קליינער ווילענס־קראַפט. ער פערשטעהט אַלעס, אָבער איז ניט גענוג שטארק צו דורכפיהרען. ווען ער דארף געהן פירכטעט ער, און ווען ער דארף פירכטען, דאַן לויפט ער.

דער דור המדבר ווייס אַז אום צו קומען און בעזיטצען זיין געווינשטעס לאַנד, מוז ער האָבען בטחון. ער ווייס אויך, דאָס זיין וואַלגערען זיך שוין צייט צוויי יאָהר אין דער וויסטע איז אויך בלויז ווייל ער האָט פון אָנפאַנג אָן קיין בטחון געהאַט צו געהן גלייך צו זיין ציעל. און דאָך שטעהענדיג יעצט ביי דער ענדע פון זיינע האַפנונגען האָט ער ניט געקענט בעשליסען זיך צו האָבען פולען בטחון, האָט געפירכטעט טאָמער וועט דאָרט דער געטליכער נס ניט געשעהען, טאָמער וועט ער, אזוי ווי אימער, אין דער לעצטער מינוט פערזינדיגען, טאָמער וועט ער ווידער פערלירען זיין געדולד, וועט ניט בייר שטעהן אַ נסיון, און דאַן וועט ער פערלירען דעם זכות אויף דעם געטליכען נס און וועט דאָרט בעשטראָפט ווערען..

דער דור המדבר וויל ניט פערשטעהן, אז דאָס וואָס ער האָט קיין בטחון, וואָס ער האַלט ניט אויס דעם נסיון פּונקט אין דעם מאָמענט, וואָס ער האַלט ביי אַ זיעג, איז ווייל ער איז ניט אינערליך פעסט ענטשלאָסען צו געהען אימער אין דעם רעכטען, געטליכען וועג. דער ג אַ נ צ ע ר מענש, דער פעסט ענטשלאָסענער כאַראַקטער, דער אמת אָרענטליכער מענש, האַלט אויס יעדען נסיון, געהט קיין מאָל ניט אַראָב פון זיין וועג, ווייל זיינע פּרינציפּען זיינען פעסט, זיין וועג איז פיר איהם קלאָהר בעצייכענט און ער איז אימער ענטשלאָסען ניט צו איבערטרעטען זיין פּרינציפּ, ווען זאָגאַר איהם זאָל אויס־קומען צו ליידען.

דער דור המדבר איז אָבער געווען צוריסען אין זיך זעלבסט. עס האָבען אין איהם געלעבט צוויי נשמות. ער האָט נאָך אין זיך ניט פערניכטעט די מצרים׳שע נשמה, דעם גייסט פון דער עגיפּטישער קולטור און האָט נאָך ניט בעפעסטיגט אין זיך דעם ריין־אידישען גייסט. דיביידע נשמות האָבען

זיך אין איהם אימער געראנגעלט און דעריבער האָט ער אימער געוואַנקעלט און געצווייפעלט.

אין הור־המדבר איז געוועזן שטאַרק דער עכט־אידישער געפיהל — דער געפיהל פון גערעכטיגקייט. אָבער איידער ער האָט זיך אויסגעלערנט צו אָנווענדען דיעזען געפיהל און געטליכען פרינציפּ איבעראַל, האָט ער עס שטאַרק געפיהלט אין אַלעם וואָס אַנבעלאַנגט איהם זעלבסט, איז ער געוועזן זעהר פיהלענד צו אונרעכט, וועלכע איהם האָט זיך אימער געדוכט, עס ווערט בעגאַנגען צו איהם. דאָס פאָלק וואָס האָט געהאַט געדולד צו אַריבערטראָגען די גרעסטע לײַדען, האָט זיך שרעקליך געערגערט און געליטען, ווען איהם האָט זיך אויסגעוויזען דאָס עס איז צו איהם קיין גערעכטיגקייט אָדער רחמנות ניטאָ. און אַזוי האָט ער אימער געפונען אַנ'אויסרייד, אַנ'אורזאַכע צו צווייפלען אין דער געטליכער גערעכטיגקייט און צו האָבען טענות צום רבונו־של־עולם און צו זיינע פיהרער.

און טענות האָבען זיי אויך יעצט געפונען:

וואָרום פיהרט מען זיי נאָך ניט אין לאַנד? זיי האָבען דאָך שוין פיר זייערע זינדע אָבגעקומען. דער אספסוף איז דאָך שוין פערניכטעט. איז דען גאָט ניט מוחל?” זיינען דען די אַנדערע פעלקער בעסער? וואָרום לעבען יענע דאָך פרעהליך און גליקליך, לעבען אַ גוטען טאָג אָהן אַזאַ שווערע תורה, אָהן מצוות, געטליכקייט און נסים? זיי, די פעלקער פון כנען, פיהרען אימער אַזאַ לעבען, אויף וועלכען מ י ר האָבען זיך בלויז אויף איין אויגענבליק אָבגעשטעלט און דאָך לעבען זיי אין וואָהלטאָג אין דעם לאַנד, וועלכען גאָט האָט אונז פערשפּראָכען, און מיר מיט אונזער גאַנצער פרומקייט, געטליכקייט און נסים וואַלגערען זיך נאָך אַלס אין דער וויסטע? יענע פעלקער זינדיגען זאָ פיעל און גאָטעס האַנד איז ווייט פון זיי און מיר ווערען אַזוי בעשטראָפט פיר יעדער קליינער זינדע, וואָס ביי אַנדערע ווערט דאָס גאָר פיר קיין פערברעכען גיט פעררעכענט. מען דערפיהרט אונז אימער ביז דעם העכסטען פונקט פון פערצווייפלונג און דאַן, אין דעם שווערען מאָמענט, ווען מיר פערלירען דעם געדולד, ווערען מיר פיר אַ קלייניגקייט בעשטראָפט און פערבלייבען ווידער אין דער וויסטע. אויב אַזוי, אויב גאָט איז ווירקליך זאָ שטרענג צו אונז, האָבען מיר קיין האָפנונג ווען עס איז מיט דיזען וועג צו אַריינקומען אין אונזער לאַנד. וואָרום מיר זענען דאָך בלויז מענשען און יעדען מאָהל ווער זיך עטוואָס מאַכען וואָס מיר וועלען פערזינדיגען, גאָטעס ווערטער וועגען שטראָפע, וועגען גלות און קנעכטשאַפט אין מצרים זענען פונקטליך אויסגעפיהרט געוואָרען, אָבער זיינע הבטחות צו די אבות וועגען אַ זעלבסטשטענדיג לעבען אין דעם געבענטשטען לאַנד ווערט ניט מקוים, דאַצו פאָדערט מען פון אונז מיר זאָלען זיין איבערמענשען, מלאכים... וואָהרשיינליך וויל גאָט אַריינברענגען אונז אין דעם לאַנד, אום בלויז צו מקים זיין די הבטחה, אום צו בלייבען גערעכט, און דאָרט אומברענגען אונז, ווייל ער איז אין כעס אויף אונז. מיר דאַרפען יעצט אַלזאָ וויסען, וואָס איז דאָס פיר אַ לאַנד, אין וועלכער מען פיהרט אונז, וועלכע בעפעלקערונג דאָרט איז; מיר דאַרפען פאָראויס וויסען, וואָס עס ווערט בעשטרעבט מיט דעם פיהרען אונז אַהין?...

אָט שטעהען מיר שוין אַזוי לאַנג אויף איין פּלאַץ און משה געהט אַלס אום פערטראַכט און מיר ריהרען זיך ניט פון אָרט. וואָהרשיינליך קען משה אויך קיין עצה געבען זיך, וואָהרשיינליך וואַגט ער אויך ניט צו פיהרען אונז ווייטער...

און עס ווערט אַ קאָך אין לאַגער; עס הויבט זיך אויף איין אַגיטאַציע. די ציוויליזירטע פון פאָלק, דער רעסט פון דעם אספסוף, האָבען דערפיהלט קאַלאַמוטנע וואַסער, האָבען דערשמעקט אַ פעט ביינדיל ביים פאָלק. „אַנ'עקספּעדיציע, אַ קאָמיסיע, וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונג, וויסענשאַפטליכע בעגרינדונג”. — דאָס שמעקט שוין עפּיס מיט פּראַקטישע אַרבייט, צו וועלכע בלויז זיי טויגען. ניט אום זאָנסט האָבען זיי דיזע אַלע זאַכען געלערנט ביי די גוים. און זיי העטצען דעם פאָלק: „מען דאַרף אַהין שיקען אַנ'עקספּעדיציע, מען דאַרף דאָס לאַנד גוט אויספאָרשען, אַזוי ווי עס טוהען

אין אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען אַלע ציוו ליזירטע פעלקער. וואָס דען, געהן גלאַט אין דער וועלט אריין, זיך פערלאָזען אויף דעם אויטאָריטעט פון אברהם אבינו אָדער משה רבנו ?" —

האלט ביי דעם לעצטען שריט, ווען ער שטעהט ביי דעם טויער פון זיינע ווינשע און בעשטרעבונגען, ווען ער ווייס אז ער דארף בלויז האָבען בטחון און געהן, ווען ער ווייס, אז קיין אנדער אויסגאַנג איז ניטאָ, סיידען צוגעהן צוריק אין מצרים אין גלות, ווען ער ווייס אז קיין עקספּעדיציעס, קיינע אונ־טערזוכונגען קענען איהם ניט העלפען, דען וועלכע רעזולטאַטען די עקספּע־דיציע זאָל איהם ניט ברענגען, מוז ער אלס געהן אין דעם זעלבען לאַנד און מיט דעם זעלבען בעצייכענטען וועג — אָט דאַן הויבט זיך אויף אין איהם דער צווייפעל און סקעפּטיציזם, דאַן ערוואַכט אין איהם דער ציוויליזירטער מענש צו קריטירען זיין אידישען וועג ; דאַן שיקט ער געלעהרטע עקס־פּעדיציעס, ניט בעמערקענדיג דאָס דאמיט זעלבסט גראָבט ער אונטער זיין ביזהעריגען וועג, ניט בעטראַכטענדיג, אז דאָס זעלבסט איז אַ פּאַקט פון אייגענער שוואַכקייט, בטחון־לאָזיגקייט און אַ פּעררעטהערישער געדאַנק, וועגען אַ מעגליכקייט פון אַנ'אַנדער אויסוועג, פון ניט געהן אין דעם גע־ווינשטען לאַנד.

„און משה שיקט מרגלים".

משה שטימט איין. משה איז זיכער, אז די מענשען, וואָס וועלען מאַכען די אויספאָרשונג, זיינען געוויס אמת'ע מענשען. זיי וועלען ברענגען דעם ריכטיגען רעזולטאַט. זיי וועלען צושטרויען די פאַלשע בעגריפפע וועגען דעם לאַנד וואָס איז פערשפּרייט אין דעם פאָלק. און דאָס וועט דעם פאָלק בעגייסטערען מיט נייען מוטה, מיט פרישע ענערגיע און וועט איהם דיענען אַלס אַ גוטער לעקציאָן צו אויסבעסערען איהם. — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

משה קלייבט אוים די פּארנעהמסטע מענער, צו וועלכע דאָס פאָלק האָט צוטרוי און שיקט זיי אלס עקספּעדיציאָן נאָך כנען.

די עקספּעדיציאָן קומט אין לאַנד. דאָס לאַנד בליהט און איז איינ־געטונקט אין גרינס און פרוכט. די ערד איז זעהר פרוכטבאַר, פליסט מילך און האָניג. דער קלימאַט איז גוט און פּראָדוצירט געזונדע, שטאַרקע, הויך געוויקסיגע מענשען. די בעפעלקערונג איז געדיכט, בעזיצט גרויסע, אָבער שטאַרק־בעפעסטיגטע שטעדט.

די עקספּעדיציע קומט צוריק. גיט איבער דעם בעריכט. אָבער צעהן פון די צוועלף מיטגליעדער פון דער עקספּעדיציע בענוגענען זיך ניט מיט טרוקענע פאַקטען. זיי לעגען צו זייער אייגענע ערקלעהרונג, זייער מיינונג און איינדריקע. דיעזע צעהן מרגלים זיינען פון אָנפאַנג אָן געגאַנגען מיט פּאָראורטהיילע געגען דעם גאַנצען פלאַן און געגען משה'ן. דאָס זיינען גע־ווען ריכטיגע פאָרשטעהער פון זייער דור, קינדער פון זייער צייט, סקעפּטיש, ניט צוטרויליך, וואָס שטעלען זיך אימער ארוים אלס בעזאָרגער פון פאָלק, פריינדע פון די מאַסען און אין אמת'ן זוכען זיי בלויז זייערע אייגענע אינ־טערעסען, צו זויגען דעם פאָלק, צו ארויפאַרבייטען זיך דורכ'ן פאָלק, צו ווערען אויסגעהאַלטען פון פאָלק. זיי זוכען אימער אוים פאַלשע געפאַהרען צו איינשרעקען דעם פאָלק, אום צו קענען צייגען איהם זייער טרייהייט. און ווען דעם פאָלק דראָהעט אַנ'אמת'ע געפאַהר, בערוהיגען זיי איהם, אָפט, מיט פוסטע פראַזען. זיי זוכען אימער צו זיין נאָהנט צום אמת'ן פיהרער פון פאָלק, אום צו גרויסען זיך דאמיט אין די אויגען פון פאָלק. אָבער אין דער זעלבער צייט, ווען עם לייענט זיי, פערלוימדען זיי דעם זעלבען פיהרער, קריטיקירען איהם, זוכען צו אבשוואַכען זיין רענאמע און איינפלוס אין פאָלק, שרעקען דעם פאָלק מיט זיין דעספּאָטיזם, וועלען הערשען אָדער דאַ־מיט וואָס דער פיהרער איז כלומרשט אַ פּרעמדער, קען ניט זיין פאָלק א. ז. וו.

דאָס פאָלק זעהט אין זיי זיך זעלבסט, דעם רעפלעקס פון זיין אייגענעם כאַראַקטער, דעם אויסדרוק פון זיינע געדאַנקען און גלויבט זיי, נעהמט זיי

אָן אלס פאָרשטעהער און, מאַנכעם מאָהל, פערלאָזט ער זיינע אמת'ע פאָרשטעהער און פיהרער איבער זיי.

די צעהן מרגלים האָבען געזעהן פונקט די זעלבע פאקטען, וואָס די איבריגע צוויי, אָבער זיי האָבען זיי אויסגעטייטשט נאָך זייער שקלאַפּישער פסיכאָלאָגיע. די העכסט געווינשטע ערשיינונגען האָבען זיי געאורטהיילט און ערקלעהרט נאָך זייערע פאראורטהיילע און שקלאַפּערישע פייגהייט: „דאָס ערד איז גוט, אָבער דער קלימאַט איז שלעכט, עסט אויף די בעפעלקערונג, טראָטץ דעם, וואָס זי איז פון דער נאַטור אַזוי שטאַרק. די בעפעלקערונג איז ריעזען־שטאַרק, געדיכט און בעזיצט דאָצו זעהר שטאַרקע פעסטונגען. מיר זיינען מילבען געגען זיי, מיר קענען זיי ניט בעזיעגען". דערצו פערגעסען זיי ניט אַ שרעק צו טאָהן דעם פאָלק מיט זיין אלטען שונא, עמלק, די פעסטונג פון דער געטצענדינערישער וועלט, וועלכער זיצט אין פראָנט פון כנען, וויל האָבען דאָרט זיין איינפלוס און וועט געוויס ניט דערלאָזען זיינע אייביגע בעקעמפפער דאָרט זיך צו בעזעטצען.

די מינאָריטעט פון דער עקספּעדיציאָן, די בלויז צוויי אמת'ע מענשען און ריכטיגע פריינדע פון פאָלק, גיעבען אַ ריכטיגע ערקלעהרונג צו די פאַקטען, וואָס זיי האָבען געזעהן: „דער קלימאַט איז גוט, געזונד, פּראָדוצירט אַ שטאַרקע און געדיכטע בעפעלקערונג. נור די מענשען זיינען דאָרט זינדיג, פערברעכעריש, פויל, נאַכלעסיג. דעריבער זיינען זיי פעראַרעמט, קרענקליך און שטאַרבען אויס. זייער קולטור איז צופוילט, זייער מאָראַל — פערדאָרבען, זייער קולט, זייער גאָטעס־דיענסט איז פערבונדען מיט פערברעכענס און אבשייליכקייטען, וואָס פערשפרייטען ווענערישע קראַנקהייטען און אלערליי סאָרטען פעסט אין לאַנד. זיי דעגענערירען, ווערען פערניכטעט אין זייער אייגענעם שמוץ. זיי בויען פעסטונגען טראָטץ זייער נאַטירליכער שטאַרקייט, ווייל אלס פערברעכערס און אויסגעלאַסענע מענשען זענען זיי פייגהאפט און פערלאָזען זיך ניט אויף זייער קראַפט. זייערע פעסטונגען קענען זיי אלזאָ ניט בעשיצען, זיי זענען שאָטענלאָז, אָהן שוטץ, זיי זענען אונזער ברויט. קיינער קען זיי ניט רעטען פון אונז. דאָס לאַנד איז גוט, די מענשען פערניכטען זיך זעלבסט. און דיזע ביידע פאַקטען זענען דאָך ווי געוואונשען פיר אונז".

אָבער זייערע ווערטער זענען אומזאנסט, זייער אמת העלפט ניט צו אויפקלעהרען דעם אויפגערעגטען, פערבלענדעטען און פערפיהרטען פאָלק. זיי גלויבען בעסער זייערע צעהן מרגלים. „יהושע און כלב זענען משה'ס מענשען און משה איז זיי אַ שונא. משה'ן אינטערעסירט ניט דאָס פאָלק, נור דאָס יודענטהום, זיין אייגענער אידעאל". ער פיהרט אונז אהין אויף אַ זיכערען טויט. איז דען ניט געווען גלייכער צו שטאַרבען אין מצרים אָדער זאָגאַר דאָ אין דעם מדבר? מיר קאָנען אין גלות, אָדער אפילו אין דער וויסטע אויך זיין אידען. מיר קאָנען פערבלייבען אידען אפילו גאָר ניט האָפענדיג אויף וועלכע עס איז לאַנד, שלא על מנת לקבל פרס. מען וויל אונז אריינברענגען אין דעם לאַנד בלויז צו אומברענגען אונז דורכ'ן שווערד און צו איבערגעבען אונזערע קינדער אלס רויב צו יענע פעלקער. מיר האָבען איינמאָהל פערזינדיגט און גאָט וויל אונז ניט מוחל זיין. יעדען מאָהל ווען מיר ווילען נעהמען געהן ווערען מיר בעשטראָפט. ער וויל אונז יעצט געבען כנען, ניט אַלעס בעלאָהנונג, נור אלעס שטראָפע. לאָמיר זיך בעסער מאַכען אַ נייען פיהרער און זיך אומקעהרען אין מצרים".

משה און אהרן פאַלען דעם פאָלק צו די פיס; זיי בעטען זיך ביי איהם, ערקלעהרען איהם, אז זיי ווילען איבער איהם ניט הערשען, נור פערקעהרט, זיי ווילען איהם דיענען, ליעגען אונטער זיינע פיס, נור העלפען איהם, רעטען איהם.

אָבער דאָס פאָלק אין זיין העכסטער אויפרעגונג אכטעט ניט זייערע ווערטער, גלויבט זיינע פערפיהרער און ווארפט זיך אויף זיינע צוויי בעסטע קינדער און אמת'ע פריינד, אויף יהושע און כלב, מיט שטיינער...

אָבער פונקט אין דיעזען מאָמענט „האָט די הערליכקייט פון דער גאָטהייט ערשיענען צו אלע אידען". ביי דעם מאָמענט פון העכסטער אויפרעגונג,

וועןאַנדערע קענען שוין אין זייער פערניכטונגס־ארבייט ניט אָבהאַלטען זיך, ערווינערט דאָס אידישע פאָלק זיין גאָט, דערפיהלט זיין גערעכטען צאָרען, בעגרייפט זיין אייגענע שולד און האלט זיך אָב.

און אין דיזען מאָמענט האָט משה ווידער דערהערט די זעלבע געטליכע ווערטער, וועלכע ער האָט שוין געהערט אין דער צייט פון עגל: „איך וועל זיי דערשלאָגען מיט פלאָגע און דיך מאַכען פיר א גרעסערען און שטאַרקערען פון איהם, פאָלק". זאָלען זיי מיר ניט שטעלען קיין טענות, וועגען מיין הבטחה צו געבען זיי כנען; זאָלען זיי זיך ניט פערזיכערען אויף מיין פערשפּרעכען אייביגען עקזיסטענץ פיר מיין פאָלק! דאָס אידישע פאָלק, גאָטעס פאָלק בעשטעהט ניט אין דער גרויס פון די מאַססען, זיין אייביגקייט איז ניט אָבהענגיג פון זיין צאָהל. זאָנדערען פון מיינע לעבענס־געזעצע, וועלכע איך האָב אייך געגעבען. מיין הבטחה מוז ניט מקוים ווערען צו אַלע אברהם'ס קינדער, צו די עשו'ס און ישמעאל'ס פון דעם אידישען פאָלק, זאָנדערען צו די זרע אברהם עבדי, צו די יצחק'ס, יעקב'ס און משה'ס פון דעם פאָלק, צו דיזע, וועלכע ווילען זיין בני ישראל, מיינע דיענער און מיינע קינדער. אויב זיי גלויבען דאָס מיין הבטחה איז אמת און מוז מקוים ווערען, דאַן מוזען זיי גלויבען אויך אין מיינע אנדערע ווערטער און געבאָטע, דאַן מוזען זיי זיך פערזיכערען אויף מיר און ניט שרעקען זיך צו געהן אין דעם לאַנד, אין וועלכען איך פיהר זיי. ווען זיי ווילען אָבער אין מיינע וועגען ניט געהן, ווען זיי ווילען מיר ניט גלויבען און טרויען, ווען זיי ווילען מיך ניט אלס גאָט, ווען זיי ווילען אנדערע געטער, זיין גלייך מיט אנדערע פעלקער, דאַן בין איך זיי גאָר ניט שולדיג, גאָר ניט מחויב, דאַן ברויכען זיי ניט פאָדערען פון מיר מיין הבטחה, דאַן מעג איך צונעהמען פון זיי מיין ספּעציעלע השגחה און דערלאָזען זייער פערניכטונג און פון דיך, פון די איינציגע משה'ס זאָל איך בילדען א נייעם אידישעם פאָלק, א פאָלק פון לויטער פּיאָנערען, אַן'איבערפאָלק, א פאָלק העכער פון אַלע פעלקער, א פאָלק פון משה'ס... אויף דיר און אויף דיינע קינדער, זאָל פאַלען מיין ברכה און מיין הבטחה, וואָס איך האָב מבטיח געווען די אבות; דען דו ביזט אויך פון זרע אברהם און דו האָסט זיך גענומען צו געהן אין מיינע וועגען".

משה הערט די געטליכע ווערטער, ער בעגרייפט די פאָדערונג פון דער אבסאָלוטער גערעכטיגקייט, פון דער מדת־הדין, ער וויים, דאָס פיר דער געטליכער ראָלע, וועלכע ער האלט אין דורכפיהרען, איז נעטהיג א בעסערער עלעמענט, א שטאַרקערער מאַטעריאַל, אלס דער דור־המדבר, אָבער אין דער זעלבער צייט בעגרייפט ער, דאָס מיט דער פּלוצלונגער פערניכטונג פון דור־המדבר מוז פערלאָרען געהן אָדער, אַמוועהניגסטען, אויף א לאַנגע צייט פערהאַלטען ווערען אויך דער געטליכער אידעאַל. — „ניין! — שרייט משה צו גאָט. — אמת, די פעלקער האָבען געזעהן, דאָס דו האָסט אַרויסגעבראַכט דיזען פאָלק פון צווישען די עגיפּטער; אמת זיי וועלען אנערקענען דיין גרויסע מאַכט, דיין עקזיסטענץ און גערעכטיגקייט. זיי וועלען אָבער דיך קענען בלויז פון איין זייט; זיי וועלען זעהן אין דיר בלויז גרויזאַמע שטרענגקייט, דין ומשפּט, און זיי וועלען זאָגען, אז דו פאָדערסט פון מענשען איבערמענשליכעס, אז דו ביזט ניט דער גאָט פון חסד און רחמים, פון פערצייהונג און פערגעבונג. און דעריבער איז פיר דיר אוממעגליך צו אריינברענגען זיי אין לאַנד, וואָס דו האָסט זיי פערשפּראָכען און דעריבער האָסטו זיי פערניכטעט אין דער וויסטע. זיי וועלען זאָגען: דו זעלבסט האָטסט דעם פאָלק געבראַכט צו פערצווייפלונג, צו ווידערשפּעניגקייט און זינדע, אום צו בעשולדיגען זיי און גערעכט מאַכען דיין טהאַט, דיין גרויזאַמע שטראָפע".

„אָה, זאָל יעצט זיך ערגרויסען דיין הערליכע קראַפט, דער אל ארך אפּים, דער רב־חסד! זאָלען זיי יעצט זעהן און פערשטעהען, וואָרום די אנדערע, זאָ פיעל פערדאָרבענע פעלקער עקזיסטירען: ווייל דו פערלענגערסט דיין צאָרען, דו האַלטסט איהם איין אויף א לאַנגער צייט, דו גיסט איהם ניט אויס מיט איין מאָהל, ווייל עולם חסד יבנה, דו האָסט געבויט דיין וועלט אויף גנאָדע און דעריבער קענען די זינדיגע מענשען א קיום האָבען. דו שענקסט ניט אין גאַנצען, אָבער דו שפּרייטסט אויס דיין שטראָפע

אויף אייגענע דורות, ביז דעם פירטען דור, אום דאָס פאָלק זאָל מיט איין מאָהל ניט פערניכטעט ווערען און אום די מענשען זאָלען האָבען גענוג צייט צו בעסערען זיך. אָה, פערגיעבע דאָך דיין פאָלק, פערצייהע זיי, ווי דו האָסט זיי פערצייהעט די גאַנצע צייט, זינד דו האָסט זיי ארויסגעבראַכט פון מצרים. זאָלען זיי וויסען אז דו פערצייהעסט, אז ניט איבער דיין צו גרויסע שטרענגקייט זיטצען זיי אין דעם מדבר, נור איבער זייער אייגענער שולד."

און גאָט ענטפערט: „סלחתי כדבריך". 29) איך האָב פערצייהעט נאָך דיינע רייד, איבער דעם זעלבען טעם וואָס דו האָסט געזאָגט, אין דעם נאָמען פון דער מדת־החסד, דען מיין פערצייהונג איז אויך חסד. אָבער מאָרגען זאָלט איהר זיך אומקעהרען צוריק צום ים־סוף. זיי דאַרפען ווידער דורך־מאַכען דעם גאַנצען לאַנגען וועג, אום זיי זאָלען זיך איבערציינגען אין זייער שולד, אום זיי זאָלען זעלבסט זעהן, דאָס אפילו יעצט, ווען זיי ווייסען שוין פיעל מעהר, ווען זיי בעגרייפען שוין זייערע פעהלערען און ווייסען ווי צו אויסמיידען זיי, צו היטען זיך פון זיי, וועלען זיי דאָך ווידערהאָלען כמעט די זעלבע פעהלערען. — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

משה ערקלערט דאַן דעם פאָלק דעם געטליכען משפט, די געטליכע גזרה: „צו אומקעהרען זיך צוריק צום ים־סוף". דיזע גזרה שטימט איי־גענטליך מיט זייער אייגענעם, נור וואָס אויסגעשפּראָכענעם וואונש, צו מאַכען אַ פיהרער און אומקעהרען זיך אין מצרים. אָבער יעצט איז דאָס ביי זיי אַ גזרה. ווייל יעצט איז דאָס שוין געווען געגען זייער וואונש, יעצט האָבען זיי שוין געוואוסט, דאָס זיי זענען געווען נאָהנט צו זייער ציעל, צו זייער לאַנד, וועלכע זיי האָבען יעצט פערלאָרען איבער זייער בעגאַנגענעם פעהלער. און דאָס פאָלק מורמעלט, צייגט ווידער זיין האַרטנעקיגקייט און וויל ניט נעהאָרכען צו געהן צוריק.

דאַן ערקלערט זיי משה דעם געטליכען בעשלוס: „אין דיזער וויסטע זאָלען אייערע קערפּערס פערבלייבען. בלויז אייערע קינדער, וועלכע איהר האָט געזאָגט, דאָס איך בעצוועק צו פעראונגליקען און פעראַרעמען, אייערע קינדער, וועלכע איהר האָט געוואָלט אוועקשלעפּען פון מיר, פון יודענטהום צוריק צו דער מצרים'שער ציוויליזאַציאָן, אָט דיזע קינדער, וועלען איבער אייך דאַרפען ליידען, זיין נאָרמאַדען, וואַנדערער אין דער מדבר גאַנצע פיערציג יאָהר און ערשט נאַכהער אריינקומען אין כנען.

דער דור המדבר, די יוצאי מצרים, די ערצויגענע אין שקלאַפעריי, אין פרעמדען גייסט, האָט געקענט בלויז צוברעכען די קעטהען פון זייער פהיזי־שער קנעכטשאַפט, צו אוועקגעהן פון מצרים אין דער וויסטע. ער איז אָבער ניט געווען אימשטאַנד צו בעפרייען זיין פערשקלאַפטען גייסט, זיין נשמה. זיין פער'גשם'טער קערפּער איז ניט פעהיג געווען צו בעזיטצען די הערליכע אי־דישע זעעלע, ער איז געווען צו שוואַך צו האַלטען און טראָגען די פאָהן פון די געטליכע אידעאַלען; ער איז ניט געווען פעהיג צו אריינקומען אין גן־עדן פון פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

לעבענדיג זעלבסט אין אַ סטיכיע פון נסים, קען ער דיזע נסים ניט פיהלען, ניט שעטצען, זיי ווערען פיר איהם געוועהנליך, נאַטירליך, פונקט ווי די לופט פיר מענשען, וואסער פיר פיש. נור די שפּעטערע דורות וועלען דאָס קענען אָבשאצען, בעגרייפען און ארויסדרינגען די לעהרען, דעם מוסר־השכל פון זיין לעבען. דיזער דור האָט בלויז די פערדיענסטע, וואָס ער האָט אין זיין קורצען לעבען דורכגעמאכט די אלע עקספּערימענטען, וואָס

29) די זינדע פון די מרגלים שטעהט אויף איין שטופע מיט דער זינדע פון עגל; זיי האָבען איין מקור. די זעלבע ווערטער וואָס זענען געזאָגט ביים עגל, זענען ווידערהאָלט ביי די מרגלים. נור ביי דעם עגל, ווען משה האָט געשטעלט גאָט אַנ'אולטומאטום: „פערצייהע, ואם אין מחני נא מספרך, פערצייהע, ווייל דאָס פאָלק איז גרויס", שטעהט ניט אז גאָט האָט פערצייהעט. יעצט האָט משה געבעטען פערצייהונג פיר דאָס פאָלק, אום צו ציינען די מדת־החסד, סלח־נא כגדל חסדך.

זענען נעטהיג פיר דעם עם הנבחר אין דער צוקונפט ; ער האָט דורכגע־
מאַכט די אַלע נעטהיגע ערפאַהרונגען און דיענט אַלס ביישפּיעל פיר אַלע
דורות אין אַלע צייטען, דיזער דור האָט זיך אָבער געמוזט בענוגענען בלויז
דאַמיט, וואָס ער האָט מיט זיינע אויגען געזעהן דעם נייען, פרייען דור,
דעם גליק פון זיינע קינדער, אָבער זעלבסט געניסען פון דיזען גליק האָט ער
ניט געקענט. נור זייערע קינדער, דער נייער דור, וואָס איז ערצויגען גע־
וואָרען אונטער דעם פרייען הימעל, אין ריינער פרייהייט און נאַצ־
יאָנאַלען שטאָלץ, אונטער משה'ס אויפזיכט און איינפלוס, אין אַ ריין־אידי־
שער קולטור, קענען אַריינקומען אין דעם פערשפּראָכענעם לאַנד.

דאָס איז פיליכט גרויזאַם, הארטהערציג, דאָס דער דור, וועלכער האָט
זאָ פיעל געליטען אין גלות און שקלאַפעריי, דער דור, וועלכער האָט אויף
זיינע פּלייצעס אריבערגעטראָגען די אַלע שוועריגקייטען פון בעפרייאונגס־
פּראָצעס, וועלכער האָט שוין גאַנצע צוויי יאָהר געוואַנדערט אין מדבר, זאָל
ניט דערלעבען צו זעהן די פרוכט פון זיין ארבייט, דעם שפּיץ פון זיינע
האָפנונגען און שטרעבונגען און, נאָך מעהר, ער זאָל יעדען טאָג, יעדע מינוט,
וויסען און פיהלען זיינע אונבעלאָהנבארע ליידען, זיין טרויעריגע ענדע. משה
האָט געוויס געפיהלט דאָס שרעקליכקייט פון זייער שיקזאַל, זיין הארץ
האָט געוויס געבלוטעט פון רחמנות צו זיי ; ער האָט געליטען דאָבעל : פיר
זיי און פיר זיך זעלבסט ; ער זעלבסט האָט אויך געוואָלט קומען אין דעם
נעבענטשטען לאַנד, זעהן די פרוכט פון זיין ארבייט, זעהן מיט זיינע איי־
גענע אויגען דעם גליק פון זיין פאָלק, דעם טריאומף פון זיינע שטרעבונגען,
וועלכע זענען יעצט אזוי ערווייטערט געוואָרען פון איהם, אויף גאַנצע פיער־
ציג יאָהר. וועט ער דאָס דערהארען ? וועט ער נאָך לעבען אזוי לאַנג ?
אָבער דאָס איז אַ גזרה מן השמים. אזוי פאָדערט דער אידעאַל, אזוי פאָ־
דערט דאָס גאָטהייט. אין דעם ליעגט דער געטליכער חסד. אַנדערש מוז
דאָס גאַנצע פאָלק אייגענבליקליך פערלאָרען געהן (30). דאָס פאָלק לעבט
ניט אין פערזאָנען, זאָנדערען אין דורות. דיזער דור איז ניט ראוי ; עס
וועט אויפשטעהן אַ נייער דור. דאָס פאָלק אָבער וועט אלס זיין דאָס זעל־
בע. דאָס פאָלק וועט דאָך אַריינקומען אין כנען.

דאָס פאָלק הערט אויס זיין דעקרעט, אָבער ער וויל זיך מיט איהם ניט
צופריעדענשטעלען. און עס קומט פאָר מיט איהם דאָס זעלבע, וואָס עס
קומט פאָר זעהר אָפט מיט מענשען, וועלכע פערבינדען אידעאַל מיט מאַ־
טעריאַל, פּרינציפּ מיט פערזענליכע אינטערעסען. ביי דעם סאָרט מענשען
איז דער אידעאַל אַ מיטעל צו עררייכען דעם מאַטעריעלען וואונש. זיי זיי־
נען אָבער ניט פעהיג צו אויפאָפּפערען די נעטהיגע מאַטעריעלע מיטלען,
ווען דער אידעאַל פאָדערט עס. דערפון ליידעט זעהר מאַטעריעלער אינ־
טערעס. די מענשען זעהען עס איין און האָבען חרטה. עס קרענקט זיי,
וואָס זיי האָבען דורכגעלאָזט דאָס געלעגענהייט צו עררייכען זייער וואונש.
דאַן ווילען זיי צוריק־כאַפּען דאָס געלעגענהייט. אָבער דער געוואונשטער
מאָמענט איז שוין פאַראיבער און אין רעזולטאַט בעקומט זיך, דאָס די
אָפּפער, וועלכע זענען שוין יעצט ניט פיר דעם אידעאַל, ניט צו גאָט, נור
בלויז פיר די פערזענליכע צוועקען, זענען אין גאַנצען אומזאָנסט, אונוצליך,
געהן פערלאָרען. דער אידעאַל איז ניט אויסגעפיהרט, די פערזענליכע אינ־
טערעסען — ניט עררייכט און די מענשען מאַכען אַ צווייפאַכען פעהלער.

דאָס פאָלק האָט יעצט איינגעזעהן, דאָס ער האָט פערלאָרען אַ גוטען
מאָמענט צו אַריינקומען אין לאַנד, דאָדורך, וואָס ער האָט געצווייפעלט, ניט
געגלויבט, זיך ניט פערזיכערט אויף זיין גאָט און האָט פערלאָרען צייט אויף
אומזיסטע עקספּעדיציעס און פאָרשונגען, וועלכע האָבען איהם קיין מוטה
ניט צוגעגעבען און קיינע נוטצען ניט געבראַכט. דאָס פאָלק בעדויערט,
האָט חרטה און וויל פערריכטען זיין פעהלער, פערגיטיגען דעם אידעאַל,
חנפ'נען, אונטערקויפען גאָט, ציינענדיג, דאָס יעצט פאָלגט ער שוין, פער־

30) ואכלה אותם כרגע, — ואעשה אותך לגוי גדול. (שלח). אויב משה
זאָל אַריינקומען אין לאַנד מוזען זיי געהן פערלאָרען.

זיכערט זיך, גלויבט און איז פֿערטיג צו ברייננגען אָפּפֿער, צו געהן אויף קדוש־השם.

משה בעגרייפֿט דאָס, פֿערשטעהט זייער פּסיכאָלאָגישען צושטאַנד און וואָרענט זיי, ערקלעהרענדיג · „אויף דעם בארג זיצט עמלק און כנעני און איהר, אין אייער יעצטיגען גייסטיגען צושטאַנד, קענט ניט געהן זיך מיט זיי שלאָגען. מיט אייער געהן יעצט טרעט איהר ווידער איבער דעם געט־ליכען געבאָט, דאַמיט זינדיגט איהר אַ צווייטען מאָל געגען אידעאַל. דאָס איז נוטצלאָז. געהט ניט, ווארום גאָט איז ניט אין אייך. איהר טוהט דאָס ניט, ווייל איהר בעגרייפֿט אייער פֿערברעכען געגען גאָט, נור ווייל אייך קרענקט דער דורכגעלאָזענער מאָמענט, ווייל איהר ווילט שנעלער אַוועק פֿון מדבר. ווען איהר וואָלט ווירקליך זיין דורכגעדרונגען מיט דעם געטליכען אידעאַל, וואָלט איהר זיך ניט געקלאָגט, וואָס מען הייסט אייך געהן אין אייער לאַנד, וואָלט איהר ניט געזוכט קיינע וויסענשאַפֿטליכע עקספּעדיציעס און אויספֿאָרשונגען, נור איהר וואָלט געגאַנגען גלייך מיט פֿול מוטה און זי־כערהייט און איהר וואָלט בעגליקט. דאָס איז קיין תשובה זאָנדערן חרטה. גאָט איז ניט מיט אייך און איהר דאַרפֿט ניט געהן.

דאָס פֿאָלק געהט דאָך, מיטנעהמענדיג די אויסערליכע הייליגקייט, דעם ארון. דאָס פֿאָלק איז ניט דורכגעדרונגען מיט זיין הייליגקייט, מיט דעם אינערליכען גייסט פֿון אידעאַל, פֿון יודענטהום, פֿון גאָטהייט. דאָס פֿאָלק בענוגענט זיך מיט די אויסערליכע אַטריבוטען, מיט די סימבאָלישע פֿערקערפּערונג פֿון דאָס הייליגקייט און דענקט, אַז האָבענדיג דעם ארון־קודש, דעם משכן, דעם בית־המקדש, די תורה, אָדער שוהל, האָבען זיי זייער גאָט מיט זיך און זענען דאַדורך בעשיצט פֿון אַלע צרות און שונאים. יעצט האָט דאָס פֿאָלק געמוזט איבערצייגט ווערען, דאָס עס איז ניט גענוג צו האָבען דעם ארון־הקודש, נור מען דאַרף האָבען קודש, הייליגקייט אין זיך, מען דאַרף האָבען גאָט אין הארצען; עס איז ניט גענוג צו האָבען לוחות, אַ תורה, נור מען דאַרף זיין דורכגעדרונגען מיט דעם אינערליכען אינהאַלט פֿון דיזער תורה און ערפֿיהלען, וואָס אין איהר שטעהט; עס איז ניט גענוג צו טראָגען דעם סימבאָל פֿון אַ אידעאַל, נור מען דאַרף דעם אידעאַל דורכ־פֿיהלען, דורכלעבען און טאָהן אַלעס, וואָס דער אידעאַל פֿאָדערט.

משה געהט מיט מיט זיין פֿאָלק. ער פֿערלאָזט זיי ניט, טראָטץ זייער ניט געהאָרכען איהם און טראָטץ דעם וואָס ער זעהט פֿאָראויס דער אָנקו־מענדער קאַטאַסטראָפֿע. ער געהט מיט, אָבער העלפֿען קען ער יעצט ניט. משה קען העלפֿען, קען זיין אַ פֿיהרער, ווען דאָס פֿאָלק איז מיט איהם, בע־לעבט מיט דעם זעלבען אידעאַל, ערפֿיהלט גלייך מיט איהם זיינע פֿפֿליכ־טען. אָבער אין געגענטהייל איז דעם פֿיהרערס ארבייט דאַן אומזאָנסט. משה פֿיהרט ניט דאַן, נור ער געהט מיט און ליידעט מיט'ן פֿאָלק צוזאַמען.

דאָס פֿאָלק איז געגאַנגען, מיינענדיג, דאָס ער געהט אויף קדוש־השם. ער האָט געבראַכט שווערע קרבנות. אָבער אומזיסט. דאָס זענען געווען קרבנות שלא בזמנם. ער איז ווידער אַוועק ניט מיט דעם געטליכען וועג, נור מיט זיין מענשליכען וועג. און עס איז ארויסגעקומען אַ חלול־השם. די געטצענדינער האָבען זיי געשלאָגען און זיך בעריהמט, אַז זייערע געטער זענען שטאַרקער פֿון דעם אידישען גאָט...

אָך, וויפֿיעל אַזעלכע אונוטציגע קרבנות האָט אונזער פֿאָלק געבראַכט און ברענגט אויף געמיינטען קדוש־השם! ווען מיר וואָלטען אַ הונדערט־טהייל דאַפֿון געאָפּפֿערט פֿיר אונזער ערלעזונג, פֿיר אמת'ן יודענטהום, פֿיר אַ זיכערען פּלאַץ פֿיר דאָס יודענטהום, ווי גליקליך מיר וואָלטען געווען און וואָס פֿיר אַ קדוש־השם, וואָס פֿיר אַ כבוד עס וואָלט געווען פֿיר דעם יודענ־טהום און דעם אידישען פֿאָלק! די צוויי הונדערט פּלישתים, וועלכע דוד האָט גע'הרג'ט איז געווען מעהר קדוש השם, ווי טויזענד קרבנות אויפֿ'ן אויטאָ־דע־פֿע אין שפּאַניען. די טויזענדער געפֿאַלענע מאַקאַבייער אויפֿ'ן שלאַכט־פֿעלד, זענען אַנ'אייביגער כבוד פֿיר דעם אידישען פֿאָלק און פֿיעל מעהר אַלס די פֿערברענטע און דערשטיקטע אין דער הייל (חשמונאים) אָדער די ערמאָרדעטע אין רוסלאַנד און אַנדערע גלות־לענדער.

## קרח.

א גרויסער פאָלקס־אומגליק רעאַגירט פערשיעדען אויף די פערשיעדענע פאָלקס־טהיילען. די אמת גרויסע מענשען, די ריכטיגע פיהרערס און פריינדע פון פאָלק, זעהען פאָראויס די אורזאַכען ,וואָס פיהרען דאָס פאָלק צו אומגליק, נאָך איידער די קאַטאַסטראָפע קומט. זיי דערשפּירען דעם אומגליק נאָך די סימפּטאָמען, וועלכע ער ציינט בעפאָר. זיי קאָנען, נאָך דעם אַרט לעבען, נאָך די שטרעמונגען און בעשטרעבונגען, נאָך דעם וועג, אין וועלכען דאָס פאָלק נעהמט זיך אין א געוויסער צייט צו געהן, פאָראויסזאָגען, אויב דאָס פיהרט צו א גרוב אָדער צו א בארג, אין א זומפּ אָדער צו א פּאַלאַץ. זיי זענען פּונקט ווי די גוטע ערצטע, וואָס וויסען צו שטעלען דעם ריכטיגען דיאַגנאָז פון דער קראַנקהייט, וויסען איהרע אורזאַכען, זוכען צו בעזייטיגען זיי בעפאָר די קראַנקהייט ברעכט אויס און צו היילען זי נאָכהער. דיזע גרויסע מענשען וואַרענען אימער דעם פאָלק, זוכען צו פערהיטען איהם, צו ארויספיהרען איהם אויפ'ן גלייכען וועג בעפאָר א קאַטאַסטראָפע; זיי פערלירען זיך ניט, פערלאָזען ניט דעם פאָלק אין דער צייט פון אומגליק, ווען זיי זענען די ערשטע צו רייכען רעטונג און הילפע צום פאָלק; און זיי זענען אויך די ערשטע צו ברענגען דעם פאָלק אין אָרדנונג נאָך'ן אומגליק און צו פערהיטען איהם פון א ווידערהאָלונג.

עס גיבט אָבער אויך אַנ'אַנדער קאַטעגאָריע פון זאָגענאַנטע גרויסע מענשען פון פאָלק, דיזע שווימען ארויף אויף דער אָבערפלעכע פון פאָלק, ניט איבער זייער גרויסקייט, נור איבער זייער גרינגקייט, איבער דעם, וואָס זיי זיצען מאָנכעס מאָל אין לייכטע שיפלעך אָדער ווייל זיי האַלטען זיך אן די גרויסע שווימער, אָן די אמת גרויסע מענשען פון פאָלק.

די ערשטע זענען אונזערע גרויסע אידען, די משה'ס און אהרן'ס, די אַנדערע — די עיני ישראל, דיזע, מיט וועמעס אויגען דאָס פאָלק איז געוואָהנט אלעס צו בעטראַכטען, די וואָס שאַפען דעם אלגעמיינעם מיינונג, די אצילי־בני־ישראל, די לאָרדען, די מיליאָנערען, די געקינסטעלטע אינטעליגענץ, מענשען, וועלכע ניט איבער זייער אייגענער גרויסקייט, ניט פון נאַט געזעליגטע, נור דורך אויסערע אומשטענדען ווערען זיי אָדער זיי מאַכען זיך פיר פיהרערס און טאָן־געבערס פיר נייסטיגע אָדער אָפיציעלע פאָרשטעהערס פון פאָלק, מעגען זיי זיך זיין כהנים, לוים, רבנים, פּרנסים, גבאים, פּרעזידענטען, שתדלנים, כלל־טהוערס, פילאַנטראָפען א. ז. וו. דאָס איז שוין קיין ערב־רב, קיין אספסוף, נור מענשען, וואָס האָבען אָפט דעם פולען רעספּעקט און צוטרוי פון פאָלק, נשיאי־עדה, קריאי־מועד, אנשי־שם.

דיזע מענשען, אין געוועהנליכע צייטען, פאַליושקען זיך אין זייערע קליינע, אָפט ניט גאָר קלאָהרע, לוזשקעס, טוהען אָדער טוהען ניט, מעכאַניש, זייערע בעריהמעריי־פּאָליכטען, זענען צופריעדען מיט זייער מיקראָסקאָפּישער גרויסקייט און קרעמערישע טובות, וואָס זיי טוהען און האָבען זיך הנאה, פון דאָס ביסעל כבוד, וואָס די ניט־דענקענדע און ניט איבערקלייבענדע מאַססען גיעבען זיי. אין דער צייט פון א פאָלקס־צרה, אויב זיי געפינען זיך אויך אין איהר, זוכען זיי, דאָס ערשטע זאַך, צו רעטען זיך זעלבסט. אָבער אין גרעסטען טהייל געפינען זיי זיך אויסער דער אלגעמיינער געפאַהר און מיט גאוה וואַרפען זיי דאַן אונטער פון דערוויטענס זייערע קלינגענדע און אויסשרייענדע אונטערשטיצונג צום ליידענדען פאָלק.. און נאָך דער צרה, וואַרפען זיי די שולד פון דעם אומגליק אויף די אמת'ע פיהרערס, פערבלענדען דעם פאָלקס אויגען מיט פאַלשע אורזאַכען, שטעלען זיך ארויס פיר די ריכטיגע פריינדע פון פאָלק, זוכענדיג דאַביי די געגעמאַניע איבערן פאָלק. אין מיטלען זענען דיזע מענשען קיינע איבערקלייבער. דער עקר איז ביי זיי דער אייגענער צוועק. א מאָהל שרייען זיי, אז דער יודענטהום איז א לאַסט, צו טהייער, ניט שעהן, מאַכט דאָס פאָלק אָבגעזונדערט, ניט ציוויליזירט, ניט שעהן אויסערליך, ניט עסטהעטיש; און אַנ'אַנדערס מאָהל נעהמען זיי זיך גראָדע אָהן גאַנץ קריוודע, פערהיטען דעם יודענטהום, רעטען איהם דורך פאַנאַטישע מיטלען אָדער דורך מאָדערנע רעפאָרמען. דאָס איז אייגענטליך אלס איינס פיר זיי. דער אונטערשיעד איז בלויז,

וואס אין דעם ערשטען פאל פערפאלגט מען די אפיקורסים און אין צווייטען — די פרומע אדער נאציאנאלע אידען.

דאס איבריגע פאלק איז אן און פיר זיך א פאסיווע מאססע. עס טראגט און פיהלט די צרות אוןליידען, קען אליין ניט פערנאנדערקלייבען זיך אין די אורזאכען, קען ניט אויסקלייבען זיינע וועגען. עס לעבט ווי אזוי עס לעבט זיך און לאזט זיך פיהרען אדער פערפיהרען, בעלייכטען אדער פערבלענדען.

צו דער צווייטער קאטעגאריע האט בעלאנגט קרח און קאמפאני.

משה, באלד נאך'ן אונגליק מיט די מרגלים, ווען דאס פאלק האט ערליטען א זעהר שווערען פערלוסט אין זיין מלחמה מיט עמלק און כנעני, האט ווידער זיך גענומען צו ערמוטהיגען און ערציהען דעם פאלק. ער האט זיי געטרייסט און גערעדט פון זייער לאנד, ער האט זיי געלערענט די געזעטצע, וועלכע זיי וועלען דארפען ערפיהלען אין דער צוקונפט, ווען זיי וועלען שוין בעהערשען יענעם לאנד, אזוי ווי ער וואלט זיי געבען אנצוהערענים, דאס אבוואהל עס איז א גזרה, דאס זיי זאלען אויסשטארבען אין מדבר, איז דאך נאך מעגליך זיי זאלען זעלבסט אריינקומען אין לאנד. זיי האבען אמת שטארק פערזינדיגט, אבער גאט קען זיי אויך יעצט מוחל זיין, ווען זיי זאלען ווערען גוט מיט'ן גאנצען הארצען. און דאן האט ער זיי געלערענט די געזעצע פון קרבנות און תשובה פון א גאנצע עדה, פון גאנצען פאלק, ווען עס פערזינדיגט. (במדבר טו).

קרח'ס ארבייט אין דער זעלבער צייט איז געווען צו בענוטצען דעם פאלקס געפאלענעם גייסט פיר זיינע אייגענע צוועקען...

זעלבסט פון דער היים, פון מצרים, א גרויסער מיוחס, שטאמענדיג פון דעם פרייען און אינטעליגענטען שבט לוי 31), דערצו א גרויסער גביר און ערצויגען אויף דער פרעמדער, עגיפטישער קולטור, ד. ה.: א וועלטליכער איד, האט קרח וואהרשיינליך אויסגעאיבט א גרויסען איינפלוס אויף א געוויסען טהייל פון פאלק, בעזאנדערס אויף דעם געוויסען סארט מנהיגים, אלטע אסימילאטארען, געוועזענע מאכערס אין דער אלטער היים און בכלל אזעלכע וואס אין וועלכען עס איז היגזיכט זענען געווען עהנליך צו איהם. דער פאקט, וואס ער איז געווען משה'ס א קוזין, האט געוויס נאכמעהר איבערטריבען זיין ווערטה אין די אויגען פון פאלק.

אין מצרים, ווען משה איז געווארען גרויס און בערימהט, האט קרח געוויס זיך גע'יחוס'ט מיט זיין פערוואנדטשאפט. ער איז מיטגעגאנגען מיט'ן פאלק מיט דער האפנונג, דאס דורך משה'ן וועט ער ווערען א פרינץ, א פיהרער, א גרויסער גוט־בעזיצער און פילייכט דער כהן־גדול. אין דער מדבר, בעזאנדערס נאך דער געשיכטע מיט די מרגלים, איז ער געווארען אין גאנצען ענטוישט אין זיינע האפנונגען און פלענער, אלס כהן גדול איז גאר געווארען משה'ס ארעמער ברודער, אהרן, אלס פיהרער, האט איהם משה'ס פיהרונג קיינע האפנונגען געגעבען, ווען עס איז צו ווערען. די געזעצע, דורך וועלכע דער שבט לוי האט קיין חלק אין דער ערד און די גזרה צו פערבלייבען אין דער ווילדער גאנצע פירציג יאהר, האט צונישט געמאכט אויך זיינע פלענער וועגען גוטס־בעזיטץ. אנשטאט דעם האט איהם משה איינגעטהיילט א גאנץ קליינעם, ניט אנגענעהמען אמט, צו זיין א איינפאכער גייסטליכער ביי אידען, צו טראגען דעם רעליגיעזען לאסט און מאנטעל, צו וועלכען ער איז גאר ניט געווען גענייגט, און צו בעקומען פון פאלק מעשר, נדבות, וועלכע ער אלס גביר האט גאר ניט געדארפט און ניט געוואלט.

אויך קרח'ס פרוי האט אין דיזען אויפשטאנד געשפיעלט א היבשע ראלע.

די אידישע געשיכטע קען פאלקאם שטאלצירען מיט דער אידישער

31) אין מצרים האט דער שבט לוי ביי די אידען וואהרשיינליך געשפיעלט די זעלבע ראלע, וואס די עגיפטישע פריווילעגירטע קאסטע חרטומים ביי די מצרים און דעריבער איז ער געווען פריי פון דער ארבייט און פון צינזען.

פרוי, וועלכע, סיי אין גלות, סיי אין דער היים, האָט געבויט די אידישע הויז און דעם אידישען טעמפעל. דאָס איז אָבער די עכט אידישע פרוי, וועלכע איז ערצויגען און דורכגעדרונגען מיט דעם עכט אידישען גייסט. מיר קאָנען אָבער ליידער א צאָהל טעכטער פון אידישע עלטערן, וועלכע זיינען ערצויגען געוואָרען אין דער פרעמדער גאס, וואָס זענען פערוואנדעלט געוואָרען אין עהרענגייציגע, עגאָאיסטישע שלאנגען. דיזע זענען א סם פיר דאָס אידישע פאָלק. זיי בעגעגענט איהר אימער צווישען די פערצעהרער פון אידישען פאָלק. פון זיי קומען די שלמית־בת־דברי'ס, וואָס הייראטען עגיפטער און ברענגען אונז קינדער, וואָס שענדען און פלוכען דעם נאָמען פון אידישען גאָט; זיי גיעבען אונז די שוועסטער פון מענעליי, וועלכע קומען מיט די העלענער אין אונזערע ירושלים'ס צו איינפיהרען די גריכישע ציוויליזאציאָן, פאָרשטעלענדיג די געטצענדינערישע שפיעלען און צירקוס־שטיק, וואו מענער און פרויען טאנצען און מאכען איבונגען נאקעטערהייט אונטער'ן פרייען הימעל; זיי זעהן מיר ווארפענדיג זייערע קינדער אויף די עגיפטישע פעלדער; זיי בעגעגענען מיר אין גלות, העטצענדיג אידישע מענער צו פרעמדען קאמפף, וואָס פערשאפט דעם אידישען פאָלק בלויז קלאָג און פערפאָלגונג און זיי, ווען זיי קומען צו אונז, דערשלאָגען זיי זיך צו בעקומען די העכסטע עהרע, צו שפיעלען די גרעסטע ראָלע, גלויבענדיג, אז זיי זענען העכער, בעסער פון אלע אידען און אלע אידען זענען מחויב צו שטעהן פיר זיי מיט עהרעפורכט.

קרח'ס פרוי, אלס ציוויליזירטע, רייכע, געוועזענע עגיפטישע דאַמע, איז געווים געווען אונצופריעדען מיט דעם איינפאכען, מאָנאטאנעם אידישען לעבען אין דער וויסטע, מיט איהר מאנס, אלס לוי, אָבגעגאָלטען קאָפף און ליינווענטענע, גייסטליכע, ניט־מאָדנע קליידער. זי האָט געווים מקנא געווען משה'ס מדין'קע און אהרן'ס פרוי, וועלכע האָבען דערלעבט צו אזא גדולה און זי האָט אויסגעאיבט איהר גאנצע פרויען־מאכט אויף איהר מאן צו אויפהעטצען איהם צו איין אויפשטאנד. (סנהד. ק"ט., מדרש שו"ט, תנח.).

קרח אלס ערצויגענער אויף דער עגיפטישער, אין יענער צייט, וועלט־ציוויליזאציאָן, איז געווען א פרויען־פערעהרער אין דעם עגיפטישען זינן און האָט זיך גערעכענט מיט זיין פרוי'ס עהרענגייסט.

אין געוועהנליכע צייטען האָבען די קרח'ס מיט זייערע פרויען געקענט ניט מעהר ווי מורמלען. אָבער יעצט האָט ער זיך בענוטצט מיט דעם מאָראלישען צושטאנד פון פאָלק, וועלכער איז געווען אונצופריעדען מיט דער גזרה צו פערבלייבען אין מדבר און ניט אריינקומען אין לאנד.

נאָך אין דער צייט פון די מרגלים האָט קרח געהערט, ווי פילע האָבען געזוכט א פיהרער צו געהן צוריק אין מצרים. ער האָט גוט געוואוסט די מענשען, וועלכע מצרים האָט בעסער געשמעקט, אלס ארץ־ישראל, וועלכע האָבען אין גלות געמאכט גוטע געשעפטען, געוואָרען גבירים אדירים און ביי וועלכע א גוי'אישער טיטול אָדער אָרדען איז געווען פיעל טהייערער פון די גרעסטע כבודים, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיי געקענט געבען, און ער האָט זיי אלעמען צוזאמען־געקליעבען. זיי זענען געווען ניט פיעל אין צאָהל, אין גאנצען צוויי הונדערט און פופציג. — קרח'ס גיעבען נור איינצעלנע אין דעם אידישען פאָלק, דתן'ס און אבירם'ס — א גאנץ אונבעדייטענדער פראָצענט און דאָס בלויז אין געוויסע איבערגאנגס־עפּאָכען. — אָבער דאָס ביסעל זענען געווען אלע אזעלכע, וועלכע, מיט זייער אויסערליכען גלאנץ און שטעלונג אין דער אידישער געזעלשאפט, מיט זייערע גרויסע פעהיגקייטען און נאָך מעהר מיט זייער גרויסען מויל און חוצפה, האָבען מאָנכעם מאָהל א גרעסערען איינפלוס אויף'ן פאָלק אלס די בעסטע מענשען. (דאָס פאָלק איז איבעראל גענייגט צו חושד זיין זיינע פיהרערס, שוין איבער דעם אליין, וואָס זיי שטעהען אן דער שפיצע, און טרויט אלזאָ די יעניגע, וועלכע ערשיינען אלס קריטיקער פון די פיהרערס און בעשיטצער פון פאָלקס אינטערעסען, בעזאָנדערס, ווען דיזע בעלי־טובות וויסען צו פערהילען זייערע הינטערשטע געדאנקען און צו צייגען זיך אלס אזעלכע, וואָס האָבען קיינע פערזענליכע אינטערעסען און טהוען אלס לשם שמים.)

קרח האָט ארויסגעטראָטען פיר דעם פאָלק אלס גרויסער פילאָסאָף, פריידענקער, דעמאָקראט און ריין פון פניות, פאָלקס־קעמפּפער.

קרח בעשפּאָטעט משה'ס רעליגיעזע דינים, ווי צב"ש : טלית, ציצית א. ד. ג.; ער בעקעמפּפט די געזעצע, וועלכע בעריהרען דעם מאַש, ווי צב"ש : לקט, שכחה, פאה, מעשר, תרומה, בכורה א. ד. ג.; ער איז געגען געזעצע, וואָס שיינען צו מאכען אומזיסטע אונבעקוועמליכקייטען דעם פאָלק, ווי כלאים, שעטנז א. ז. וו. (סנה. קמ.) און אין דער זעלבער צייט צייגט ער זיך ניט אַלס אפּיקורס, כופר, נור אלס העכסט גלויביגער און פרומער איד. ער געהט ניט אוועק פון רעליגיעזען פּרינציפּ, ער זאָגט זיך ניט ארויס אלס אַטהעאיסט, נור ער זוכט צו מאכען רעפאָרמען, בעטאָנענדיג, דאָס ער איז ערשט דער אמת'ער איד. ער שרייט : דאָס גאנצע פאָלק איז הייליג, אלע זענען גליידֿ, אלע זענען אידען, גאָט איז אין זיי אלעמען. אָבער דיזע געזעצע זענען ניט פון גאָט, נור משה זעלבסט האָט זיי אויסגעטראכט, אום צו הערשען אויפ'ן פאָלק. ער טרעט אויך ניט ארויס דירעקט געגען משה'ן זעלבסט, וועלכען דאָס פאָלק האָט נאָך אלעמען פערגעטערט, נור ער צייגט אָן דעם פאָלק כלאחר יד, דאָס משה האָט געמאכט אהרן'ען פיר כהן גדול, פיר דעם בעאמטען, אין וועמעס הענד עס ליעגט דאָס הארץ, די געפיהלען פון פאָלק, אום דורך איהם צו האָבען דעם גאנצען איינפלוס אויפ'ן פאָלק און דאָס ער האָט איהם, אהרן'ען כלומרשט בערויבט פון דעם חלק אין לאנד אום צו פערהילען פון פאָלק דעם אמת'ן צוועק. אָבער אין דעם ריכ־טיגקייט האָט ער איהם אָבגעגעבען דעם בעסטען חלק, — א צעהנטען טהייל פון דאָס פאָלקס ארבייט און רייכקייט.

נאָך דיזע אלע טענות, וועלכע האָבען בעצוועקט צו אראָבריישען פון משה'ן דעם געטליכען ארעאָל, קומען ארויס די דתן'ס און אבירם'ס, — דיזע, וועלכע האָבען אין גלות אויך געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין פאָלק, אלס אויפזעהערס, רעגירונגס בעאמטע און יעצט איז זייער גאנצער גלאנץ אראָב, מיט זייערע טענות און בעשולדיגונגען, אז משה איז א איינפאכער אוואנ־טוריסט, וואָס איבער זיין הערשענס־גייציגקייט, האָט ער דאָס פאָלק ארויס־געשלעפּט פון אזא טהייער לאנד ווי מצרים, וואָס איז פיר זיי געווען אַנ־ארץ זבת חלב ודבש און האָט זיי קיין אנדערס, לויט זיין פערשפּרעכונג ניט געגעבען. און יעצט, אום ער זאָל נאָכהער קענען פריי געוועלטיגען אי־בערן פאָלק, האַלט ער זיי אין דער וויסטע אום צו אויסטויטען די פריינדע פון פאָלק און די בעשיצערס פון זיינע אינטערעסען.

משה בעט זיך ביי זיי און איבערצייגט זיי, דאָס ער האָט פון זייערס קיינמאָהל גאָר ניט גענומען, האָט קיינעמס אינטערעסען קיינמאָהל ניט אָנ־געריהרט, דאָס ער מיינט קיין זאך, אויסער צו ערפילען זיינע הייליגע פפליכטען, ער ערנידריגט זיך און געהט זעלבסט צו די דתן'ס און אבירם'ס צו רופען זיי צופריעדען. אָבער זיי האַלטען זיך ביי איינס: לא נעלה!

דאָן איז משה'ן פערבליעבען נור איין מיטעל : צו בעטען גאָט, דאָס ער זאָל עפענען דעם פאָלק די אויגען און איבערצייגען איהם ווער עס איז גערעכט און צו ווארענען דעם פאָלק, דאָס ער זאָל זיך אָבשיידען פון דער שלעכטער געמיינדע.

אין אַזעלכע צופעלע, ווען דער איינפאכער מענש איז ניט אימשטאנד צו פערשטעהן די הינטערשטע געדאנקען פון די פערמאסקירטע פאָלקס־פריינ־דע, ווען עס איז אונמעגליך צו איבערצייגען זייערע צוועקען און בעשטרע־בונגען, איז דאָ בלויז איין מיטעל : דאָס גאנצע פאָלק זאָל זיך האַלטען וואָס ווייטער פון זיי און ווארטען, ביז דאָס זינדיגע געזינדעל זאָל איינ־זינקען אין דער ערד, אין דעם זעלבען באָדען אויף וועלכען זיי שטעלען זיך, זיי זאָלען פערניכטעט ווערען דורך זייערע אייגענע טהאטען, אין דעם גרוב, וועלכען זיי זעלבסט האָבען געגראָבען. און פאר די משה'ס פערבלייבט נור צו בעטען און זיך פערזיכערען אויף דעם אלהי־הרוחות לכל בשר, דעם וועל־כער וויים יעדענס זעלע און יעדענס געדאנקען, דאָס זייער אונשולד און אמת זאָל זיך ארויסווייזען און דאָס די אונשולדיגע זאָלען ניט ליידען איבער די איינציגע שולדיגע.

## ב נ י ־ ק ר ח.

### אתם המתם את עם ד׳. (קרח).

ובני קרח לא מתו. קרח׳ס קינדער זענען דאָך ניט אויסגעשטאָרבען. קרח׳ס קינדער האָבען איבערגענומען זייער פאַטערס ארבייט געגען משה׳ן. קרח׳ס קינדער זענען נאָך היינט אויך דאָ. ווי נור עס ענטפּלעקט זיך צו אונז א משה, זאָ שפּראָצען ארויס קרח׳ס קינדער. און וואו נור א צרה אויף אידען זאָ הייבען זיי אויף זייערע קעפּ. און ווען זייערע טאַטעס זינדיגען און ווערען פערברענט פון דער אש־זרה, פון דעם פרעמדען פייער, וואָס זיי ברענגען אריין אין אידישען משכן, ווען זיי ווערען אייגגעזונקען אין דעם צופּוילטען באָדען, וועלכען זיי האָבען זיך זעלבסט געשאפען, דאן בעשולדיגען זיי אונזערע משה׳ס און אונזער תורה, דאן שרייען זיי:

„איהר האָט געטויטעט גאָטעס פאָלק, איהר, דאַמיט, וואָס איהר האָט זיי גענעבען הייליגע ארבייט, צו מקריב זיין קטרת צו דיענען גאָט, צו האלטען א יודענטהום. איהר האָט זיי דאַמיט פערברענט“.

אָבער משה האָט זיי באַלד געוויזען, דאָס די זעלבע קטרת, די זעלבע גאָטעס דיענסט, וועלכע האָט געטויטעט די דתן׳ס און אבירם׳ס, די זעלבע עבודה אין אהרן׳ס הענד, אין די הענד פון דעם ריכטיגען כהן, פון אנ׳אמת׳ן אידען, וועלכער בענוצט ניט קיין פרעמדען פייער, בעצוועקט ניט קיין שלעכטעס, איז ניט נור וואָס עס שאַדעט ניט קיינעם, נור, אין געגענטהייל, עס רעטעט דאָס פאָלק פון פעסט, פון דער פעסט פון די בני־קרח און דתן ואבירם.

און אויב איהר ווילט וויסען וועלכע זענען די משה׳ס און אהרן׳ס און וועלכע זענען די קרח׳ס און דתן ואבירם׳ס, זאָלט איהר בעטראַכטען זייערע שטעקענס, זייערע טהאַטען און ארבייט פיר דעם פאָלק: וועמעס שטעקען עס בליהט אויף מיט פּראַכטפאָלע בלומען און גיט ארויס גוטע, נוטצליכע פרוכט פיר דעם פאָלק און יודענטהום — יענע זענען די משה׳ס און אהרן׳ס, יענע זענען די ריכטיגע כהנים גדולים.

* * *

## מ י מ ר י ב ה.

דאָס פאָלק האלט ווידער אין וואַנדערען אין דער אונפריינדליכער וויסטע.. ער מאַכט דורך דעם זעלבען וועג, וואָס אין די לעצטע צוויי יאָהר. ער האָט ווידער די זעלבע געלעגענהייטען צו צייגען זיינע גוטע אייגענשאַפטען, ווי די שלעכטע, זיין גרעדולד און איבערגעבענהייט, ווי זיין סקעפּטיציזם און האַרטקייט. עס קומען איהם פאר די זעלבע נסיונות, דורך וועלכע ער קען געווינען גאָטעס גנאַדע, מבטל זיין די גזרה צו שטאַרבען אין מדבר און גהען גלייך אין זיין לאַנד, אָדער פערבלייבען מיט זיין שוואַכקייט, מיט זיין ניט פערזיכערטקייט, ווידער פערזינדיגען און פערבלייבען אין מדבר. ליידער, די גרויסע נסיונות און ערפאַהרונגען, וואָס דאָס פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין די אייניגע יאָהר, זיינען נאָך אַלץ ניט געווען אימשטאַנד צו אויסבעסערען זיין כאַראַקטער, צו בעפרייען זיין פערשקלאַפטען צו דער עגיפּטישער ציוויליזאַציאָן גייסט. די אלע ערפאַהרונגען זיינען ניט גענוג געווען צו איינפלאַנצען אין איהם דעם ריינעם גייסט פון געזונדען יודענטהום, צו בעשאַפען אין איהם דעם ווילען צו זוכען זיין גאָט, ניט מיט דעם צוועק צו זעהן, אויב ער איז בעסער פון אַנדערע געטער, צו פּרובירען זיין כח, נור בלויז אום צו לערנען זיינע וועגען, זיינע געזעצע, צו לערנען זיין תורה ל ש מ ה, צו פרעגען קשיות, ניט אַלס א געגנער, על מנת לקנטר, צו רייצען און בעשפּאָטען, צו צייגען אז אַנדערע תורות זיינען בעסער, נור אום צו פערשטעהען די ערהאַבענע אידישע געזעצע און ניט היילען זיך מיט איין אורטהייל, בעפאָר מען ערלערענט אלעס גרינדליך, נאָך די ריכטיגע, אָריגינעלע קוועלען.

* * *

באַלד נאָך דער געשיכטע מיט קרח און בני קרח, האָט דאָס פאָלק אָנגעפאַנגען נייע טענות: משה פיהרט זיי אימער בלויז מיט דעם געטליכען שטעקען. דער יודענטהום איז צו שווער, דער אידישער גאָט איז צו שטרענג, דאָס געטליכקייט רעגיערט איבער׳ן פאָלק רק מיט׳ן שטעקען. יעדער וואָס

דערנעהנטערט זיך צום מ ש כ ן פ ו ן ג אָ ט שטאַרבט; דער וואָס איז נור אַ איד, וואָס מעהר איד מען איז, אַלץ אונגליקליכער איז מען, אַלץ מעהר ווערט מען בעשטראָפט פאַר יעדער קליינינקייט, פיר יעדער זינדע, פיר וועלכעס מיט אַנדערע פעלקער רעכענט מען זיך גאָר ניט. די מצרים האָבען געדיענט און דיענען נאָך זייערע געטער און זיינען נאָך אַלץ דאָס זעלבע פאָלק ווי געוועזן. דאָס אידישע פאָלק האָט בלויז אויף איין אויגענבליק זיך אַ שטיעף געטהון מיט דעם מצרים׳שען גאָט און איז באַלד שיעור ניט פערניכטעט געוואָרען. אַלע פעלקער בעליידיגען דאָס אידישע לאַנד, בעשמוצען כנען מיט וואָרט און טהאַט, און דאָך בעזיטצען זיי זי, לעבען אין איהר, זויגען איהר מילך און האָניג; און מיר האָבען אין אַ מינוט פון פערצווייפלונג בלויז איינינע ווערטער אויף איהר גערעדט און מיר האָבען זי פערלאָרען און דאַרפען אויסשטאַרבען אין דער וויסטע. אַפילו די וואַסער וועלכע גאָט גיט אונז פון שטיין, ווערט בעקומען מיט׳ן שטעקען.

משה צייגט זיי, אַז דער זעלבער שטעקען, וואָס האָט געשלאָגען די מצרים מיט מכות, האָט פיר זיי געטהאָן וואונדער, דער זעלבער, וואָס האָט דערטרונקען די מצרים, האָט פיר זיי געשפאָלטען דעם ים, האָט זיי געגעבען וואַסער אין דער מדבר; דער זעלבער שטעקען, פון אהרון׳ס וועגען, בעוואַקסט מיט הופטענדע בלומען און שעהנע פרוכט. מיט איין וואָרט, דאָס ווענדעט זיך אָן זיי זעלבסט, אויב דער געטליכער שטעקען זאָל שלאָגען די פרעה׳ס און פיר זיי בליהען, אָדער ער זאָל שלאָגען זייערע שטיינער...

אָבער דאָס פאָלק בעקלאָגט זיך ווייטער: „צו וואָס האָט מען אונז גאָר געבראַכט אהער, אין דיעזער שרעקליכער וויסטע? צו וואָס ברויכען מיר גאָר האָבען די אַלע נסיונות, וועלכע מיר קענען ניט בייישטיידן? צו וואָס האָט מען אונז גאָר אַרויסגעפיהרט פון מצרים, אויב מיר קאָנען אונזער כאַראַקטער ניט ענדערען? אויב גאָט מיינט אונזער טובה, אויב ער וויל אונז ברענגען אין כנען, געבען אונז דאָס לאַנד, מאַכען אונז דאָרט גליקליך, האָט ער דאָס געקענט מאַכען אָן שטעקען, אָן נסיונות, אָן אָנשיקעניסען, נור מיט זיין וואָרט, מיט זיין ווילען. צו וואָס ברויכען מיר דורכמאַכען די אַלע געפעהרליכע עקספּערימענטען, וועלכע האָבען אונז צו אַזאַ אונגליק געבראַכט, ווען גאָט האָט פאָראויס געוואוסט, דאָס מיר וועלען דעם נסיון ניט ביישטעהען. אָט האָבען מיר שוין יעצט ווידער קיין וואַסער. האָט דען גאָט ניט געקענט אָנגרייטען אונז וואַסער, אָדער פיהרען אונז אויף אַ פּלאַץ וואָס עס איז דאָ וואַסער, אום מיר זאָלען ניט פערצווייפעלט ווערען פון די דאָרשט־שמערצען און ניט קומען צו זינדע? איהר ווילט אַלזאָ מיר זאָלען פערזינדיגען. דען איהר האָט אונז אהער געבראַכט בלויז אום צו טויטען אונז“.

דאַן הייסט גאָט משה׳ן רעדען צום שטיין און ער וועט געבען וואַסער.

אָבער דאָס פאָלק שרייט: משה וויים פון פריהער דעם שטיין, וועלכער האָט אין זיך אַ פערבאָרגענעם קוואַל. יעצט וועט ער, פונקט ווי דעם ערסטען מאָל, געבען אַ קלאַפּ מיט׳ן שטעקען, מאַכען אַן עפענונג, און זאָגען אַז גאָט האָט דאָס געמאַכט.

דאַן הייסט זיי משה בעטראַכטען דעם שטיין און זיך איבערצייגען, דאָס ער האָט קיין שפּור פון נאַטירליכע וואַסער און קיין פערבאָרגענעם מעכאַניזם.

אָבער דאָס פאָלק פאָדערט ווידער, דאָס משה זאָל זיי געבען וואַסער פון דעם שטיין, וועלכען זיי וועלען אָנצייגען. — גאָט זאָל זיי מאַכען די נסים ניט נור ווען זיי געהען אין זיין וועג, נור ווען זיי געהען מיט דעם מענשליכען וועג, פונקט ווי ער גיט וואַסער, לעבען און לעבענסבעדירפניסע צו אַלע מענשען.

משה שטימט איין מיט זיי אין דעם.

אָבער דאָ צוטיילט זיך דאָס פאָלק אויף בעזונדערע גרופּעס. יעדע גרופּע שטעלט זיך ביי איין אַנדער שטיין און שרייט: גיב אונז וואַסער פון דיעזען שטיין, גיב פון דיעזען! (רבה במד,)

דער גרויסער משה פערלירט דאַן זיין געדולד און שרייט צו זיי אין אויפרעגונג: שמעו נא המורים! אָה, הערט נור, איהר רעבעלען! אָט דאָס

איז דאָך אייער אונגליק, וואָס ווי נור איהר געהט אוועק מיט דעם מענשליכען וועג, זאָ באלד צוברעקעלט איהר זיך, צוטהיילט איהר זיך אין בעזונדערע, מאַנכעס מאָל געגענזייטיג־האַסענדע גרופּען, נאָך די פערשיעדענע גרוהפּירונגען פון דער גאַנצער מענשהייט, דאַן ווילט איהר וואַסער פון אלערליי פרעמדע שטיינער און עס ווערט אונמעגליך צו מאַכען אייך טרינקען די וואַסער פון דעם געטליכען שטיין....

איהר קענט זיין אַ גאַנצעס פאָלק און געפיהרט ווערען מיט די געטליכע נסים, נור כל זמן איהר ווילט טרינקען אַלע פון דעם איינציגען שטיין, פון דער איין געטליכער און נאַציאָנאלער קוועלע. קוים פערלאָזט איהר דיעזע קוועלע, דאַן ווערט איהר אוים נאַציאָן, דאַן קומט איהר צו די טויערן פון טויט, דאַן האַלט איהר ביים שטאַרבען פון דאָרשט, וואָרום קיינע אַנדערע שטיינער, קיינע אַנדערע וואַסערען און קוואַלען קענען אייער דורשט ניט שטילען און אייער לעבען ניט רעטען. יעצט פערשטעהט איהר, וואָרום איך מוז אייך געבען וואַסער נור פון דעם שטיין, וואָס איך וויל, יעצט פערשטעהט איהר, וואָרום מען בהויך דעם געטליכען שטעקען אויף צו שלאָגען אייער שטיין. אויב איהר צוטהיילט זיך אין גרופּען, שיידעט זיך פאַנאַנדער און יעדער וגיל זיך טרינקען פון איין אַנדער שטיין, דאַן, ווילענד ניט ווילענד, מוזט איהר טרינקען פון דעם שטיין וועלכען איך וויל. (רבה במד).

„און משה שלאָגט דעם שטיין צוויי מאָל און ער גיט וואַסער“. (במדבר כ)

אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט דערהערט משה דעם געטליכען משפּט:

„דערפאַר וואָס איהר האָט ניט געמאַכט גלויבען אין מיר, דערפאַר וואָס איהר האָט מיך ניט געמאַכט הייליג אין די אויגען פון פאָלק, וועט איהר דיעזען קהל ניט אריינברענגען אין דעם לאַנד, וואָס איך גיב זיי“.

משה, אום צו איבערגעבען דעם פאָלק די ריכטיגע לעהרע פון מדת־החסד אין דער אידישער רעליגיאָן, האָט זיי געדאַרפט ציינען, אַז דער געטליכער שטיין־קוואַל גיט זיי זיינע וואַסער אָן דעם שטעקען, בלויז מיט גאָטעס וואָרט, זאָגאַר דאַן ווען זיי גרופּירען זיך אין פערשיעדענע גרופּעס, ווען זיי זוכען וואַסער אין אַנדערע שטיינער, אַז דער אידישער ברונען גיט דער נאַציאָן זיינע וואַסער, ווען גאָטעס וואָרט איז דאָ דאביי.

דאָס פאָלק האָט געוואָלט זעהן, אַז דער אידישער קוואַל, דאָס יודענטרום, גיט זיי דאָס וואַסער אָהן שטעקענס, אַז דאָס אידישעס פאָלק קען זיין אַ נאַציאָן, ניט נור דורך דעם אויסערליכען דרוק, נור בלויז דורך זייער אָריגינעלער קוועלע. אָבער דער אַרט אויסדריקען פון זייער וואונש איז געוועזן אויפרייצענד און האָט משה'ן אויפגערעגט. ער האָט אין זיי דערפיהלט זייער אַלטען רעוואָלוציאָנערען, סקעפּטישען אויסברוך און אויף איין מאָמענט האָט איהם בעהערשט די מענשליכע נאַטור, ער האָט פערלאָרען זיין געדולד און האָט זיי גערופען מ ו ר י ם, רעבעלען. דאָס האָט איהם געבראַכט דאַצו, וואָס ער האָט זיי אין דיעזען מאָמענט ניט פערשטאַנען און האָט זיי געוויזען בלויז די אורזאַכע, איבער וואָס מען ברויך דעם שטעקען.

די זעלבע לעקציאָן, וועלכע משה האָט זיי יעצט געגעבען, האָבען זיי פיעל בעסער געקענט לערנען, ווען ער וואָלט גערעדט צום שטיין. ווער וויים, מעגליך אַז עס וואָלט דאַן פערגאַנגען זייער שרעק פיר דעם געטליכען שטעקען, זיי וואָלטען אַלע פערלאָזט זייער בענקעניש נאָך דער פרעמדער קולטור און ציוויליזאַציאָן, זיי וואָלטען זיך אַלע פעראייניגט צו טרינקען מיט זייער איינענעם ווילען די וואַסער פון זייער נאַציאָנאַלער קוועלע, וואָלטען געוואָרען בעסער און וואָלטען גלייך אַריין אין ארץ ישראל און ניט דאַרפען אויסשטאַרבען אין דער וויסטע. די אידישע געשיכטע וואָלט פיליכט גאַנץ אַנדערש זיך צונויפגעשטעלט.

משה רבנו, דער אידישער פיהרער, האָט אויף איין סעקונדע פערלאָרען זיין געדולד, האָט בענוצט דעם געטליכען שטעקען, ווען דאָס איז געוועזן ניט אַבסאָלוט נעטהיג, ווען עס איז געוועזן גענוג דער געטליכער וואָרט, און ער האָט דער אידישער נ אַ צ י אָ ן געמאַכט צוריק פאַר אַ ק ה ל. ער האָט דעריבער געמוזט ווערען אוים פיהרער, ווען דער קהל איז צוריס אַ

נאַציאָן געוואָרען, ווען דאָס אידישע נאַציאָן האָט דערגרייכט דער מדת־החסד און איז אריינגעקומען אין זיין לאַנד.

דיזע געשיכטע, דיזע מ ע ש י ־ א ב ו ת איז געווען אַ פּיעלפאַכע לעקציאָן פיר יענעם דור און אויך פיר אלע נאָכפאָלגענדע דורות.

משה זעלבסט האָט דאַן בעקומען אַ לעקציאָן, אַז דאָס פאָלק ווערט פערהאַלטען אויף זיין וועג, ניט בלויז איבער זיינע אייגענע זינדע, נור אויך איבער אַ פעהלער, וואָס דער פיהרער בעגעהט. און דאָס פאָלק האָט דאַן געלערנט, אַז אלע רייד וועגען משה'ס חשק צו הערשען, צו איבערלאָזען זיי אין דער וויסטע אום נאַכהער צו קענען הערשען פריי אויף דעם נייען דור, איז געווען אַ פערלוימדונג, און אַז דאָס געטליכע גערעכטיגקייט איז ניט נושא פנים.... און די שפּעטיגע דורות...

יעדער דור קען דאָפון אַן אַנדער לעהרע פיר זיך ציהען.

---

## די ענדע פון דור המדבר.
## דער אַלטער און נייער דור.

די צייט פון וואַנדערען און נע־ונד איז שוין פאַר דאָס אידישעס פאָלק צו ענדע. די פערציג יאָהר לעבען אין דער וויסטע, וואָס, איבער זייערע שקלאַפען־געוואָהנהייטען, צווייפלען, סקעפּטיציזם, צעריסענהייט, וועניג בטחון, פייגהייט און מורא פאַר קאַמפף מיט די כנען־פעלקער, איז אויף זיי נגזר געוואָרען, זענען שוין פאַראיבער. דער דור־המדבר מיט זיין אייביגער אונצופרידענהייט, גאַטזוכענים, מיט זיין וועלען זיך איבערצייגען דורך וואונדער און ניט נאָכפאָלגען זיינע איבערצייגונגען, מיט זיין אייביגען צדק'ענען זיך, קריעגערייען, פאָדערונגען, פּרעטענזיעס צו אייגענע און בענקענים נאָך די פרעמדע, — דיזער דור איז שוין כמעט אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען און זיינע ביינער האָבען גערוהט אונטער די גרויזאַמע, פרייע פעלזען פון מדבר, אלס אייביגער מאָנומענט, אייביגער ביישפּיעל, מ ו ס ר ־ ה ש כ ל פיר די צוקונפטיגע דורות פון דעם אייביגען פאָלק און דאָס גאַנצעם מענשהייט.

דער דור המדבר האָט זעלבסט פיר זיך זיין קבר געגראָבען.

„יעדען ערב תשעה באָב — דער יאָהרצייט פון די מרגלים, דער טאָג, ווען זיי האָבען זיך ענטזאָגט פון ארץ ישראל, דער טאָג פוןביידע חרבנות, אין וועלכען דאָס אידישע פאָלק האָט שפּעטער צוויי מאָל זיין לאַנד פערלאָרען — פלעגט ארויסגעהן אַ כרוז: געהט גראָבט אייערע קברים! און די יוצאי־מצרים פלעגען זיך יענע נאַכט לעגען שלאָפען אין זייערע קברים. אין דער פריה פלעגט דער כרוז ווידער אויסרופען: זאָלען די לעבען־פערבליבענע זיך אָבשיידען פון די טויטע! און די לעבענדיגע פלעגען ארויסגעהן פון זייערע קברים און פאָרטזעצען זייער וועג. און יעדען מאָל פלעגען זיי אויסגעפינען, דאָס עס פעהלט פון זיי פונפצעהן טויזענד. (תענית פּד.). אזוי האָט דער דור המדבר געזעהען זיין ענדע; אזוי האָבען די טרעגער פון פרעמדע קולטורען, די קנעכט פון וועלט ציוויליזאַציאָן זיך זעלבסט בעגראָבען אין דער וויסטע, אין הפקר־לאַנד, אין לאַנד, וואָס געהערט צו קיינעם און צו אַלעמען, צו דער גאַנצער וועלט, אין דעם לאַנד, וואָס האָט קיין קולטור און קיין ציוויליזאַציאָן.

דער דור־המדבר! קאָנטראַסטפול און פעהלערהאַפט איז ער געווען. אָבער ווי גרויס און ערהאַבען! ווי שטאַרק און האַרטנעקיג דאָס געפיהל פון גערעכטיגקייט איז אין איהם געווען, ווען ער האָט מיט אַזאַ וואונדערליכען געדולד געקענט זיך אונטערטהעניגען צו זיין גרויעלהאַפטער שטראָפע, וויבאַלד נור ער האָט אַנערקענט איהר בערעכטיגונג! צוועקלאָז, בעלאָהנונגסלאָז און האָפנונגסלאָז, נאָך אַזוי פיעל יאָהרען פיין און שקלאַפעריי, האָט ער דאָך נאָכגעפאָלגט און געדיענט זיין גאָט, וועלכער האָט איהם פערשאָלטען, בעשטראָפט, זיין הבטחה צו איהם ניט מקים געווען, ווי באַלד נור ער האָט איהם ריך גערעכט געפונען. בלויז דאָס אידישע פאָלק האָט אַזעלכע דורות שאַפען געקענט, בלויז דער עם־קשה־ערף איז פעהיג אַזוי הויך צו פליהען.

מיין פולער רעספּעקט צו דיר, דור־המדבר! ניט אומזאָנסט געדענקען מיר דיר אייביג. ניט אומזאָנסט זיינען די אויגען פון דיינע ווייטע

קינדער נאָך אימער מיט רעספּעקט און בעוואונדערונג צו דיר געהויבען; ניט אומזאָנסט לערנען זיי פון דיר און אלס היילינגען ביישפּיעל שטעלען זיי דיך. נור דו ביזט ראוי געווען אזא תורה צו עמפּפאַנגען און צו דיינע קינדער זי ליפערען. ניט אומזאָנסט האָט משה דיך אזוי געליעבט און געשעצט, פיר דיר געליטען און געאָפּפערט, פיר דיר גאָט געבעטען, ווייל דו ביזט אַן עם קשה ערף. און ניט אומזאָנסט דערמאָנט דיך אימער גאָט און מיר בעזינגען דיך: „זכרתי לך חסד נעוריך, אהבת כלולותיך, לכתך אחרי במדבר, בארץ לא זרועה" (ירמ. ב.) איך עראינער די גנאָדע פון דיין יוגענד, דיין כלה־צייט, ווען דו האָסט מיך נאָכגעפאָלגט אין דער וויסטע, אין דער אונזייהבאַרעס לאַנד. און דעריבער איז: „קדש ישראל לד', ראשית תבואתו, כל אוכליו יאשמו, רעה תבוא עליהם" (דאָרט). ישראל איז היילינ צו גאָט, ער איז דאָס ערשטע פון זיינע פריכטע, זיינע עסערס וועלען שולדיג זיין, אַ קאַטאַסטראָפע וועט אויף זיי קומען.

---

## דער נייער דור.

אנדערש איז געווען דער נייער דור, וועלכער איז אויסגעוואַקסען אונטער משה'ס אויפזיכט און לעהרע. דאָס איז געווען אַ דור, וועלכענס רוקען איז קיינמאָל געוואוהנט זיך צו בייגען פיר פּריצים, וועלכענס קניה האָבען ניט געוועהט פון קניהען זיך פיר הערשער און אונטערדריקער; אַ דור, וואָס האָט געהאַט זיין אייגענעם לעבעדיגען גאָט, זיין אייגענע תורה, זיין אָריגינעלע קולטור און שפּראַך, מיט וועלכע ער האָט שטאָלצירט און פון פרעמדע געטער און קולטורען ניט געוואוסט; אַ דור, וואָס האָט דורכגעמאַכט פיעל נסיונות און האָט געהאַט ערפאַהרונג אום צו פערשטעהן צו שעטצען זיינע געטליכע געזעטצע און צו פערזיכערען זיך אויף די אבסאָלוטע אחדות; אַ דור, וואָס האָט זיך שוין ניט גע'חכמה'ט אין גאָט־זוכענים אָדער גאָט יאָגענעס, האָט ניט געצווייפעלט און ניט געבלאָנדזשעט אין זיינע געטליכע וועגען, נור ער האָט איינפאַך פעראייגנעט דעם אונבעשטרייטבאַרען אמת פון זיין געטליכער לעהרע און האָט זיי נאָכגעפאָלגט; אַ דור, וואָס האָט ניט געזוכט איבערצייגונגען צו רעכטפערטיגען זיין סקעפּטיציזם, נור איז געווען איינפאַך, נאַטירליך, גלייך און פּשוט אין זיינע איבערצייגונגען און אין זיין גאַנצען לעבענס־פיהרונג.

דיעזער דור האָט שוין בעוויזען צו בעזיעגען שטאַרקע פעלקער און קעניגע, ווי סיחון מלך האמורי און עוג מלך הבשן, וועלכע האָבען איהם בעפאַלען אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך צו זיי פריינדליך געווענדעט נאָך אַ געפעליגקייט און האָט געוואוסט ווי צו זיין גראָסמוטהיג צו זיינע פערוואַנדעטע פעלקער, ווי אדום, עמון און מואב.

דאָס איז געווען אַ דור, וועלכער איז געווען אויסערליך אונאבהענגיג, פריי, ווי דער פרייער ווינד אין מדבר און דאָך שטרענג, איינגעצוימט אין זיין אינערליכען, נאַציאָנאַלען, מאָראַלישען און פאַמיליען־לעבען.

דאָס איז געווען אַ דור פון אונשולד און איינפאַכקייט; אַ דור, וואָס האָט געוואוסט זעלבסט פיר זיך צו אַקערען און זייהען, פלאַנצען און שניידען און בעטען ביי גאָט בלויז זיין ברכה, רעגען און טהוי פון הימעל. ער האָט געוואוסט צו קעמפּפען מיט אַלע מעגליכע, צו מענשען ערלויבטע, מיטלען פיר זיין עקזיסטענץ, זעלבסטשטענדיגקייט, קולטור, נאַציאָנאַלע זעלבסטווירדע און פיר די עהרע פון זיין גאָט, זייענדיג פערזיכערט דאָס גאָט וועט איהם העלפען.

דיעזער דור איז יעצט געשטאַנען ביים שוועל פון דער ציוויליזאַציאָן פון דער אַלטער וועלט. נאָך איין טריט און ער מיט זיין אייגענאַרטיגער קולטור האָט געדאַרפט קומען אין צוזאַמענשטויס מיט פעלקער און קולטורען, וועלכע אין קאָנטראַסט מיט זיינע, זיינען געווען געבויט אויף אויסערליכע אונטערדריקונג און אינערליכע הפקרות.

גרויס און ערהאַבען איז די פרייהייט, וועלכע איז געבויט אויף אינערליכע שטרענגקייט. — דאָס איז די פרייהייט פון גייסט. שקלאַפעריש און צופוילט איז די פרייהייט, וועלכע טרעט איבער לעבענס־געזעצע, וועלכערס

מאָטאָ איז: מ ע ן מ ע ג, וועלכע בעפרייט דעם גייסט פון דער שוץ־פּעסטונג: מ ע ן ט אָ ר נ י ט, שמידט איהם מיט די קעטהען פון טהיערישע אינסטינקטען און פערשקלאַפט דעם גייסט צום קערפּער, דעם מענש צו דער חיה. אַזאַ פרייהייט הייסט ה פ ק ר ו ת.

דיעזער דור איז געווען ערצויגען אין דער ריכטיגער, ריינער פרייהייט. ער איז אָבער געווען אונשולדיג, עס האָט איהם געפעהלט דאָס ערפאַהרונג און עקספּירימענט, ער האָט נאָך ניט געקענט דער הפקרות־פרייהייט, דער בעל־קולטור, אום צו קענען אונטערשיידען, וויסען איהר שעדליכקייט און זיך אויסהיטען פון איהר. און אָט דיעזע געלעגענהייט האָט זיך איהם יעצט פאָרגעשטעלט.

---

## דער נסיון פון'ם יונגען דור. — בלעם.

די פעלקער פון כנען זיינען געווען שטאַרק ערשראָקען פון דאָס אָנקומען פון דאָס אידישעם פאָלק. זיי האָבען געפיהלט די געפאַהר און האָבען זיך פאַרבערייטעט צו אַ שטאַרקען ווידערקאַמפּף. זיי האָבען געבויט פעסטונגען, געזאַמעלט ארמייען און געוועהר, געשלאָסען פערבאַנדען א. ז. וו.

אויפ'ן מאַרשרוטס־וועג פון די בני־ישראל איז געלעגען דאָס לאַנד מואב. זעהענדיג די גרויסע מפּלה, וואָס האָבען ערליטען די שטאַרקע קעניגע סיחון און עוג אין זייער מלחמה מיט די אידען, האָט מואב ניט געוואַגט צו שטעלען זיך אין אָפענעם קאַמפּף מיט די בני־ישראל, האָט זי ארויסגערופען דעם גרעסטען געלעהרטען, פּאָליטיקער און צויבערער פון יענער צייט, בלעם, מיט דער האָפנונג, דאָס ער וועט געפינען אַ מיטעל, אום צו צערשטערען דיעזער אונבעגרייפליכער מאַכט, דיעזען אייגענאַרטיגען פאָלק, אָהן מלחמה.

בלעם, אלס גרויסער פעלקער־קענער, האָט גוט געוואוסט די אורזאַכען, וועלכע מאַכען אַ פאָלק שטאַרק און גרויס, און די ווערים, מיקראָבען, וועלכע פערצעהרען און פערניכטען אַ פאָלק. און ער האָט גלייך זיך גענומען צו אויסגעפינען די שוואַכע זייט פון'ם אידישען פאָלק.

בלעם איז דאַן ארויף אויף דער העהע ב ע ל — דער גאָט פון פרוכטבאַרקייט, וואָס פערמעהרט דעם פאָלק און מאַכט איהם שטאַרק אין צאָהל, וועלכער פלעגט געדיענט ווערען מיט געשלעכטליכע שמוץ און פערברעכענס, פלעגט פערדאַרבען דעם פאָלק גייסטיג, מאָראַליש און פערפעסטען איהם מיט די הייליגע קראַנקהייטען. — און פון שטאַנדפּונקט פון דיעזער געטצענדיענריי האָט ער גענומען בעטראַכטען די בני־ישראל. ער האָט אָבער באַלד איינגעזעהען, דאָס פון דיעזער זייט איז דאָס אידישעס פאָלק זעהר שטאַרק. דיעזע שמוציגע געטצענדיענעריי איז ביי איהם ניטאָ און דאָך איז ער גרויס אין צאָהל.

„ניט פון דער ב ע ל ־ ה ע ה ע, — שרייט דאַן אויס דער געטצענדיענערישער נביא מיט בעגייסטערונג — נור פון אַ פיעל העכערען פּונקט, פון די שפּיצען פון די הויכע פעלזען, פון די קעפּף פון די הויכע בערג זעהע איך איהם. דאָס איז אַ גאַנץ בעזונדערס פאָלק, וועלכעס קען ניט פעררעכענט ווערען אין דעם רייסטער פון אַבי וועלכע פעלקער. דאָס איז אַ נאַציאָן, טראָטץ דעם וואָס אַנדערע בעטראַכטען איהם נאָך ניט פיר אַזעלכען און נעהמען איהם ניט אריין אין זייער פעלקער־משפּחה. ווער קען בעשטימען דאָס גרויסקייט צוואַר פון זיין שטויב, פון זיינע נידריגערע עלעמענטען! ווער קען איהם צעהלען, ווען זיין פערמעהרונגס־קראַפט האָט גאַנץ פערשיעדענע פון אלע פעלקער געזעטצע! ווי איינפאַך, פּשוט און ריין ער איז! זאָגאַר דער טויט פון אַזאַ פאָלק איז בענייידענסווערטה! גרויס און ערהאַבען איז די צוקונפט פון אַזאַ פאָלק! אָה, ווען איך זאָל זיין ענדע האָבען!"

בלעם הויבט זיך אויף דאַן אויף דעם שפּיץ פ ס ג ה, אויף דעם פעלז צ ו פ י ם (פּראָפעטעס) און בעטראַכטעט איהם בלויז פון איין ווינקעל, נאָך זיין אייגענער השגה, פון פּראָפּהעטישען שטאַנדפּונקט, וועלכער פאָדערט פון אַ פאָלק אַ בעדייטענדע הויכקייט פון סאָציאַלע עהרליכקייט און גערעכטיגקייט, אַ הויכע שטופע פון אידעאַליזמוס, ריינסטע גאָטעסדיענונג און פערבאָט יעדען פאָרעם פון צויבעריי. פיעלייכט זיינען זיי

געזעלשאפטליך ניט פיין, בעשווינדלען, בערויבען איינער דעם צווייטען, צוברעכען זייער געזעלשאפטליכע געביידע, פון וועלכעס זיי מוזען פריהער אדער שפעטער ווערען אבגעשוואכט. פיליכט איז זייער קראפט צוביבעריי. דאן מוז דער אלערהעכסטער ווערען בייז אויף זיי. דאן איז ער דאך זעלבסט א גרויסער צויבערער און קען געפינען א מיטעל געגען זיי.

אבער פון דיעזער זייט זיינען די בני־ישראל דורכאוים געבענטשט.

„עס איז ניט צו זעהן קיין אונרעכט אין יעקב און קיינע פערצעהרענדע פערברעכענס אין ישראל, — שרייט אוים בלעם צום צווייטען מאל, — אדני, דער עוויגער איז זיין גאט און איז אויך אלס קעניג ביי איהם געשאהלט און געאכטעט. דאס געטליכע מאכט האט איהם פון מצרים ארויסגעבראכט און דאס איז זיין אייגענשאפטליכע קראפט, פונקט ווי די הערנער פון ראם (הארענטהיער). קיין צויבעריי, קיין צופעליגקייט, קיין טרעפענעס, קיין שווארצע קונסט עקזיסטירען ניט ביי איהם. ער ווערט געלייטעט פון דער ספעציעלער געטליכער השגחה. יעצט אין זיין יעצטיגער, וואונדערליכער גרויסקייט, קען מען זאגען: אה, וואס גאט האט אויפגעטאהן! יעצט איז ער געטליך! זא א פאלק איז ווי א לייב ווען ער הויבט זיך אויף! געגען איהם איז גאר ניט צו מאכען!“

בלעם זעהט דאן איין דאס פון דיעזען שטאנדפונקט קען ער אויך גאר ניט מאכען. ער געפינט ניט קיין אורזאכע צו מקטרג זיין אויפ'ן אידישען פאלק. ער קען דעם אידישען גאט אויף זיין פאלק נישט בייז מאכען. גאט וויל זיי דורכאוים בענטשען. דאן הערט בלעם אויף צו זוכען צו בעקעמפפען זיי מיט זיין צויבערקונסט און ער גיט זיך א קעהר צום מדבר. פיליכט זיינען זיי עהנליך צו די אנדערע וואנדער־שבטים, וועלכע לעבען האלבווילד אין מדבר און זיינען אימער אין קריעג און שטרייט צווישען זיך. דאן זיינען זיי ניט אזוי געפעהרליך. ווייל דיעזע שבטים זיינען אייביגע וואנדערער, בעזעטצען זיך קיין מאל אויף לאנד און ווי זיי קומען אזוי געהען זיי אוועק. ער ווייס גוט דעם כאראקטער פון דיעזע מדבר־קינדער. פיעלייכט איז מעגליך אויך די אידישע שבטים אויפרייצען איינעם געגען דעם צווייטען און פעראורזאכען זיי זאלען זיך [illegible] פערניכטען. פיעלייכט איז מעגליך צו שלאגען זיי מיט זייער אייגענער מאכט און הילפע.

אבער אויך דא איז ער אין זיין רעכנונג געווארען ענטוישט. אויך דא האט ער דערזעהן א זאנדערבארע ערשיינונג. די אידישע שבטים, טראטץ דעם כאראקטער פון אלע מדבר־שטאמען, טראטץ די לעבענסבעדינגונגען אין מדבר, וואו די נאטור איז אזוי קארג און גרויזאם, וואס מוז ענטוויקלען אין זיינע בעוואהנער קנאה, שנאה, רויב, גנבה, מלחמה און גרויעלטהאטען, לעבען זיי אלע בשלום, אלס איין נאציאן. אין דער גאנצער צייט פון זייער וואנדערען האבען זיי קיין איינציגען מאל צווישען זיך געקריעגט, קיין מאל זיך געשלאגען. און נאך ניט דאס אליין. — זיין שארפער, פראפהעטישער בליק הרינגט אריין נאך טיעפער אין דער טיעף פון אידישען אינערליכען לעבען און ער ענטדעקט ביי זיי די אידישע גרויסע, שטארקע פעסטונג, דעם אידישען רייגעם פאמיליען־לעבען און מיט בעוואונדערונג און בעגייסטערונג שרייט ער ווידער אוים:

„ווי גוט דיינע געצעלטען זיינען אה, יעקב, ווי גליקליך דיין היים איז, דיין פאמיליען־לעבען! זיי שפיגלען זיך מיט זייער ריינקייט ווי די קלאהרע קוואלען, זיי זיינען פרוכטבאר ווי די גארטענס ביים טייך, שעהן ווי די פון גאט פערפלאנצטע מירטען, געזונד— ווי די צעדערען ביים וואסער. צוואר בעזונדערע שבטים, אבער דאך איין נאציאן, אזוי ווי דער טייך מיט זיינע ביישטראמען. זיין שטאם קוואלט פרישע וואסער, זיינע זאמען זיינען פערזעהט אין אייביג־פייכטען באדען, זיינעווארצלען זיינען פון אונערשעפליכע קוואלען, פון נאהרונגס־פולע סאקען, זיי וואקסען אויף אייגענטהימליכע קרעפטען. זיין לעבענס־קראפט איז אונענדליך. דאס זיינען גאנצע נשמות, גאנצע הערצער, צונויפגעוואקסען איינער מיט דעם צווייטען, די מענער מיט זייערע פרויען, די קינדער מיט זייערע עלטערן, די שוועסטער מיט די ברידער, די משפחות מיט די שבטים, די שבטים, די גרויסע טהיילען, גאנצע גליעדער

מיט דעם גאנצען פאלקס־קערפער, דאס פאלק מיט זיין גאט, מיט זיין עבר און עתיד, מיט זיינע טראדיציאנען און האפנונגען. זא א פאלק איז גרויס, שעהן, ריין, שטארק, מעכטיג און זיעגבאר. זיין מאכט איז געטליך, זי צוברעכט די ביינער פון זיינע שונאים־פעלקער. זא א פאלק איז געבענטשט! פערפלוכט זיינען זיינע פלוכער. שמוץ און שימפף זיינען זעלבסט יענע, וועלכעווארפען אויף איהם שמוץ. נור זעלבסט א געבענשטער קען בעגרייפען דאס געבענטשטקייט פון דיעזען פאלק און בענשען איהם!"

---

אבער ענטדעקענדיג אין דעם אידישען פאלק די הויפט פעסטונג פון זיין געזונדקייט, האט בלעם אויך ענטדעקט זיין שוואכע זייט און האט אויסגעפונען א מיטעל ווי אזוי צו אבשוואכען ישראל צוואר אויף איין מאמענט. און דאן האט ער זיך געווענדעט צו בלק און האט איהם געזאגט:

„קום, איך קען זיי גאר ניט טאהן, נור אן עצה קען איך דיר געבען. די געפאהר פון דיזען פאלק איז פיר דיר זעהר גרויס, אבער ניט באלד, נור שפעטער, אין דער צוקונפט, ווען עס וועט אויפגעהן דער אידישער שטערען און וועט מיט זיין בעזים אבקעהרען גאנץ מואב. יעצט אבער, ווען דו וועסט מיר פאלגען, קענסטו די קאטאסטראפע אבשטופען אויף א לאנגע צייט. די קראפט פון דיעזען פאלק איז אין זיין ריינעם פאמיליען־לעבען. זיין גאט האסט זנות. ווען דיר וועט געלינגען צו ארייזבריינגען דיין ב ע ל אדער פ ע ו ר־קולט אין זיין מיטע, ווען דו וועסט קענען איהם ניעדערשלעפען צו דיין ציוויליזאציאן, ווען דו וועסט בעוויזען אויף איין מאמענט צו צערשטערען זיין פאמיליען־ריינקייט, דאן וועסטו אויף א ווייל אבשוואכען זיין פעסטונג און זיך רעטען פון דער מאמענטאלער געפאהר.

און דאן איז פארגעקומען דאס, וואס עס קומט פאר כמעט אין אלע קעניגליכע הויפען, ביי אלע פעלקער און אין אלע צייטען. די רעגיערונג אדער קעניג, אום צו רעטען זייער עקזיסטענץ פון א דראהענדער געפאהר, זוכען צו קויפען די פריינדשאפט פון דעם שונא אדער צו פערדרעהען זיין קאפ דורך דער פרוי. זיי זיינען מפקיר די טעכטער פון זייער פאלק און פערדרעהען די קעפ פון די מענער, זייערע געגנער, מיט אונמאראלישען צייטפערטרייב, מיט אלערליי סארטען ליידענשאפט. און דאן, מעגט איהר זיכער זיין, דיעזע העלדען, קעמפפער, אידעאליסטען פערגעסען זייערע אידעאלען און לעבענס־צוועקען; זייערע געדאנקען ווערען פערדונקעלט, זייערע אידעאלען פערדעקט מיט שמוץ, זייערע געפיהלען פערבלאנדזשען; ליידענשאפט פערטרעט ביי זיי דעם פלאץ פון פערנונפט, דער יצר־הרע — דעם פלאץ פון שכל; זייערע ארגאניזאציאנען ווערען צעריסען דורך צאנקעריי, איינפערזוכט און פעררעטה; זיי ווערען קליינליך, ציניש, עגאאיסטיש; און דיעזעם אלעם פערדעקען זיי מיט זייער פריהעריגען אדער ניי־פאבריצירטען אידעאליזמוס; זיי פערשקלאפען דאס אידעאליזמוס צו זייער ליידענשאפט, וועלכע ווערט ביי זיי א וואהרע געטצענדיענסט. די ענדע דערפון איז: ענטוישונג, פערצווייפלונג, זעלבסטאויפלעזונג פון זייערע קערפערשאפטען, קראנקהייטען, מארדען און זעלבסטמארדען.

די רעגיערונגען און זאגאר פערוואלטונגען פון געוויסע רעליגיעזע און וועלטליכע ארגאניזאציאנען ווייסען די ווירקזאמקייט פון דיעזער שמוץ־וואפע און בענוצען זי ווען עס איז זיי נויטהיג. דאן לאזען זיי ארוים גאנצע מחנות אגיטאטארען, נביאים און נביאה׳טעס, סאנין־שרייבערס, וואלגארפאעטען, דאן ערמוטהיגען זיי און בענוצען קונסט און רעליגיאן אום צו פערפיהרען און דערטרינקען זייערע געגנער און דאס גאנצע פאלק אין זומפף פון שמוץ.

בלעם האט דיעזע וואפע גוט געוואוסט און בלק איז געוועזן דער ערשטער, וואס האט זי בענוצט אום צו אבשוואכען דאס אידישע פאלק, וואס האט איהם טהיילווייז, אויף א מאמענט, געלונגען.

די אידען זענען דאן געוועזן אין שטים, — א שטאדט, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט די העכסטע שטופע פון יענעם שמוציגען קולט און ציוויליזאציאן. פרויען־ליעבע, און זאגאר מענער־ליעבע, האט זיך דארט פער־

קויפט ב פ ר ה ס י ה אין די גאָטעס־טעמפּלען און רעליגיעזע אנשטאַל־טען; אויסגעלאַסענהייט איז געווען אויסגעשטעלט אין די גאַסען און פּוב־ליק־פּלעצער; געטצען־דיענערשע פרומקייט און מאָראַלישער שמוץ האָבען געדיענט איינע די אַנדערע; קערפּערליכע ליעבע איז געווען דער הויפּט־פּרינציפּ און דאָגמאַט פון זייערע געטער, אויסגעלאַסענע פרעהליכקייט — דער הויפּט צייט־פערטרייב. די טעכטער זיינען פון קינדהייט אָן ערצויגען און געלערענט געוואָרען צו מענער־יאַגד און די מענער — צו א לעבען פון ליידענשאַפט. און אַלעס איז געווען פערדעקט און פערפּוצט מיט געטצען־דיענערשע אידעאַלען, שעהנקייט, קונסט, העלדישקייט, האָנאָר, רייכס־אָרדנונג א. ז. וו.

דער נייער אידישער, אין דער וויסטע ערצויגענער דור, איז פערבלענדעט געוואָרען פון דיעזער נייער, אונבעקאַנטער, אויסערליך גרויסע און פרעהליך־אינטערעסאַנטער ציוויליזאַציאָן און האָט זיך געלאָזט פון איהר פער'שכור'ן.

מואָב און מדין האָבען פון זייער זייט געטהאָן אַלעס מעגליכעס, אום צו אַריינציהען און פער'שכור'ן דאָס אידישע אונערפאַהרענע יוגענד. זיי האָבען אַרויסגעלאָזט דעם גאַנצען גלאַנץ און צויבער פון זייער קולט. זיי האָבען מפקיר געווען די שעהנסטע און מיוחס'דיגסטע טעכטער פון זייער פאָלק, אום צו פאַנגען די אידען אין זייער נעטץ, צו אַסימילירען זיי, פער־פעסטען, צורייסען דער אידישער פאַמיליע און אידישע אינהייט. טעכטער פון פירסטען, גראַפען, לאָרדען און זאָגאַר כ ז ב י ב ת צ ו ר, די טאָכ־טער פון מדין'שען קעניג זענען צו דער מצוה געגאַנגען...

אין אידישען לאַגער איז געוואָרען א מהומה. פון איין זייט די וואַק־כאַנאַליע פון דער נייַ־וועלטליכער, מאָדערניזירענדער יוגענד, וועלכע האָט מיט פירכטערליכער עזות, פ אַ ר ד י א ו י ג ע ן פ ו ן מ ש ה'ן א ו ן א ל ע א י ד ע ן, געבושעוועט, געפּראַקטיצירט אַבשייליכקייט און זיך מקריב געווען צום מואָב'שען גאָט פון פרייע ליעבע און שענדליכסטען שמוץ. די אונפערשעהמטהייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, דאָס זמרי, א נשיא פון א שבט, איז מיט זיין מואָב'יטקע צוגעקומען צו משה'ן און האָט איהם פאַר־געוואָרפען, וואָס ער האָט געהייראַטעט א מדין'קע, ניט אַכטענדיג אויף דעם פאַקט, וואָס משה איז דאַן געווען פעריאָגט ווייט פון אידישען צענטער און האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו קומען צו זיי ווידער, און דאָס די מדין'קע איז געוואָרען אַן אמת'ע אידין און א פרוי פון משה'ן 33). און פון דער אַנדערער זייט — דער יאָמער און געוויין פון אידישען פאָלק ביים טיהר פון אהל מועד; דער טרויער פון די עלטערען, דער א גליס פון די פערלאָזטע פרויען און לעבעדיגע יתומים, צערשטערטע פאַמיליען, צובראָכענע הערצער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אבער צו צערשטערען דאָמיט דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ניט איינ־געגעבען ניט בלעם'ען, ניט בלק'ען, און אויך ניט אַפילו דעם ליעדער פון דיעזער וואַקכאַנאַליע ביי אידען, דעם נשיא פון א אידישען שבט, זמרי בן סלוא מיט זיין גאַנצער חברותא. דער דור וואָס האָט זיך ערצויגען אונטער דעם אויפזיכט פון משה'ן האָט ניט געקענט אין גאַנצען פערזינקען. עס האָבען זיך געפונען די פנחס'עס, וועלכע האָבען מיט זייערע הייליגע שפּיעזען דורכגעשטאָכען די זמרי'ס מיט זייערע כזבי'ס צוזאַמען. דער גרויסער צאָהל, אָבער קליינער פּראָצענט פון אידישען פאָלק, די פיער און צוואַנציג טויזענד, וואָס האָבען זיך בעטהייליגט אין דער שמוציגער וואַקכאַנאַליע, זיינען שנעל אויסגעשטאָרבען פון דער מגפה פון די הייליגע (ווענערישע) פעסט, וואָס זיי האָבען זיך אָנגעשטעקט פון די שעהנע מואָב'יטקעס. און

---

33) אין דעם ליעגט משה'ס גרויסקייט, דאָס טראָץ דעם וואָס זיין איינגענע פרוי איז געווען א מדין'קע, האָט ער דאָך געשריבען דעם געזעץ נעגען געמישטע הייראַטס, און נאָך דער געשיכטע מיט בלעם, וועלכער איז געווען פון זיין פרוי'ס משפחה, האָט ער דאָך געשיקט א שטראָף־עקספּעדיציע נאָך מדין; און טראָץ די בעליידיגונגען פון אַזעלכע זמרי'ס, האָט ער דאָך אָנגענומען דאָס פיהרערשאַפט איבער'ן פאָלק.

דאָס אידישע פֿאָלק איז נאָך דיעזען לעקציאָן פֿערבליבען ריין און שטאַרק און נאָך פֿיעל פֿעסטער אין זיינע מאָראַלישע איבערציינוגנען אַלס בעפֿאָר.

---

### משה געזעגענט זיך מיט זיין פֿאָלק.

דאָס אידישע פֿאָלק שטעהט שוין אויף דעם אַנדערען זייט פֿון מואָב, האַרט ביים גרענעץ פֿון זיין לאַנד. דאָס אידישע פֿאָלק האָט שוין דורכגעמאַכט זיין לעצטען נסיון אין מדבר, איז איבער דעם לעצטען טייך פֿון שמוץ, איז דורכגעגאַנגען דעם לעצטען טויער פֿון טומאה, דעם קולט פֿון בעל־פעור און איז אַרויס ריין, קלאָר, דורכגעלייטערט, בלויז איבערלאָזענדיג דאָרט דאָס לעצטע ביסעל שמוץ וואָס ער האָט נאָך אין זיך געהאַט.

דער בעל־פעור, דאָס איז דער שרעקליכסטער מענשען־פֿיינד, דער ערגסטער פֿערצעהרער, דער ניעדריגסטער און שמוציגסטער קולט, וואָס עקזיסטיט אונטער דער עדעלסטער בריאה־מענשהייט. דער בעל־פעור איז יענע עבודה־זרה, וועלכע נעהמט דעם עדעלסטען געפֿיהל פֿון מענשענס האַרץ, דעם שטאַרקסטען נאַטירליכען אינסטינקט, דעם עץ־החיים, וואָס גאָט האָט פֿערפֿלאַנצט אין מענשען פֿיר דעם אייביגען לעבען, אייביגער עקזיסטענץ פֿון יעדען פֿאָלק און דאָס גאַנצע מענשהייט, און פֿעראירט איהם און פֿערפֿיהרט איהם, אינ'ם נאָמען פֿון פֿרוכטבאַרקייט און פֿערמעהרונג, אין דעם שרעקליכסטען זומפּף פֿון מאָראַלישען און פֿיזישען שמוץ, אַבשייליכקייט, שרעקליכסטע און עקעלהאַפֿטעסטע קראַנקהייטען און פֿאָלקאָמענע פֿערצעהרונג פֿון דער מענשהייט. דער בעל־פעור נעהמט דעם הימלישען פֿייער, וואָס האָט אַראָבגעשיקט צו ברענען אויפ'ן מזבח פֿון ריינעם פֿאַמיליען־לעבען, אום צו פֿערזיסען, צו בעצוועקמעסיגען דעם מענשענס עקזיסטענץ, צו פֿערשאַפֿען איהם גליקליכסטע מינוטען, אַ שטיקעל ערדישען גן־עדן אין זיין זינלאָזען ערדישען לעבען — און פֿערוואַנדעלט איהם אין אַ טייפֿלישען פֿייער, אין אַ גיהנום צו פֿערניכטען פֿאַמיליע און פֿערברענען דאָס מענשהייט.

דיעזער קולט האָט פֿערצעהרט אימער אַלע אַלטע און די מעהרסטע פֿון די נייע פֿעלקער 34). דיעזער קולט בעגלייטעט דאָס מענשהייט אין אַלע זיינע אונגליקען און קאַטאַסטראָפֿעס און פֿיהרט איהם אימער צום אַבגרונד. דער פּרינציפּ פֿון בעל־פעור איז אויך דער פֿונדאַמענט פֿון אַלע עבודה־זרה'ס פֿון דער וועלט, פֿון גאָלדענעם קאַלב, פֿון בעל, עשתרות, וועננוס א. ז. וו., און די שפּורען פֿון דיעזען קולט זיינען אין פֿערשיעדענע פֿאָרמען נאָך וועיט, ווייט פֿערשפּרייט אין דעם לעבען פֿון פֿיעלע היינטיגע פֿעלקער, וועלכע האָבען שוין לאַנג דיעזע סאָרטען געטצען־דיענעריי אָפֿיציעל אויפֿגעגעבען.

דאָס אידישע פֿאָלק איז געוועזען דאָס ערשטע און אייציגע, וואָס האָט נאָך אין זיין פֿריהסטער יוגענד, ביי זיינע ערשטע טריט, אויפֿגענומען דעם קאַמפּף, דעם ערשטען קאַמפּף אין דער וועלט געגען דיעזען קולט, געגען אַלע סאָרטען שמוץ און געטצען־דיענעריי. און יעצט, אַרויסגעהענדיג פֿון דעם ווילדען, ריינעם מדבר, האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט דיעזען קולט אין זיין שטאַרקסטען פֿאָרם און אויסדרוק, האָט דורכגעמאַכט דעם ערשטען עקספּערימענט פֿון קאַמפּף געגען איהם און איז אַרויס בשלום...

משה שטעהט יעצט אויפ'ן שפּיץ פסגה, אויפ'ן לעצטען באַרג פֿון מואָב'ס לאַנד, ביים שוועל פֿון כנען, וואָס דאַרף באַלד פֿערוואַנדעלט ווערען אין ארץ־ישראל און בעטראַכט מיט שטאָלץ זיין פֿאָלק. דאָס איז דאָס פֿאָלק, די געטליכע אַרמעע, וועלכע ער האָט פֿאָרמירט, אום צו שטרייטען געגען

---

34) אין פֿראַנקרייך, די קרוין פֿון היינטיגער ציוויליזאַציאָן, האָט שוין לאַנג דער נאַטירליכער צוואַוואוקס פֿון דער בעפֿעלקערונג זיך אָבגעשטעלט און דראָהעט דער נאַציאָן מיט פֿאָלקאָמער פֿערניכטונג, נור בלויז דורך די ווענערישע קראַנקהייטען און אויסגעלאַסענהייט, וואָס איז דאָרט שטאַרק ענטוויקעלט. זאָ דאָס די רעגיערונג זוכט מיטלען געגען דעם און עס לאָזען זיך הערען מיינונגען צו מתיר מאַכען זאָגאַר פּאָליגאַמיע (פֿיעל־ווייבעריי), וועלכע עקזיסטירט דאָרט זאָ ווי זאָ אונאָפֿיציעל.

דיעזען מואָב'ישען קולט. משה פיהלט אָבער אויך, אז דאָ, יעצט איז זיין מיססיאָן אויף דער ערד גענענדיגט.

משה שטעהט יעצט און בעטראַכט פון דאָס העכסטע הויך דעם גאַנצען מדבר הינטער זיך, דעם לאַנגען, שווערען וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דאָס נייע, ליעבע, שעהנע און הייליגע לאַנד פון דער צוקונפט, וואָס ליעגט פיר איהם. און אַ שטאַרקער פערלאַנג ערוועקט זיך אין איהם יעצט, אַלע זיינע שטרעבונגען און פערלאַנגען גיסען זיך צוזאַמען אין איין הייסען פלאַמענדען וואונש, זיינע אַלע געדאַנקען און געפיהלען קאָנצענטרירען זיך יעצט אויף איין פונקט, — אריינקומען אין לאַנד, צו פיהרען ווייטער דאָס פאָלק, צו זעהן איהם גליקליך, צו העלפען איהם דורכפיהרען אין לעבען און פראַקטיק די לעבענס־געזעצע, וועלכע ער האָט יעצט בלויז אין טהעאָריע, צו פערפעסטיגען אין איהם זיין תורה, אום ער זאָל זי ניט פערגעסען, פערלאַזען און זאָל מעהר ניט בעשטראָפט ווערען.

אָבער עס איז אַ גזרה. זיין מיסיאָן איז גענענדיגט. ער מוז אָבטרעטען זיין פּלאַץ אַן אַנדערען, זיין תלמיד.

משה קליידעט אָן אַ זאַק, שיט אַש אויף זיין קאָפּ און טהוט תפלה צו גאָט:

„איך האָב אַזוי פיעל זיך געפּלאָגט, אַזוי פיעל געליטען, געטראָגען די צרות פון דיעזען פאָלק, געפיהלט און געשמערצט מיט אַלע זיינע שמערצען און ליידען, און יעצט, ווען עס קומט דאָס גליק פון מיין פאָלק, זאָל איך דאָס ניט זעהן, ניט עסען פון די פרוכט פון מיין ארבייט! דאַן וואו איז מיין געצאָהלט? דאָס איז געגען דאָס גערעכטיגקייט, געגען דעם דין־תורה 35). און משה בעט און פאָדערט, ער פאָדערט גערעכטיגקייט.

„אָבער די הימלען זיינען פיר איהם פערשלאָסען. זיינע, משה'ס תפלות ווערען ניט דורכגעלאָזט, דערגרייכען ניט דעם כסא־הכבוד.

„די זון און די לבנה ווילען סטרייקען, אויפהערען צו לייכטען, פיר דאָס אונרעכט וואָס ווערט בעגאַנגען פון דער גערעכטיגקייט געגען משה'ן. אָבער גאָט שיסט אין זיי אריין די קוילען וואָס מענשען, מיט זייער דיענען צו זיי, האָבען פיר זיי בעשאַפען. 36).

„די הימלען און די ערד, אַלע ליכטער און די הויכע בערג ווילען בעטען גאָט פיר דעם ילוד אשה, פיר דעם אָבער־מענש. אָבער זיי וואָגען ניט צו טהאָן דאָס, איבער די אונריינקייט, מיט וועלכע מענשען האָבען זיי פערפלעקט, צוטהיילענדיג זיי די עהרע פון גאָט. (מר ז. יא. תנח.)

„דער ים, וועלכען משה האָט געשפּאָלטען מיט'ן וואָרט, פערגיסט יעצט ביטערע טרעהרען, זעהענדיג ווי משה ליגט הילפלאָז אויף דער ערד און גאָט און קיינער קוקט זיך ניט אום אויף איהם. (דאָרט.)

„משה פערלעגט דאַן זיינע הענד אויף זיין קאָפּ און מיט זיין געשריי און געוויין שלאָגט ער דורך אַ וועג דורך אַלע הימלען און דערגרייכט צום רבש"ע אַליין, צום אל רחום וחנון, צו וועמען ער אַפּעלירט אין נאָמען פון מיטלייד און גנאָדע.

און דאַן בעקומט ער דעם געטליכען ענטפער:

„משה, צוויי שבועות האָב איך געשוואָרען: איינס, צו פערניכטען ישראל ווען זיי האָבען געמאַכט דעם עגל, דאָס צווייטע: דו זאָלסט ניט אריינקומען אין ארץ־ישראל. די ערשטע האָב איך בטל געמאַכט איבער דיין תפלה צו פערצייהען זיי אין נאָמען פון רחום וחנון; יעצט פאָדערסטו פון מיר צו מבטל זיין מיין צווייטע גזרה געגען דיר אין נאָמען פון משפט,

---

35) ביומו תתן שכרו (דב, כד).

36) די זון און די לבנה האָבען געזאָגט צו גאָט: אויב דו טהוסט גערעכטיגקייט צו משה'ן איז גוט און אויב ניט הערען מיר אויף צו לייכטען. דאַן האָט גאָט אין זיי געשליידערט פיילען און שפּיזען און האָט געזאָגט: אַלע טאָג בוקען זיך מענשען צו אייך, און דאָך לייכט איהר זיי. פאַר מיין כבוד האָט איהר ניט פּראָטעסטירט, און פיר דעם כבוד פון אַ בשר ודם פּראָטעסטירט איהר (מד. רבה, ז. יא., תנח).

פון גערעכטיגקייט. אלזאָ, מיט וועלכען וועג, מיט וועלכען פּרינציפּ ווילסטו געהן? מיט׳ן וועג פון בלויז גערעכטיגקייט אָדער מיט׳ן וועג פון רחמים? אויב איך זאָל יעצט טהאָן דיין פערלאַנג און מבטל זיין מיין גזרה נעגען דיר, דאַרף איך מבטל זיין דיין ביטע ביים עגל און פערניכטען דאָס פאָלק. ווילסטו דאָס? איך האָב דיר דאָן פערשפּראָכען: ואעשך לגוי גדול, צו מאַכען דיר פיר אַ גרויס פאָלק אָנשטאָט די אידען. אויב דו ווילסט יעצט אריינגעהן אין לאַנד, דאַן מוז איך מקים זיין מיין הבטחה צו מאַכען דיר פיר דאָס גרויסע פאָלק. אָבער דאַן מוז איך אויך מקים זיין די גזרה: ואכלה אותם כרגע, צו פערניכטען ישראל אויגענבליקליך. ווילסטו דאָס?

„און משה ענטפערט: זאָלען טויזענד אַזעלכע משה׳ס פערלאָרען געהן, אום עס זאָל דאָס מינדעסטע ניט שאַדען דעם פאָלק ישראל. (מד. רבה, דב.)

דאַן געהט משה ווייטער צום פאָלק און מאַכט זיין לעצטע צואה. ער ווידערהאָלט מיט דעם נייעם דור, וועלכער איז ביים בארג סיני ניט געווען, די גאַנצע תורה: ער רעזיומירט אין דער קורצער משנה־תורה אַלע געטליכע געזעצע; ער גיט זיי איבער זיין גאַנצע טהעטיגקייט, אַלע געשעהענישען אין מדבר און וואָרענט זיי און זאָגט זיי פאָראויס וואָס מיט זיי וועט געשעהן אין דער צוקונפט, אין פאַל זיי וועלען געהן מיט דעם וועג פון דער תורה און אין פאַל זיי וועלען זיך אויסוועהלען אַנדערע וועגען.

---

„איך געה אוועק פון אייך, — זאָגט משה אין זיין רעדע צום פאָלק. פון אייערט־וועגען איז גאָטעס צאָרן אויסגעגאָסען געוואָרען אויף מיר און איך קען מיט אייך צוזאַמען אין דעם ליעבען לאַנד ניט אריינקומען. איך וויל יעצט אַלזאָ ווידערהאָלען מיט אייך די געטליכע ווערטער. זאָלען די הימלען און ערד הערען וואָס איך רעד צו אייך. זאָלען די הימלען און ערד און די גאַנצע נאַטור זיין עדות אויף דעם פערבאַנד צווישען אייך און גאָט, צו היטען די געטליכע און פּאַסט נאַטירליכע געזעצע, וואָס איך האָב אייך געלערענט. זאָלען מיינע ווערטער ווי אַ ווייכער רעגען פאַלען אויף אייערע הערצער, זאָל מיין לעהרע זיין ווי אַ טהוי פיר אייך צו ארויס־ברענגען גוטע פריכטע.

„איהר האָט נור וואָס דורכגעמאַכט דעם נסיון מיט בעל־פעור און איהר האָט זעלבסט געזעהן, אַז דיעזע אַלע, וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין דיעזען שמוץ זיינען פערטיליגט געוואָרען און איהר אַלע, וועלכע האָבען זיך בעהעפּט צו גאָט, לעבען נאָך הייטע. איהר האָט אַלע געזעהן גענוג נעלעגענהייט צו איבערצייגען זיך אין די וויכטיגקייט פון די געזעצע, וועלכע איך האָב אייך געלערענט און איבערגעגעבען צו ערפילען זיי אין דעם לאַנד, וועלכען איהר קומט צו ירשה׳נען 36). דיעזע געזעצע זיינען אייער חכמה און פערנונפט פיר די אויגען פון אַלע פעלקער. נור דורך דיעזע געזעצע וועלען אַלע פעלקער אייך ריהמען און לויבען אַלס אַן עם חכם ונבון, אַ גרויסעס פאָלק; נור דורך דיעזע געזעצע זענט איהר העכער און ערהאַבענער פון אַלע פעלקער. וויסענשאַפט, קענטניסע איז אַלגעמיין־מענשליך, קאָס־מאָפּאָליטיש, גלייך פיר אַלע פעלקער. דאָס לערענט איהר גלייך מיט אַלעמען און צייכענט אייך פון קיינעם ניט אויס. אָבער דיעזע געטליכע געזעצע זיינען בלויז אייערע, אייער עהרע און אויסגעצייכענטקייט, אייער רוהם און גרויסקייט. קיין אַנדער פאָלק האָט ניט אַזעלכע געזעצע. דער פּרינציפּ פון יודענטהום, דער עיקר־היהדות, איז ניט בלויז צו גלויבען, נור דאָס איז אַ פאָלקאָמענער לעבענס־רעגולאַטיוו, געזעצע, מעשים. איך וואָרען דיר אַלזאָ זעהר און זעהר צו היטען דיעזע געזעצע, צו ערפילען זיי מיט דיין

36) צו ירשה׳נען, ניט צו רויבען. ווייל די פעלקער פון כנען זיינען שוין דאַן געוועזען אַזוי פערדאָרבען און דעגענערירט, דאָס זיי האָבען שוין קיינע קרעפטען און קיין בערעכטיגונג צו עקזיסטירען לענגער ניט געהאַט און די תורה האָט זיי דאַן שוין גערעכענט אַלס גוססים, כמעט טויטע. אויסער דעם מיינען די ווערטער אויך אַלס ירושה פון די אָבות.

גאַנצען האַרצען און צו איבערגעבען זיי דיינע קינדער און קינדס־קינדער.

„מיין פאָלק איז אייביג און מיינע געזעצע זיינען אייביג". די געזעצע מאַכען אייביג דעם פאָלק און דאָס פאָלק זאָל פעראייביגען די געזעצע דורכ׳ן איבערגעבען זיי צו די נאָכקומענדע דורות. די עלטערען, וואָס טהוען ניט אַלעס וואָס איז אין זייער מאַכט אום צו לערנען זייערע קינדער תורה און צו ערציהען זיי אין גייסט פון יודענטהום זיינען ניט יוצא פיר גאָט, זאָגאַר ווען זיי זעלבסט זאָלען זיין די פרימסטע אין דער וועלט. דער דור וואָס גיט ניט איבער די געטליכע געזעצע צו זיינע נאָכפאָלגער, איז אַן עקר, אַ קינדערלאָזער, ער ברענגט אונגליק, פערקירצטע יאָהרען און פערניכטונג צום צוקונפטיגען דור.

דאָס יודענטהום ברויך קיינע קאַסטען, קיינע פּאַבסטען, קיינע אדוואָ־קאַטען, קיינע ספּעציעלע קלאַסען אָדער מענשען, וואָס זאָלען לערנען און וויסען די געזעצע פון דער אידישער לעהרע, נור יעדער איד. יעדעס אידישעס קינד, ברויך, מעהר אָדער וועניגער, לערנען און וויסען די תורה. די עלטערען דאַרפען לערנען די קינדער, די כהנים — דעם פאָלק, דאָס גאַנצע פאָלק — זיינע פאָלקס־קינדער, איין דור דעם צווייטען. זאָגאַר דער קעניג איז פון דיזער פפליכט ניט פריי. איין מאָל אין יאָהר מוז ער פאָרלעזען די תורה פיר דעם פאָלק. „ושננתם לבניך", דאָס לערנען און איבערגעבען די אידישע לעהרע איז איינער פון די זיילען פון יודענטהום, איינער פון די וויכטיגסטע פאַקטאָרען פון זיין אייביגען לעבען.

„אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. דער „ולמדתם אותם" און „והודעתם לבניך ולבני בניך" איז אום „ועשיתם אותם", איהר זאָלט דיזע לעהרע דורכ־פיהרען אין לעבען, איהר זאָלט דיזע געזעצע טהאָן, ערפילען, מקים זיין. נור דאַן וועט די ווירקונג פון דיזע געזעצע זיך אַרויסצייגען אויף אייך, נור דאַן וועסטו זיין גרויס, ערהאַבען, אינטעליגענט, געזונד און שטאַרק; נור דאַן וועסטו אויפהאַלטען דעם יודענטהום און יודענהייט.

„אָבער ווען איהר וועט געבוירען קינדער און קינדס־קינדער און איהר וועט זיך אַלטזימצען אַלס פאָלק, אַלס פעסט־געשטעלטעס נאַציאָן אין אייער לאַנד, און דאַן: טאָמער וועט איהר דענקען, דאָס איהר קענט אָנהאַלטען אייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ גענצליך אָבגעטהיילט פון אייער גייסט און קולטור, ניט אָבהענגיג פון אייער גאָט און תורה, דאָס איהר, פונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, קענט לעבען אַלס פאָלק אָהן דיזער תורה און געזעצע, אָהן אייער גאָט און אייגענטהימליכער קולטור, נור בלויז מיט דעם כח פון אייער נאַציאָנאַליטעט, זאָגאַר אָננעהמענדיג אַבי וועלכע רעליגיאָנס און קולטורס פאָרם; און דאַן וועט איהר זיך אַ בילד, אַ סטאַטוע פאַר אַ גאָט אויפשטעלען, איהר וועט נעהמען דיענען פרעמדע געטער, זיך איבערגעבען צו פרעמדע קולטורען, נאָכאַהמען די פעלקער וואָס אַרום אייך. זאָלט איהר וויסען, אַז „אבד תאבדון מהר מעל הארץ הטובה", איהר וועט גיך פערלאָרען געהן פון דיזען גוטען לאַנד, וואָס איך גיב אייך יעצט אַלס ירושה; והפיץ ד׳ אתכם, און גאָט וועט אייך פערשפּרייטען צווישען די פעלקער, און דאָרט וועט איהר געצוואונגענערהייט דיענען די פעלקער מיט זייערע געטער.

אַ נאַציאָן לעבט ניט אימער בלויז מיט דעם כח פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. דער קערפּער פון אַ פאָלק האַלט זיך ניט אייביג בלויז דורך זיין פיזיאָלאָגישער פערבונדענקייט, דורך זיין פיזישער מאַכט און גרויס. עס מוז נאָך האָבען געוויסע מאָראַלישע און גייסטיגע פאַקטאָרען, אום צוזאַמען צו האַלטען די פערשיעדענע גליעדער פון פאָלקס־קערפּער און אום צו שאַפען אין איהם שטענדיגען לעבען און זעלבסט־פיהלונג. עס מוז אויסער דעם קערפּער האָבען אויך אַ נשמה, דעם עסענץ פון לעבען. די פעלקער וואָס האָבען פיר אַ צייט געלעבט בלויז פיזיאָלאָגיש, מיט זייער קערפּערליכער קראַפט, האָבען געמוזט פערלאָרען געהן און אויסגעמעקט ווערען פון דעם פאַמיליען־רייסטער פון דער מענשהייט.

נאַציאָנאַליזם איז קיין פּרינציפּ, קיין גייסט, קיין אידעאַל, נור אַ נאַ־טירליכקייט, אַן אינסטינקט, אַ געפיהל, וואָס שטאַמט פון בלוט־פערוואַנד־

שאפט, צוזאמענלעבונג, היסטאָרישעס און קולטורס־איינהייטליכקייט און געוואָהנהייט. נאציאָנאליזם אָדער, בעסער געזאָגט, דער נאציאָנאלער געפיהל, איז צוואר א פרימיטיווער, אָבער דאָך נאטירליכער, שטארקער, פונדאמענטאלער פאקטאָר פיר דאָס ערהאלטונג פון דער נאציאָן. אָבער ער נויטיגט זיך אין געוויסע פפלעגע, אין געוויסע בעדינגונגען פיר זיין ערציהונג און ענטוויקלונג. און נאָך אלעמען איז ער ניט דער איינציגער גענינענדער פאקטאָר פיר דאָס זעלבסט־ערהאלטונג פון דער נאציאָן. אלס געפיהל קען ער, ביי געוויסע אומשטענדען, ווערען אָבגעשוואכט, זאָגאר אטראָפירט אָדער פערביטען ווערען אויף אנדערע, שטארקערע געפיהלען. פונקט אזוי ווי פאמיליען־גליעדער פון זייער פאמיליע, אזוי אויך געוויסע פאָלקס־טהיילען קענען ווערען אָבגעפרעמדעט פון דער אייגענער נאציאָן און ווערען נעהנטער, צוגעבונדענער צו ווילד־פרעמדע. דער נאציאָנאלער געפיהל איז פיזיש, מאטעריעל, עגאָאיסטיש. און דעריבער קענען אנדערע מאטעריעלע אינטערעסען און עגאָאיסטישע געפיהלען, זאָגאר טהעאָריעס, איהם גובר זיין, מנצח זיין. ווי אָפט זעהען מיר טהיילען פון איין פאָלק, קינדער פון איין שטאָם שטרייטען איינער געגען דעם צווייטען, נאציאָנען צושפאלטען זיך אין בילדען זיך אין בעזונדערע פאָליטישע פיינדליכע גרופען. ווי אָפט איז דער נאציאָנאלער געפיהל אליין צו שוואך צו בעקעמפפען אינדיווידועלע ליידענשאפטען, צו שוואך צו אָבהאלטען מענשען פון פערראטה צו זייער נאציאָן. יעדער מיטגליעד פון דער נאציאָן איז א אינדיווידיום, א וועלט פיר זיך אליין. ניט אימער איז פיר איהם די נאציאָן אלעס. אָפטער זיינען זיינע פריוואט־געפיהלען פיעל שטארקער ענטוויקעלט אלס דער נאציאָנאלער געפיהל. עס זיינען אלזאָ נויטיג פיר דעם נאציאָנאלען עקזיסטענץ נאָך אנדערע פאקטאָרען. און דער העכסטער און וויכטיגסטער פאקטאָר איז די נאציאָנאלע קולטור, אַן אלערהעכסטער אלגעמיינער אידעאל, אַן אלעס־איבערוועגענדער פרינציפ, איין גאָט, וועלכער עס זאָל לעבען אין די הערצער פון די אלע נאציאָנס־מיטגליעדער און זיי אלעמען פערבינדען מיט א גייסטיג־מאָראלישען פערבאנד. די מצרים, די כנענים, די אשורים, יונים, רומער און פיעלע אנדערע האָבען פיעלע מאטעריעלע געטער, און זיי געהען אונטער. ישראל, ווען ער דיענט זיין איינציגען גאָט, ווען ער האלט זיך ביי זיין אייגענטהימליכער קולטור איז גרויס און שטארק. ווען ער נעהמט אָבער דיענען פערשיעדענע פרעמדע געטער, ווערט ער צושפאָלטען, צוברעקעלט, ער הערט אויף צו זיין איין גרויסע, שטארקע נאציאָן, און ווערט פעריאָכט און פערשקלאפט.

אָבער דער אידישער גאָט מוז אויך האָבען אַן אידישעס פאָלק. דער יודענטהום אָהן אידען קען קיין קיום ניט האָבען. די אידישע קולטור קען ניט לעבען ביי פערשיעדענע פעלקער. קוים צוטהיילט זיך דאָס פאָלק אין בעזונדערע טהיילען, דאַן שטעלט זיך אָב אָדער עס ווערט פערוועלקט אויך די אידישע קולטור. בעזונדערע פעלקער שאפען זיך בעזונדערע געטער אָדער זיי נאציאָנאליזירען, ענדערען דעם אלגעמיינעם גאָט. (דער קאַטאָליציזם איז געוואָרען אוניווערסאל א דאנק דער פאָליטישער מאכט פון רוים, וועלכע איז דאַן אויך געוועזן אוניווערסאל, און ער האלט זיך נאָך יעצט טהיילווייז מיט דער קראפט פון אינערציע). אפרים יואפט זיך קעלבער־געטער אום צו אונטערשיידען זיך פון יהודה 37). און דעריבער איז „ישראל וקדשב״ה ואורייתא חד הוא“. גאָט, תורה און אידען, יודאאיזם און אידישער נאציאָנאליזם, זיינען איינס, אָבהענגיג איינער פון צווייטען.

משה האָט דאָס אלעס געוואוסט, פאָראויסגעזעהן און פאָראויס־געזאָגט:
„כי תוליד בנים ובני בנים ונושנתם בארץ... ועבדתם אלקים אחרים

---

37) אלע שפעטערע סעקטען וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פון אידישען פאָלק, זיינען אויך אָבגעריסען געוואָרען אָדער זיי ווערען אָבגעריסען פון אידישען גאָט. דעם פראָצעס פון אָבפאלונג קענען מיר יעצט דייטליך זעהן ביי די רעפאָרמער פון אלע לענדער, וועלכע שרייבען זיך צו צו אנדערע נאציאָנאליטעטען.

עץ ואבן מאלהי העמים... העידותי בכם היום את השמים ואת הארץ, כי אבד תאבדון מהר מעל הארץ הטובה אשר ד׳ אלקיכם נותן לכם (דב. ו):

אַז איהר וועט געבוירען קינדער און קינדס־קינדער, איהר וועט זיך אַלט־זיצען אין אייער לאַנד... און איהר וועט נעהמען דיענען פרעמדע געטער, הילצערנע שטיינערנע — מאַטעריעלע — פון די געטער פון די פעלקער וואָס אַרום אייך. שטעל איך עדות די הימעל און ערד, דאָס איהר וועט גיך פערלאָרען געהן פון דעם גוטען לאַנד, וואָס אייער גאָט גיט אייך יעצט.

„די אַלע געזעצע האָט אונז גאָט געבאָטען צו טהאָן, צו פירכטען גאָט, אום אונז זאָל גוט זיין, פון אונזער גליק וועגען, פון אונזער אייביגען לעבען אויף אונזער לאַנד. און דאַך דאַרפען מיר דיעזע געזעצע ערפילען, אַלס געזעצע, אַלס געטליכע געבאָטע. „וצדקה תהיה לנו, כי נשמור לעשות את כל המצוה הזאת לפני ד׳ אלקינו, כאשר צונו״. (דב, ו). עס ווערט אונז פערערכענט אַלס אַ צדקה, אַ גרויסער וואָהלטהאַט, ווען מיר היטען דיעזע אַלע געבאָטע פון אונזער גאָטס־וועגען, וויייל ער האָט עס אונז געבאָטען. מיר דאַרפען דיעזע געזעצע ערפילען, ניט בלויז אַלס מיטעל צו זעלבסט־ערהאַלטונג, נור אַלס זעלבסט־צוועק.

אַזוי פיהרט זיך אַ טרייער פאָטער מיט קינדער, ווען ער לערענט די קינדער צו טהאָן אָדער צו היטען זיך פון געוויסע זאַכען פון זייער גליק־וועגען און דאַך רעכענט ער עס פיר אַ בעזונדערע מעלה און וואָהלטהאַט פון דער זייט פון די קינדער, ווען זיי פאָלגען איהם... און ער בעלאָהנט זיי דאַפיר, פיר זייער פאָלגען און געהאָרכזאַמקייט, ספּעציעל...

* * *

„גאָט פלעגט דיך פייניגען אין דעם מדבר. צוערשט אויסגעהונגערט און נאַכהער געגעבען דעם מן, געלאָזט ליידען פון דאָרשט און דאַן געגעבען וואַסער פון אַ שטיין. אָבער דאָס איז אַלעס געוועזן און איז אימער, אום דו זאָלסט וויסען, אַז ניט בלויז אין ברויט, אין נאַטירליכע בעדערפניסע, אין פיזישע און עגאָאיסטישע זעטיגונג בעשטעהט דעם מענשענס לעבען, נור בעזאָנדערס, אין אַלעס, וואָס געהט אַרויס פון גאָטעס מויל, אין גאָטעס וואָרט און דורך גאָטעס וואָרט לעבט דער מענש. דיעזער געטליכער וואָרט ניט ברויט, וואַסער און לעבען צום מענשען. זיין שטראָפע צו דיר איז געוועזן ווי פון אַ פאָטער צו אַ קינד. ער האָט דיך געלאָזט פאַלען, אום דו זאָלסט זיך אויסלערנען צו אויפשטעהן, ער האָט דיך ניט פערהיט פון אָפּברענען אַ פינגער, אום צו מאַכען דיך פאָרזיכטיג, אום דו זאָלסט אין גאַנצען ניט פערברענט ווערען, ווי די אַנדערע פעלקער. ער האָט דיך געלאָזט פרעגען קשיות, האָבען טענות, פּרעטענזיעס, אום דו זאָלסט קענען לערנען דיין גאָט, פירכטען, רעספּעקטירען איהם, אום דו זאָלסט אויך לערנען קענען דיין אייגענעם כאַראַקטער, פערשטעהן דיין ראָלע, דיין וועג אין לעבען; אום דיר זאָל נאַכהער גוט זיין, אום דו זאָלסט וויסען, אַז ניט דורך דיין אייגענער מאַכט און קראַפט ווערסטו גרויס און גליקליך, — וואָרום ווען דו פערלאָזט די געטליכע געבאָטע און געזעצע, ווערסטו שוואַך און אונגליקליך. — נור די געטליכע געבאָטע און געזעצע גיבען דיר דיעזע קראַפט. ניט איבער דיינע צדקות, נור איבער די רשעות, איבער די פערדאָרבענהייט פון די פעלקער פון כנען פערטרייבט זיי גאָט פון דיר.

„דיעזע פעלקער זיינען זעהר פערדאָרבען, פערשמוצט און דעריבער זאָלסטו מיט זיי קיין פערבאַנד ניט שליסען, קיין פריינדשאַפט, קיין זעליג־קייט צו זיי ווייזען, קיינע פאַמיליען־פערוואַנדשאַפט, קיינע געמישטע הייראַטהס מיט זיי ניט האָבען, אום זיי זאָלען דיינע קינדער ניט אָבציהען פון מיר. זאָנסט, וועסטו אַזוי ווי זיי פערדאָרבען ווערען און דו וועסט פערלירען דאָס בערעכטיגונג צו ווערען זייער יורש און וועסט מוזען פערלאָרען געהן גלייך מיט זיי.

„ניט איבער דיינע צדקות און יושר גיט דיר גאָט איבער דאָס לאַנד מיט דיעזע אַלע פעלקער, נור ווייל זאָ איז גאָטעס ווילען, דאָס איז זיין שבועה צו די בעליעבטע אָבות, זיין חסד צו זייערע קינדער. גיב ניט צו מעהר געזעצע ווי איך האָב דיר געגעבען און דאַן זאָלסטו ניט און וועסט ניט מינע־ן

פון זיי. טהו דאָס וואָס איך הייס; זוך ניט צו צייגען זיך פאַר אַ צדיק געגען דיין גאָט, צו האָבען צו איהם טענות און פאָדערונגען אין דער קראַפט פון דיין גערעכטיגקייט, צו פאָדערען פון איהם ניסים געגען די געשטעלטע נאַטור־געזעצע, צו פערלאָזען זיך בלויז אויף די נסים, ניט טהוענדיג זעלבסט אַלעס וואָס אין דיין מאַכט איז צו טהאָן. מיט אַזעלכע צדקות דיענסטו בלויז זיך זעלבסט. אַזעלכע צדקות מיינט שחד, אונטערקויפען גאָט. און ווייסטו אָבער וואָס גאָט פאָדערט פון דיר? נור צו רעספעקטירען איהם, צו געהן אין זיינע וועגען, צו ליעבען און דיענען איהם און צו זיין צנוע׳דיג מיט איהם. גאָט זעלבסט ענטפּלעקט זיך ניט אין שטורעם, אין ברענענדען, העלען פייער, נור אין דאָס דינע שטילקייט. ער בעהאַלט זיך אונטער דעם פאַרהאַנג פון דער נאַטור. די נאַטור איז זיין מאַנטעל, זיין מאַסקע, מיט וועלכער ער פערשטעלט זיין געזיכט פון די מענשען. די נאַטור איז אויך זיין משרת, זיין שליח, זיין האַנד, זיין פערטרעטער אויף דער וועלט, צו אויספיהרען זיין ווילען.

„מאַך זיך ניט גערעכט געגען דיין גאָט, דאַן וועט דיר גאָט פערצייהען דיינע פעהלערען און שענקען זיין גנאַדע... דאָס איז געוועזען דער פעהלער פון דור המדבר, וואָס ער האָט אימער געשריען, אַז ער איז גערעכט, אַז גאָט טהוט איהם אונרעכט. דאַרום איז ער אימער געוועזען אין פערדרוס אויף זיין גאָט, געשטעלט פאָדערונגען, ניט געבעטען אום פערצייהונג, זעלבסט אין דער צייט ניט געוואָלט טהאָן דאָס, וואָס ער האָט געברויכט צו טהאָן פיר זיין צוקונפט, ניט געוואָלט געהן, ווען ער האָט געברויכט צו געהן. און איז דעריבער פערבליבען אין מדבר... ניט אַזוי זיינען אָבער די קינדער פון דור־המדבר, און זיי קומען דערפאַר אַריין אין דאָס געבענשטע לאַנד 38).

* * *

דעם זיעבענטען יאָהר זאָלסטו מאַכען שמיטה, דעם פופציגסטען — יובל. דיעזע און פילע אַנדערע געזעלשאַפטליך־עקאָנאָמיש־פאָליטישע געזעצע האָבען אַ געוויסען בעשטימטען צוועק: כי לא יהיה בך אביון, עס זאָלען ביי דיר קיינע אביונים ניט זיין, קיינע אַרמוטהס־אונגליקליכע. דו מוזט אונטערשטיצען, אויפהאַלטען דיין ברודער בעפאָר ער פאַלט, אום ער זאָל ניט פאַלען. דיינע געזעצע דאַרפען זיין געציעלט צו ניט לאָזען זיך ענטוויקלען צו גרויסע רייכטהימע, אום עס זאָלען קיינע אָרימע ביי דיר ניט זיין. אָבער אויב עס געפינען זיך שוין יאָ אָרימע ביי דיר, מוזטו זיי געבען פון אַלעס וואָס דו האָסט מיט אַ פרייער האַנד, דו מוזט פיר זיי מפקיר זיין דיין אייגענטהום. דען דאָס איז קיין נדבה, זאָנדערן אַ חוב. ווייל אָרעמקייט איז די שולד פון דער געזעלשאַפט און דאָס געזעלשאַפט מוז זיינע שולדען צאָהלען.

„ואהבתם את הגר, כי גרים הייתם בארץ מצרים (דב, י). עס איז ניט אין דער נאַטור פון מענשען צו ליעבען דעם פרעמדען. דער אינסטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג שאַפט אין מענשען אַ געוויסע פאַרזיכטיגקייט און פערדעכטיגקייט צו אַלעס וואָס איז פרעמד. אין מצרים, אין גלות, זענט איהר געווען פרעמדע, און דעריבער האָבען די מצרים, וועלכע לעבען מעהר מיט׳ן געפיהל, מיט׳ן אינסטינקט, געפירכטעט פיר אייך, פערדעכטיגט, געהאַסט און אונטערדריקט. אייך זאָג איך אָבער אָן, אַז איהר, אין אייער לאַנד, זאָלט ניט פערהאַסען דעם פרעמדען בלויז ווייל ער איז אַ פרעמדער. איהר דאַרפט וויסען דעם פרעמדענס האַרץ, דעם צושטאַנד פון זיין זעעלע און ליעבען איהם, פערגרינגערען זיין עלענדקייט, ניט טהאָן צו איהם דאָס, וואָס איהר ווינשט ניט פיר זיך זעלבסט.

„און עס וועט זיין די פאָלגע דערפון, וואָס איהר וועט פאָלגען, היטען און ערפילען די אַלע געטליכע געזעצע:

„דו וועסט זיין געליעבט און געבענשט פון גאָט, גרויס אין צאָהל און שטאַרק אין גייסט און קערפּער, רייך און גליקליך, רוהיג און דויערהאַפט

---

38) שחת לו, לא בניו, מומם, דור עקש ופתלתל (דברים לב).

אין דיין לאַנד, וועלכען גאָט האָט פערשפּראָכען דיינע עלטערען צו געבען דיר (דב, ז).

„דיין מאַטעריעלער גליק און וואהל־בעפינדונג ליעגט אין דיין לאַנד. דיין בעזיצען דאָס לאַנד איז אָבהענגיג פון דיינע מעשים, פון דיין אויפ־פיהרונג, פון דיין היטען און ערפילען די גאָטליכע געזעצע פון דיין תורה. דיין תורה, דיין קולטור, דיין גאַנצער גייסטיגער און מאָראַלישער לעבען איז ווידער אָבהענגיג פון דיין לאַנד. אין פרעמדע לענדער וועסטו מוזען דיענען פרעמדע געטער. אין פרעמדע לענדער וועסטו דיין אייגענטהימליכער קול־טור און איהר ריינקייט אויפהאַלטען ניט קענען. „ישראל ואורייתא וקדוש ב"ה וארץ ישראל חד הוא". דאָס אידישע פאָלק און דער יודענטהום און ארץ ישראל איז איינס. אלע זיינען זיי פערבונדען און אָבהענגיג איינס פון דאָס אַנדערע".

---

## די ברכות.

„אויב דו וועסט זיך פיהרען נאָך מיינע געזעטצע, וועסטו זיין געבענטש־טער פון אַלע פעלקער, וועסט ניט קרענקען מיט די מצרים'שע קראַנקהייטען, וועלכע קומען פון זייער אונריינעם אַרט לעבען. עס וועלען ביי דיר קיינע קינדערלאָזע זיין. דו וועסט זיין ערהאָבען איבער אַלע פעלקער. קיינער פון זיי וועט זיך געגען דיר ניט קענען שטעלען. זיי וועלען אויס פורכט פיר דיר פערלייקענען זייער האַס צו דיר; זיי וועלען זיך ציינען צו דיר אַלס גוטע פריינדע, דיין פורכט וועט זיין אויף זיי פונקט ווי דאָס פורכט פון מענשען אויף חיות. דיינע פיינדע, וואָס וועלען אויפשטעהן געגען דיר, וועלען ענטלוי־פען פון דיר מיט זיבען וועגען. די פעלקער וועלען דאַרפען באָרגען ביי דיר, אָבער דו וועסט ניט ברויכען צו באָרגען. דו וועסט אַלעס דיינע אייגענע האָ־בען. דאַן וועלען אַלע פעלקער פון דער ערד זעהן, דאָס גאָטעס נאָמען איז אויף דיר. זיי וועלען דיך רעספּעקטירען און גאָטעס נאָמען וועט געהייליגט ווערען. די פעלקער וועלען דאַדורך בעסער ווערען, וועלען זיך פון דיר לער־נען און דו וועסט דאַן זיין אַ ליכט פיר די פעלקער. דאַמיט זעלבסט וועסטו אויספיהרען דיין נאַציאָנאַלע בעשטימונג, דיין מיססיאָן אַלס פאָלק און גאָט וועט דיך דאַפיר איבערלאָזען צום גוטען, צו גליק און זעגען אין דיין לאַנד. דו וועסט אין אַלעם זיין דער קאָפּ, דער ערשטער און וועסט שטייגען אַלס העכער. און אַלעס אין דיין לאַנד, אויף דיין אייגענעם באָדען. (דב. כח.)

„וישבתם לבטח בארצכם. (דאָרט). נור אין אייער לאַנד וועט איהר זיין זיכער, אָבער ניט אין חוץ־לארץ (יל. שמ. בח).

---

## ת ו כ ח ה.

„איך וויים אָבער, דאָס אַבזיטצענדיג אַ לאַנגע צייט אין דיין לאַנד, וועסטו פערלאָזען דיין גאָט, וועסט אָנפאַנגען צו דיענען פרעמדע געטער, וועסט ניט לעבען נאָך די געזעטצע פון דיין גאָט, פון דיין תורה, נאָך דיין גייסט און קולטור. דאַן, איך וואָהרען דיך, איך זאָג דיר פאָראויס די פאָלגע, וואָס וועט דאַפון אַרויסקומען:

דו וועסט זיין פערפלוכט אין פעלד, אין אייגענטהום; דיין לאַנד וועט ווערען פעראָרעמט, פערהונגערט. דיין הימעל איבער דיין קאָפּ וועט זיין ווי קופּער און דיין ערד טרוקען, האַרט ווי אייזען. דאַן וועלען דיר בעפאַלען אַלערליי קראַנקהייטען, אויסצעהרונג, פיבער א. ז. וו., א. ז. וו.; דאַן וועסטו ווערען אָבגעשוואַכט קערפּערליך און גייסטיג. דאַן וועסטו נאָך מעהר פער־ווירט און פערפיהרט ווערען; וועסט זיין ווי משוגע, וועסט טאָהן אָהן אויסרעכענונג, וועט דיר קיין זאַך ניט געלינגען, ניט בעגליקען, וועסטו זיין בערויבט און גערדריקט אין אַלעם. דיין פרוי וועט געהערען צו פרעמדע, דיין אייגענטהום וועלען אַנדערע פערוואַלטען און פערצעהרען פיר דיר אין די אויגען; דיינע קינדער וועלען זיין איבערגעבען פרעמדע נאַציאָנאַליטע־

טען 39), פרעמדע קולטורען, אָבגעפרעמדט פון דיר ; דיינע אויגען וועלען עס זעהן, דיין הארץ וועט שמערצען און וועסט ניט קענען העלפען. דאן וועסטו מיט דיין קעניג ווערען פערשקלאפט צו אַ פרעמדעס פאָלק און געפיהרט אין אַ פרעמדעס לאַנד. דאן וועסטו דיענען דיין פיינד אין אָרעמקייט, הונגער אין דאָרשט און ער וועט אויף דיר ארויפלעגען אן אייזערנעם יאָך און וועט דיך דריקען און פייניגען אין דיינע שטעדט, אין דיין לאנד. דאן וועסטו עסען די פרוכט פון דיינע קינדער, זייער פלייש און לייב, זייער ארבייט און עהרע... דו וועסט ווערען ערנידריגט און עקעלהאפט פיר אנדערע קעניגסרייכען. דאן וועט איהר ווערען אלס שוואכער און ווייניגער און דאן וועט קומען דאָס ערגסטע : איהר וועט אויסגעריסען ווערען פון אייער ערד און פערשפּרייט ווערען צווישען די פעלקער 40). דאָרטען וועסטו דיענען פרעמדע געטער, הילצערנע און שטיינערנע, און דאָס אויך ניט פיר דיר נור פיר אנדערע. יעדעס פאָלק, אַלע פעלקער אין יעדען לאַנד, וועלען דיר מאכען דיענען, יעדערער זיין גאָט, און יעדער פון זיי וועט דיר שטויסען, דריקען דערפאַר וואָס דו דיענסט אויך אנאנדער גאָט 41). אָבער דיעזע אַלע געטער, די אַלע פרעמדע קולטורען, צו וועלכע דו וועסט זיך איבערגעבען, אום צו געפינען עטוואָס רוהע, וועלען דיר קיין רוהע ניט געבען ; דיין פוס וועט דאָרט קיינמאָל קיין פעסטען באָדען אונטער זיך ניט האָבען, דו וועסט דאָרט אימער זיין בעזאָרגט, אונרוהיג, נערוויש, פייגליש, אונגעדולדיג, גייסטיג קראנק, אימער אין שרעק פיר דיין לעבען, וועלכער וועט הענגען אויף אַ האָר ; און דו וועסט ניט גלויבען אין דיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. „דו וועסט קיין געגענוואַרט ניט האָבען, נור אימער קוקען צו דער פערגאנגענהייט אָדער צוקונפט... ביי נאכט, ווען פינסטער אויף דער וועלט איז, וועסטו גארען דעם טאָג... און ביי טאָג, ווען ביי אַלע פעלקער וועט זיין ליכטיג, וועסטו בענקען נאָך דער נאכט, נאָך די פינסטערע צייטען, ווען צוואר אין צרות, דורך פייער און וואסער, האָסטו דאָך געקענט בעסער ערהאַלטען דיין נאַציאָנאלע עקזיסטענץ. פערקויפען וועסטו זיך דאָרט צו דיינע פיינדע פיר קנעכט. צוואר אַהער, אַ פירסט, אַ באַראָן, אַ מיניסטער, וועסטו דאָך זיין ניט מעהר אלס אַ

---

39) ניט גלויבען אין אידישען נאַציאָנאַליזם איז אַ קללה פון דער תוכחה : ולא תאמין בחייך : און אונזערע רעפאָרמער און אסימילאַטאָרען האָבען עס אָנגענומען פיר אַ ברכה און עהרע, דורך וועלכעם זיי גלויבען צו נושא־חן זיין ביי די אומות העולם און געפינען רוהע אין גלות.

40) „קשה היא הגלות, שהיא שקולה כנגד כל הקללות שבתוכחה" (ספרי עקב). די קללה פון גלות וועגט איבער אלע קללות פון דער תוכחה. — „ואתכם אזרה בגוים" (כי תבוא) און אייך וועל איך פערוועהען צווישען די פעלקער. — דאָס איז דאָס שווערסטע פיר אידען. ווארום ווען זיי זיינען פערטריעבען צוזאמען אין איין פלאַץ טרייסטען זיי זיך איינער מיט'ן צווייטען, שטיצען, העלפען, האלטען אונטער איינער דעם צווייטען. אָבער יעצט זענען זיי ערוויטערט און פערפרעמדעט איינער פון צווייטען (ילק"ש בחוקתי).

41) בעטראַכט נור דאָס לעבען פון אידען אין יעדען גלות־לאַנד. עס איז שוין אַ צייט פון הונדערטע, פיללייכט טויזענדע יאָהרען, זינד אידען וואָהנען אין רוסלאַנד און טראָגען נאָך אַלץ אַ שטיק פון דייטשער קולטור. די ספרדים וואָהנען שוין 4 הונדערט יאָהר אין טירקיי און זענען נאָך אלס שפּאַניאָלער, דינען נאָך אלס די געטער פון'ם לאַנד וואָס האָט זיי זאָ שרעקליך פערפאָלגט. די אידען פון עסטרייך זענען צעריסען צווישען זיך און צוטהיילט לויט די פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען אין לאנד און דערפאַר ווערען זיי געשלאָגען פון יענע פעלקערליך, פון וועלכע יעדע וויל זיי אויסנוטצען בלויז פיר זיך. אידען האָבען זיך בעזעצט אין אַמעריקע, לעבען אַמעריקאַנער לעבען און זיי בענוגענען זיך ניט מיט'ן נאָמען : איד אין אַמעריקאָ, נור זיי זענען נאָך דאצו דייטשען, אונגארען, רוסישע, פוילישע, רומענישע, א. ז. וו. אין די פרעמדע לענדער דיענען זיי די געטער, טראָגען די קולטורען פון אנדערע פעלקער פון זייערע שונאים.

קנעכט און אַ ווערקצייג ביי דיינע פיינדע... און ניט אימער וועט מען וועלען צוטהיילען די עהרע צו אויפנעהמען דיר אין דיענסטע... „און טאָמער וועט איינער וועלען זיך איינ'שמועות'ן, אז דיזע ווערטער זיינען פוסטע, נארישקייטען, אז איהם וועט גאָר ניט געשעהן, גאָר ניט שאדען און וועט דוקא טאָהן אלעם נעגען דיזע געזעטצע, דאן וועל איך זעלבסט ווענדען זיין געזיכט געגען יענעם און עס וועלען קומען אויף איהם דיזע אלע פלוכען און ער וועט אָבגעמעקט ווערען פון דער וועלט.“

„און טאָמער וועט איהר וועלען זיך פערזיכערען אויף גאָטעס נאָמען, איהר וועט דענקען, דאָס גאָט וועט דאָס ניט טאָהן, ער וועט אייך נושא פנים זיין, ווייל איהר זייט זיין אויסערוועהלטע פאָלק, ווייל דאדורך וועט ארויסקומען אַ חלול־השם, זיין הייליגער נאָמען וועט געשענדעט ווערען מיט דער שאנדע פון זיין פאָלק, — זאָג איך אייך, דאָס אלע פעלקער וועלען דאן וויסען פיר וואָס עס איז געקומען אויף אייך און אייער לאַנד אַזאַ שטראָפע און גאָטעס נאָמען וועט דערביי ניט ליידען. אָבער דו, אנשטאט צו טראָגען דיין נאַציאָנאַלע מיסיאָן לייכטענדיג ווי אַ גרויסע זון אין דיין אייגענעם לאַנד, וועסטו דאָס ערפיהלען ברענענדיג אין פרעמדע לענדער, צווישען פרעמדע פעלקער.

„און דאן, אין דעם שרעקליכען גלות, וועסטו ווידער זוכען דיין גאָט, וועסט פאָרשען נאָך איהם מיט דיין גאַנצען הארצען, וועסט זיך אומקעהרען צו איהם, וועט ער זיך אומקעהרען צו דיר און וועט דיך אומקעהרען צו דיין לאַנד און ער וועט דיר ווידער אמאָהל גוטעס טאָהן און גליקליך מאכען. און אויך דאָן, אין דעם פינסטערען גלות, זאָלסטו דאָך ניט פערלירען דיין האָפנונג און בטחון, זאָלסט ניט מיינען, אז אלעס איז שוין פערלאָרען איבער דיינע בעגאַנגענע זינדע, זאָלסט ניט גלויבען, אז דו קענסט שוין מעהר ניט אויפלעבען, צוריק דיין לאַנד געווינען, צוריק אנ'עם סגולה ווערען. ניין! דאן זאָלסטו ווענדען דיינע בליקען צוריק צו דיינע ערסטע צייטען, צו דער צייט פון דיין פערשקלאַפונג אין מצרים, ווען דו ביזט געוועזען פערזונקען אין שמוץ און זינד, און דאָך האָט דיין גאָט דיך ארויסגענומען מיט וואונדער פון דאָרט און האָט דיך געמאכט פיר אַ גרויסעס פאָלק, פיר אנ'עם סגולה. דאן זאָלסטו וויסען, אז דו האָסט אן אל רחום וחנון, וועלכער וועט דיך ניט פערלאָזען, וועט דיר העלפען ווען דו וועסט זיך צו איהם ווענדען און וועסט זיך נעהמען פיר דיין נאַציאָנאַלע ארבייט מיט דיין גאַנצען האַרצען.

„זעהע, איך לעג פיר דיר יעצט פאָר זעגען און פלוך, גליק און אונגליק, לעבען און טויט. אָה, מיין פאָלק, ערוועהל־זשע דאָך דאָס לעבען, דאָס אייביגעס לעבען פיר דיר און דיינע קינדער. ווייל דאָס, דיזע געזעטצע און דיזעם לאַנד — זענען דיין לעבען און דיין אייביגע עקזיסטענץ (דאָרט).[42]

דאָס איז משה'ס צוואה צו זיין פאָלק.

---

## משה'ס לעצטער מאָמענט.

עס קומען משה'ס לעצטע מינוטען.

משה מאכט זיך פערטיג צו פערלאָזען דיזע וועלט.

משה זעלבסט לאָזט איבער נאָך זיך זיין אייגענעם טיטול, אנשטאט אנ'אויפשריפט אויף זיין מצבה:

„ווען איהר וועט אריינקומען אין לאַנד — זאָגט ער צו זיין פאָלק. — יאָלט איהר מיך און מיינע ביינער דערמאָהנען און זאָגען: וועה איז צו

---

42) דאָס איז ווירקליך אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג, וואָס זאָגאָר יעצט, אז די אידען, וועלכע זענען צוגעבונדען אפילו בלויז מיט זייערע געדאַנקען אין האָפנונגען צו ארץ־ישראל, שטעלען צוזאמען דאָס אידישע נאַציאָן און האַלטען אויף איהר עקזיסטענץ און יענע אידען וועלכע האָבען זיך ענטזאָגט פון ארץ ישראל, ווערען פערלאָרען אלס אידען. דאָס ענטזאַגען זיך פון אידיישען לאַנד איז אַ ריכטיגער סימן אז ביי יענעם מאָן אין דער יודענטהום אָבגעשטאָרבען.

בן־עמרם, וואָס איז געלאָפּען פיר אונז ווי א פערד און זיינע ביינער וואַלגע־רען זיך אין דעם מדבר". (רבה ז. יא.)

גאָט זעלבסט טרויערט, ווען עס קומען משה'ס לעצטע מינוטען": ווער וועט יעצט בעטען פיר מיינע קינדער, ווער וועט איינשטילען מיין כעס אויף זיי, ווער וועט זיי רעטען פון מיין צאָרען!

„גאָט שיקט זיינע גרעסטע מלאכים, גבריאל און מיכאל, צו ברענגען משה'ס נשמה. אָבער זיי ענטזאָגען זיך, זיי וואָגען ניט, זיי בעטען זיך ביים שעפער, דאָס ער זאָל זיי בעפרייען פון אזא ניט אנגענעהמע שליחות, זיי קאָנען ניט צוזעהן דעם טויט פון דעם אָבערמענש.

„נור איין סמאל, דער אייביגער מענשען פיינד, רעכענט זיך פיר דעם גרעסטען כבוד צו בעקומען משה'ס גרויסע נשמה און מיט שמחה נעמט ער אָן די בייזע שליחות.

„אָבער סמאל טרעפט משה'ן שרייבענדיג אין א מגלה דעם שם המפרש, גאָטעס אייביגען נאָמען פיר די אייביגע דורות; משה שיינט ווי די זון און זעהט אויס ווי א מלאך. און סמאל ווערט פערציטערט און וואַגט ניט צו בעריהרען איהם.

„משה וויל פון דער וועלט ניט אוועקגעהן, ער וויל זיין פאָלק ניט פער־לאָזען און ער טענה'ט זיך אויס מיט'ן מלאך־המות; איך דאַרף לעבען גלייך מיט די הימלען, ווארום איך בין העכער פון זיי, איך לויב גאָט, איך דער־צעהל זיינע ווערקע, זיינע וואונדער פיעל מעהר פון זיי; איך בעזיטץ לעבענס־קראַפט מעהר פון אלע לעבעדיגע אויף דער וועלט, דען ווען איך בין נור דריי יאָהר אלט געווען, בין איך שוין בעזעסען די קראַפט פון נבואה, און זיינענדיג אכטציג יאָהר אלט, האָב איך ענטקרוינט קעניגע, בעפרייט דעם אייביגען פאָלק, אויסגעטראָטען א וועג אין די הימלען, בעזיעגט מלאכים און ענטדעקט זייערע סודות צו מענשען, בעקומען פון גאָט א תורה און זי גע־לערענט מיט דעם פאָלק ישראל, איך האָב געגעבען אייביגע לעבענס־געזעטצע צו די שטערבענדע, אייביגקייט צו דער מענשהייט. איך גיב דיר ניט מיין נשמה. פאַרטה פון מיר!

„סמאל געהט אוועק א פערציטערטער און קומט צוריק מיט גאָטעס שטרענגען בעפעהל צו ברענגען משה'ס נשמה. אָבער משה הויבט דאַן אויף גאָטעס געטליכען שטעקען אויף סמאל און מיט א שטראַהל פון זיינע ליכטיגע אויגען מאכט ער בלינד דעם מלאך המות.

„דאַן קומט גאָט זעלבסט מיט זיינע מלאכים און איז זיך מתעסק מיט משה'ן. גאָט זעלבסט פערמאכט משה'ס אויגען, גאָט זעלבסט פערלעגט משה'ן די הענד אויף'ן הארצען און גאָט זעלבסט עמפּפאַנגט משה'ס נשמה, וועלכע וויל זיך ניט שיידען פון דעם הייליגען קערפּער, מיט א קוס...

„און דער רוח הקודש, די הימעל און ערד, די מלאכים און דאָס פאָלק ישראל וויינען און קלאָגען נאָך משה'ן!

„ניטאָ מעהר נאָך אזא נביא, ווי משה, ניטאָ נאָך אזא מאן ווי משה, ניטאָ נאָך אזא צדיק ווי משה!

„דאָס פאָלק ישראל גלויבט ניט אז משה האָט געקענט שטאַרבען. אָבער די מלאכי־השרות טראָגען איהם ארום אין זיין מטה איבער די קעפּ פון די אידען.

„משה'ס קבר איז אויף'ן גרענעץ, צווישען אידישען לאַנד און דאָס לאַנד־מואב. צווישען דעם צופּוילטען קולט פון מואב און דער לעבענס־ציוויליזאציאָן פון ישראל ליעגט — משה.

„און וואו עס איז דאָ בעל־פעור, שמוציגער קולט פון געטצענדיענערייע צופּוילטע, אונגערעכטע, פערצעהרענדע ציוויליזאציאָן, דאָרט איז משה ענט־געגען...

„קיינער וויים ניט משה'ס קבר. נור וואו איהר געהט און וואו איהר שטעהט שטעלט ער זיך פאַר פיר אייערע אויגען און אפּעליערט צו אייער־געוויסען. (סוטה יג. יד.).

„ולא קם כמשה עוד נביא". (ברכה.)

גרוים איז דער דור וואָס האָט געלעבט מיט משה'ן, גרוים איז דער דור וואָס לעבט לויט משה'ן, גרוים איז דאָס פאָלק, וואָס האָט געהאט משה'ן, גליקליך איז דאָס פאָלק, ווען עס פאָלגט נאָך משה'ן, גליקליך און ערהאבען וועט זיין דאָס מענשהייט, ווען עס וועט נאָכפאָלגען משה'ן.

ע נ ד ע .

ניסן, תר"ע, קליבלנד, א.



# עפּילאָג.

גפן ממצריו תסיע (תל.). למה נמשלו ישראל לגפן ? אלא מה הגפן כשבעליה מבקשים שתשביח. מה הם עושים ? עוקרים אותה ממקומה ושותלים אותה במקום אחר והיא משבחת כך ישראל... (רבה, שמות, מד.).

בעטראַכטענדיג די לעצטע עפּאָכע, דעם געגענוועַרטיגען דור, דער־זעהען מיר אַ העכסט זאָנדערבאַרע ערשיינונג. דער דור איז העכסט מאַטע־ריאַליסטיש, רעאַליסטיש אין זיינע טהאַטען, בעוועגונגען, האַנדלונגען א. ז. וו., אָבער אין דער לופט פיהלט זיך ווי עס זאָל אַרומשוועבען עטוואָס אונבע־גרייפליכעס, גייסטיגעס, מיסטישעס. דער מענש אין אַלע זיינע פונקציאָנען איז העכסט פּראַקטיש, וואַכענדיג, אָבער זיין גייסט האַלט עפּיס אין איין זוכענים, שוועבט אַרום אין עולם הדמיון, אין אַ מין גייסטער־וועלט. עס פיהלט זיך עפּיס אַ מין בענקענים נאָך עטוואָס אונבעגרייפליכעס, אַ מין ערוואַרטענעס. דאָס מענשהייט קען כמעט זיך צופרידענשטעלען מיט די דערגרייכטע רעזולטאַטען אין דעם ראַיאָן פון וויסענשאַפט, קונסט טעכניקע, מעכאַניקע א. ז. וו. אַ גרויסע שטיק נאַטור איז שוין דורך דער מענשהייט בעזיעגט. די הויפּט קרעפטען פון דער נאַטור, פיר וועלכע דער מענש האָט אַ מאָהל געציטערט, זיך געקניהט און געבוקט פערגעטערט און געדיענט, זענען יעצט געהאָרכזאַמע קנעכט ביים מענשען און אַרבייטען אונטערטעניג פיר איהם. דער מענש פליהט אין הימעל, שווימט אונטער׳ן וואַסער, דרינגט אַריין אין די געדרען פון דער ערד, רעדט, הערט און קען זעהן פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען. ער וואָגט שוין זאָגאַר צו צוקומען מיט דעם „עץ הדעת“ צום „עץ החיים“. מען רעדט שוין פון דאָס מעגליכקייט צו פערלענגערען דעם מענשענס יאָהרען, צו בענייהען דעם קערפּער, צו מאַכען פון אַלט יונג, די נביאות פון אונזערע נביאים מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, זיינען שוין אויפן וועג צו זייער נאָהנטער פערווירקליכונג. די דערגרייכטע רעזולטאַטען זענען יעצט שוין אימשטאַנד צו גליקליך מאַכען אַלע מענשען. נאָך די רייכטהימע און מעגליכקייטען, וואָס די מענשהייט פערמאָגט שוין היינט איז אונמעגליך, דאָס מענשען זאָלען ליידען הונגער, דאַרשט, געהן אָבגע־ריסען, ליידען קעלט, אויסצעהרונג, איבעראַרבייטונג, זאָלען האָבען אורזאַ־כען צו בעגעהן עקאָנאָמישע פערברעכענס איינער געגען דעם צווייטען א. ז. וו. און דאָך זענען מענשען ניט פיעל גליקליכער און ליידען ניט פיעל ווע־ניגער ווי אַ מאָהל.

פון וואַנען נעהמט זיך דאָס? וואָס איז די אורזאַכע פון דיזען אונלאָ־גישען רעזולטאַט ? וואָרום געהט ניט דער פּראָגרעס פון מענשליכען וואָהל־בעפינדונג האַנד אין האַנד מיט דעם פּראָגרעס פון וויסענשאַפט און ענטדע־קונגען ? אין וואָס בעשטעהט דען אונזער יעצטיגע, זאָ בעריהמערישע צי־וויליזאַציאָן ? וואָס זענען די אורזאַכען פון די ליידען פון דעם היינטיגען מענשען ?

פונקט ווי אַ מאָהל מיט הונדערטע און טויזענדע יאָהרען צוריק, ליידען יעצט מענשען פון מענשען. דאָס מענשהייט ליידעט פון זיך זעלבסט. ווי נור דאָס מענשהייט האָט די אויגען געעפענט האָט איין ברודער דעם צווייטען דער׳הרג׳ט און ביז יעצט האָט דאָס מענשהייט ניט אויפגעהערט צו פּראַק־טיצירען דיזען ברודער־מאָרד. דעם מענשענס געוויסען און כאַראַקטער האָ־בען ניט פּראָגרעסירט אין דער זעלבער פּראָפּאָרציאָן, ווי עס האָט פּראָגרע־סירט די וויסענשאַפט און נאַטור־בעזיעגונג. און דעריבער, כל זמן דאָס מענש־

הייט האָט ניט אָבגעשאַפט דיזען ברודער־מאָרד, קען עס ניט צוריק קומען אין גן־עדן, ווען עס זאָל אפילו עררייכען דעם עץ־החיים.

און דיזער ברודער־מאָרד עקזיסטירט נאָך דאָך אין דער מענשהייט; און צוואר אונטער נייער פאָרמען, אָבער דאָך מיט די זעלבע מאָטיווען. עס עקזיסטירט אין געזעלשאפטליכען, פאָליטישען און אונטערנאציאָנאַלען לעבען.

וואָס איז די הויבט אורזאכע דאפון?

אונגערעכטיגקייט!

וואָס איז דער הויבט — סטימול?

עגאָאיזם!

זאָל מען אָבשאַפען עגאָאיזם?

ניין! דאָס איז אונמעגליך און ניט נעטהיג. עגאָיזם דאַרף בלויז רע־גולירט ווערען דורך גערעכטיגקייט.

אָבער ווי אַזוי שאַפט מען גערעכטיגקייט צווישען מענשען?

מיט דיזער פראגע האָט זיך דאָס מענשהייט בעשעפטיגט אין אלע צייטען, כמעט פון דעם ערשטען טאָג פון זיין עקזיסטענץ. פערשיעדענע דורות, פערשיעדענע מענשען פון פערשיעדענע צייטען האָבען אויף אלערליי וועגען און מעטהאָדען געזוכט צו פערענטפערען דיזע פראגע. מען קען זאָגען, אַז דאָס מענשהייט האָלט אימער אין איין עקספּערימענטירען פערשיעדענע מיטלען געגען דיזען מענשהייטס־פעהלער. דאָס שטרעבונג צו היילען דיזען פעהלער האָט געשאַפען טהעאָריעס און לעבענס־אַרטען, אָנפאַנגענדיג מיט רעליגיאָן, מאָראַל און געזעלשאפטליכע געזעצע און ענדיגענדיג מיט אנאַר־כיזם און פערשיעדענע פערזוכע צו אומקעהרען זיך צום לעבען פון די ערשטע נאַטור־מענשען, צו ענטלויפען פון דער יעצטיגער געזעלשאַפט.

---

רעליגיאָנס־געשיכטע לערנט אונז, דאָס דער אָנפאַנג פון רעליגיאָן נעהמט זיך פון דער מורא פון די ערסטע מענשען פיר די גרויזאמע נאַטור־ערשיינונגען. מיר שיינט, דאָס רעליגיאָן שטאַמט גיכער פון מורא פיר מענשען.

די מורא פיר דער נאטור האָט בלויז געקענט שאַפען געטצענדינעריי מיט אלע איהרע העסליכע ריטואלע פאָרמען. אָבער רעליגיאָן מיט איהר מאָראַל און לעהרע האָט נעקענט געבאָרען ווערען בלויז אויפ'ן באָדען פון מענשליכע פערהעלטניסע. די מורא פיר דער נאַטור האָט אַרויסגערופען די פּרימיטיווע אינסטינקטען פון רעליגיעזען געפיהל, די מורא פיר מענשען — די העכערע געפיהלען.

קין דער געטצענדיענער וויל יוצא זיין פיר זיין נאָט מיט אביסעל גרינס, וועלכע ער בעקומט פון דער ערד מיט דעם שווייס פון זיין נעזיכט, ווייל זיין גאָט גיט איהם ניט אלעס מיט דער פולער האנד. ער פאנגט אָבער אָן צו בעגרייפען דאָס גאָטהייט, די געטליכע מדות, נור נאכהער, ווען ער בעגעהט אַנ'אונרעכט געגען זיין ברודער.

יעקב, זיך געפינענדיג אליין אין דער גרויזאמער נאַטור פון דער וויסטע, ווענדעט זיך צו קיינעם מיט תפלות, נור ער פערבאריקאדירט זיך מיט שטיינער, אום צו בעשיטצען זיך פון חיות. אָבער ווען זיין ברודער עשו נעהט נעגען איהם, דאַן שרייט ער צו גאָט: הצילני נא מיד אחי, מיד עשו (וישׁ.)

אָנפאַנגס לעבען מענשען גאנץ אָדער האלב ווילד. זיי רויבען, דריקען און עסען איינער דעם צווייטען. זיי בענעהען אונרעכטען. מיט דער צייט ווערט געשאַפען אַ געזעלשאַפט, אַ שבט, אַ פאָלק, אַ מלוכה, מיט געוויסע מנהגים, רעגולאַטיוען, געזעטצע אינעם נאָמען פון עפּיס אַ היילינקייט. פערשיעדענע פּריסטער שאַפען פיר זייערע אייגענוטציגע צוועקען נייע הייליגקייטען, נייע מיטהען, אום צו עקספּלואַטירען דאָס פאָלק.

די שעפער און אויספיהרער פון געזעטצע, די פּריסטער און רעגירונגען זענען אָפט זעלבסט פערדאָרבען און זענען די ערסטע צו איבערטרעטען די געזעטצע אָדער זיי שאַפען געזעטצע ווי עס לייענט זיך בעסער פיר זיי. די געזעלשאַפט בענעהט אונרעכטען.

מענשען ענטלויפען דאָן פון דער געזעלשאַפט אין די מדבריות, ווערען אסקעטען, מענשען־פיינדע א. ז. וו. עס וואַקסען ארויס טהעאָריעס, פהילאסאָפישע אידעען. אייניגע גוטע, אנדערע שלעכטע. איינע האָבען אין זיך אביסעל ווערטהפאָלעס, פּראַקטישעס, אנדערע טויגען פיר מלאכים אָדער שדים.

עס קומען רעוואָלוציאָנען. עס ווערען געשאַפען נייע געזעלשאפטען, קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונגען, רעפּובליקען און נייע רעליגיאָנען. אלעס מיט דעם צוועק צו שאפען גערעכטיגקייט.

אָבער אויך אין לענדער מיט די בעסטע רעגיערונגען לעבען מענשען ניט גליקליך. אויך דאָ ווערען בעגאנגען טאָג טעגליך אונרעכטען. ווייל די מענשען פערבלייבען די זעלבע און בעגעהען די זעלבע אונרעכטען. בירגער פערקויפען זייערע שטימען; געזעטצגעבער האנדלען מיט געזעטץ; פּאַרלאַמענטען בעטריגען דאָס פאָלק; רעליגיאָנס־פאַרשטעהער שטעלען זייערע געטער צו זייערע אייגענע דיענסטע און צו די דיענסטע פון די הערשענדע און פּריווילעגירטע, בעפאָהלענדיג די שוואכע צו אונטערשטעלען זייער צווייטע באַק, ווען מען שלאָגט זיי אין איינער און צו אָבגעבען זייערע בערויבער אלעס וואָס זיי האָבען...

עס ענטשטעהט, אלס געגענזאטץ צו די ערשטע, נעהיליסטישער אנארכיזם, וועלכער בעריהמט זיך צו שאפען גערעכטיגקייט, אָבשאפענדיג גאָט און געזעטץ, זיטליכקייט און מאָראל פון דער מענשהייט.

אָבער אַנאַרכיזם, שוין ניט רעדענדיג וועגען זיין אונמעגליכקייט, ווייל ער איגנארירט אין גאנצען די נאטור, דעם כאראקטער און פּסיכאָלאָגיע פון מענשען, איז שוין אין זיינע ערסטע טריט, אלס מיטעל צו זיין פערווירקליכונג, בעגעהט שרעקליכע, אומגעלומפערטע און נוטצלאָזע אונרעכטען, וועלכע צייגען, דאָס ער קען קיין גערעכטיגקייט ניט גאַראַנטירען.

---

פאַרשטעהער פון א געוויסער רעליגיאָן זענען פערדאָרבען. זיי קענען ניט זיין ניט פערדאָרבען, ווען זיי רעפּרעזענטירען א רעליגיאָן, וועלכעס טעהאָריע איז אין גרונד פאלש, שטימט ניט מיט די נאַטורס־געזעצע.) זיי רופען ארויס אין פאָלק אונצופריעדענהייט געגען זיך. די געזעלשאַפט ערוואכט. עס ענטשטעהט א קאמפף ניט בלויז געגען דיזער רעליגיאָן, נור געגען רעליגיאָן אלס אבסטראַקט, אלס אידעע. עס שפּרינגט ארויס א מאָטאָניעדער מיט רעליגיאָן! עס פערשפּרייט זיך אנ'איינגלויבונג, דאָס פיר דעם מענשען איז גענוג זיין געווויסען.

אָבער דער פאַקט, וואָס געוויסע פאַרשטעהער פון א רעליגיאָן זענען פערדאָרבען, אָדער וואָס די טהעאָריע פון דער אָדער יענער רעליגיאָן שטימט ניט מיט אמת, איז דאָך ניט קיין בעוויז, אז עס גיעבט שוין גאָר קיין אמת'ע רעליגיאָן אָדער, אַז רעליגיאָן בכלל איז פאַלש, שעדליך פונקט אַזוי וואָלט זיין ניט רעכט צו בעהויבטען דאָס די וויסענשאַפט איז פאַלש און שעדליך איבער דעם וואָס עס גיעבען מאנכע פערדאָרבענע געלעהרטע אָדער ווייל די אָדער יענע טהעאָריע האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין פאַלש.

אָבער די בעהויבטונג, דאָס פיר מענשען איז גענוג בלויז געוויסען איז אין גרונד פאַלש. די גאַנצע געשיכטע פון דאָס מענשהייט און בעזאָנדערס די לעצטע עפּאָכע זיינען עדות געגען דיזער בעהויפּטונג. די געוויסענס נביאים זעלבסט קענען פיר קיין פאל ניט געבען קיין מיטעל צו שאפען און אנהאלטען געוויסען אין מענשען. די מעשים בכל יום פּאַטשען זיי אין פנים און זאָגען, אז דאָס איז ניט אמת. כי יצר לב האדם רע מנעוריו (בראשית). אין דעם מענשען לעבען שלעכטע געדאנקען און געפיהלען פון זיין געבורט, פון דער נאטור. געפיהלען זענען אין דער נאטור שטארקער פון רעזאָן, פון פערשטאַנד. דאָס וואָס מיר רופען געוויסען — דער געפיהל פון עהרליכקייט. איז אַן אונז פיר זיך ניט שטארקער פון די אנדערע ליידענשאַפטליכע געפיהלען און שלעכטע נייגונגען, וואָס געפינען זיך אין דעם מענשען. בעזאָנדערס ווען זיי האָבען זיך שוין צו א געוויסען גראַד ענטוויקעלט. די רעגע־

סאָנס עפּאָכע האָט געשאַפען די רעליגיאָן פון געוויסען אין מענשען. אָבער די פאַקטען פון לעבען האָבען עס אין גאַנצען אָבגעלייקענט. דען קיין בילדונג, ציוויליזאַציאָן אָדער וויסענשאַפט שאַפען געוויסען אין מענשען. איהר געפינט — און טאַקי גאָר אין אַ גרויסען פּראָצענט, — געוויסענסלאָזע מענשען אונטער די העכסט געבילדעטע, ציוויליזירטעסטע און וויסענשאַפטליכסטע און אונטער אַלע קלאַסען און שטאַפּלען פון געזעלשאַפטליכען לייטער. אונטער אָרעמע ווי אונטער רייכע, אונטער אַרבייטער ווי אונטער בורזשועס, אונטער סאָציאַליסטישע פיהרערס, ווי אונטער קאַפּיטאַליסטישע א. ז. וו.. ווען דיזע בעהויפּטונג וועגען געוויסען וואָלט זיין אַ ריכטיגע, וואָלט קיין פּלאַץ געווען פיר אַזוי פיעל קאַמפּף אין דער געזעלשאַפט. ווארום עס וואָלט ניט געקומען צו אונעהרליכע בעהאַנדלונג, אָדער דער געוויסען וואָלט געפיהרט צו עהרליכע ענטשיידונג פון די קאַמפּפס־פּראָבלעמען.

געוויסען ! ווי אָפט שטעהט דער געוויסענסהאַפטער מאַן פיר אַ שווערען געוויסענס־פּראָבלעם און ווייס ניט אויף וואָס זיך צו בעשליסען, ווער קען זיך בעריהמען מיט אַ פאַלשטענדיג ריינעם געוויסען ! „ווער קען בעהויפּטען : איך האָב קלאָהר געמאַכט מיין האַרץ, איך בין ריין !" ווי אָפט דוכט זיך דעם מענשען דאָס ער געהט מיט אַ ריינעם געוויסען אויף אַ גלייכען וועג און אַמענדע, שפּעטער, מאַנכעס מאָהל צו שפּעט, זעהט ער זיך אַרום, אַז ער האָט פערבלאָנדזשעט, אַז ער איז געגאַנגען מיט אַ וועג וואָס פיהרט צום טוידט. דער וועג פון געוויסען איז פיליכט איינער, אָבער ווי עהנליך צו דיעזען וועג זיינען די אונצעהליגע וועגען און שטעגען, וואָס פיהרען פון דעם געוויסענס־וועג, ווי גלאַט און פערדרעהט זיי זיינען, ווי לייכט עס איז צו פערבלאָנדזשען אין זיי !

אין דער וואַרהייט איז דעם מענשענס געוויסען זעלבסט אַזוי שוואַך, דאָס ער איז ניט אימשטאַנד צו אָבהאַלטען זיך פון אַזעלכע זאַכען, וועלכע ער ווייס זיכער, דאָס זיי זיינען פיר איהם שעדליך פון היגיעניסען אָדער מאָראַלישען שטאַנדפּונקט, וועהרענד דער אויפריכטיג רעליגיעזער מענש האַלט זיך פון זיי יאָ אָב.

מען דערצעהלט — איך גאַראַנטיר ניט פיר דאָס וואַרהייט, אָבער עס איז כאַראַקטעריסטיש — דאָס אַ געוויסער פּראָפעסאָר, וואָס האָט ענטדעקט אַ סאָרט פיבער־באַצילען אין אויסטערס (אוסטריצעס, אַ מין שרץ אין זשאַבעשיסעליך) און האָט אָנגעשריעבען אַ גאַנצען בוך איבער דאָס שעדליכקייט פון דיזען שרץ, איז זעלבסט, ניט קענענדיג איינהאַלטען זיך פון צו עסען זיי, געשטאָרבען פון די זעלבע אויסטער־באַצילען.

אַזעלכע סאָרטען פאַקטען, און גראַדע אמת'ע, בעשטעטיגטע קען מען ברענגען אין די טויזענדע. נעהמט צום ב. ש. אַלקאָהאָל, טאַבאַק, אָפּיום, פערשיעדענע עקסצעסען און נאָך פיעלע אַזעלכע זאַכען, וועלכעס שעדליכקייט מענשען ווייסען און דאָך טוהען זיי עס. עס גיעבען פערזאָנען, וואָס זענען ניט שולט אויף זיך, טראָגט די וואַרנונג פון זייער אַרצט, גוטע פריינד אָדער זייער געוויסען.

---

סאָציאַליזם בעריהמט זיך, אַז ער וועט ברענגען די גאולה פון גערעכטיגקייט אויף דער וועלט, אַז זיין דריטע קלאַסע איז די פּראָגרעסיוועסטע און גערעכטיגסטע, ד. ה. די עהרליכסטע.

איך בין פּרינציפּיעל ניט געגען די גרונדס־פּרינציפּען פון סאָציאַליזם, וועלכע זענען אויך די פּרינציפּען פון תורת־משה און תלמוד. איך ערלויב זיך אָבער שטאַרק צו צווייפלען אין דעם אמת פון דער סאָציאַליסטישער בעהויפּטונג. ווייל זאָל דאָס זיין אמת, וואָלט ער שוין יעצט געווען פיעל נעהענטער צו זיין פערווירקליכונג ווי ער איז. ווייל דאַן וואָלט ער ניט געהאַט אַזוי פיעל פעררעטהער און צושטערער, מהרסים און מחריבים אין זיין איינענער מיטע עס וואָלט ניט געווען אַזא גרויסער צאָהל סקעבס און סטרייק־ברעכערס (פאַלים־לייטע זענען אויך פון דער דריטער קלאַסע) ביי יעדען סטרייק ; עס וואָלטען ניט געווען אַזא גרויסע צאָהל אַרבייטער, וואָס

פערקויפען זייערע שטימען פיר א דאָלאַר, ארבייטער־פיהרערס, וואָס פערקויפען די אינטערעסען פון זייערע פאַסטוועס, סאָציאַליסטען, וואָס ווערען די ערגסטע דעספּאָטען און אויסוואורפען, ווען זיי ווערען קאַפּיטאַליסטען, און זאָ ווייטער. דאָס פערהאַלטונג פון דער אָרגאַניזירטער ארבייטער־פּאַרטיי אין אַלע עמיגראַציאָנס־לענדער צו דער אימיגראַציאָנס־פראַגע, צייגט קלאָהר, וואָס פיר א ראָליע עס שפּיעלט ביי זיי דער אַבסטראַקטער געוויסענס־פּרינציפּ פון גערעכטיגקייט און אונטערנאַציאָנאַלע ברידערליכקייט.

און אייגענטליך האָט דאָס גאָר אנדערש ניט געקענט זיין. ווייל דיזע צערשטערונג ליעגט אין דעם גייסט און לעהרע פון דעם יעצטיגען סאָציאַליזם. דאָס איז א פאָלגע פון זיין אייגענער טאַקטיק און טהעאָריע. ווייל דער סאָציאַליזם, אָבוואָהל גערעכט אין פּרינציפּ, אָבער אין זיין טאַקטיק, אין זיינע מיטלען און וועגען, איז ער, אָדער, בעסער געזאָגט, זיינע טרעגער, ווייט, ווייט פון אמת און גערעכטיגקייט. ווייל דער באַזיס אויף וועלכען זיי האָבען זיך געשטעלט איז א פאַלשער און נאָך זיין כאַראַקטער מוז ער פיהרען צו דעמאָראַליזאַציאָן און אונרעכט. ווייל דער יעצטיגער סאָציאַליזם האָט זיך אין גאַנצען פונדאַמענטירט אויף דעם הוילען מאַטעריאַליזם און לאָזט אוים גאַנצע טהיילען פון דער מענשליכער פּסיכאָלאָגיע, ער מיידעט אוים דעם מענשענס נשמה, ער איגנאָרירט אַלע פאַקטאָרען פון מענשליכער גערעכטיגקייט. אום צו זיין א סאָציאַליסט פאָדערט זיך ניט קיין מאָראַל, קיין געוויסענהאַפטיגקייט אויסער קלאַסען־בעוואוסטזיין, האַס צום בורזשואַ, צו אַלעם וואָס איז אויסער די אינטערעסען פון זייער קלאַסע און קאַמפּף געגען זיי. די מעהרסטע סאָציאַלע שוהלעס גלויבען ניט אין מענשליכען געוויסען פּרינציפּיעל, האָפען ניט אויף דעם זיעג פון גערעכטיגקייט, גלויבען ניט אין דער עוואָלוציאָנער ענטוויקלונג פון געוויסען, נור זיי זוכען צו ברענגען זייער גערעכטיגקייט דורך מאַכט און קראַפט, דורך קאַמפּף, ווען זיי וועלען ווערען די שטאַרקערע, ד. ה. די זעלבע מיטלען פון זייערע געגנער. און ווי אַזוי קענען זיי פּרעטענדירען אויף פאָרטשריט און אָנערקענונג אַלס די פּראָגרעסיווסטע?

וועהרענד דאָס יודענטהום בעזאָרגט זיך פיר דעם ארבייטער, שאַפט פיר איהם ספּעציעלע געזעצע, בעפרייט איהם זאָגאַר פון געוויסע רעליגיעזע פליכטען אין דער צייט פון ארבייט און זוכט צו פערווירקליכען דעם סאָציאַלען פּרינציפּ אין נאָמען פון גערעכטיגקייט און אמת, אַפּעלירט יעצט דער סאָציאַליזם בלויז צו די גראָבע אינסטינקטען פון מאַטעריעלע אינטערעסען, און האַלט אויף זיינע מאַסען אין נאָמען פון א בעסערע ביסעל לינדזען. וועהרענד דאָס יודענטהום האָט בלויז איין מאָס פון גערעכטיגקייט פיר אַלע קלאַסען פון געזעלשאַפט, און דעריבער חנפה'ט ער ניט און שעהנט ניט דעם אָרימאַן־ארבייטער אין זיין משפט מיט דעם רייכען, בלויז ווייל ער איז אַן אָרימאַן, איין ארבייטער, האָט דער יעצטיגער סאָציאַליזם צוויי פערשיעדענע מאָסען פון גערעכטיגקייט: איינע פיר זיך און פיר די אַנדערע — אַן אַנדערע. פיר איהם עקזיסטירען ניט קיינע אנדערע פראַגען, אויסער די מאַטעריאַל־עקאָנאָמישע פון זיין קלאַסע; פיר איהם זיינען ניטאָ קיינע אַנדערע פערפאָלגטע און אונטערדריקטע, אויסער זיינע ארבייטער, פיר איהם עקזיסטירען ניט קיינע אנדערע ליידען אויסער די מאַטעריעלע ליידען פון זיינע גענאָסען, און צו די ליידען פון אנדערע געזעלשאַפטליכע טהיילען, זאָגאַר פון זיין אייגענער קלאַסע, נור וואָס טראָגען ניט קיין ספּעציפישען סאָציאַלען כאַראַקטער, ווי צב"ש נאַציאָנאַלע ליידען, איז ער טויב און שטום, אינפיהלבאר אָדער ער איז בכיון מסרם אין זיך דעם געפיהל פון גערעכטען פּראָטעסט געגען אַזעלכע אונרעכטען. דער יודענטהום זוכט צו בעשיצען און פערבעסערען די לאַגע פון יעדען איינעם אין נאָמען פון גערעכטיגקייט, און דער יעצטיגער סאָציאַליזם פאָדערט גערעכטיגקייט אום צו פערבעכערען די לאַגע פון די ז י י נ י ג ע. נאָך מעהר, ער זעלבסט אונטערשטיצט פיעלעס אַזעלכעס, וואָס איז אין גרונד אונרעכט. ווייל מאָראַלישער, זיטליכער אונרעכט איז ניט קלענער פון סאָציאַלען און פּאָליטישען; ווייל, צב"ש, אוועס־

געהמען יענעמס פרוי אָדער מאַן אָדער צערשטערען אייגענעם פאַמיליען־לעבען איז עבען־זאָ אונרעכט און פיהרט מענשען צו אונגליק. און דעריבער איז עס גאַנץ נאַטירליך, וואָס פון זיין אייגענער קאַסטע רייסען זיך ארוים אַזעלכע, וואָס טהוען אַלעס געגען דעם וואָס איז נויטהיג פאַר איהם, ווען זיי קענען פערבעסערען זייער לאַגע אויף אַן אַנדער אופן. און דעריבער קען ד ע ר סאָציאַליזם ניט גאַראַנטירען, דאָס זיין צוקונפטיגע געזעלשאַפט וועט זיין אין גאַנצען אַ גערעכטע, דאָס, צו"בש.: די שטאַרקע וועלען זיך ניט בעפרייען פון פליכטען אין ארבייט אויף דעם רעכנונג פון די שוואַכע א. ד. ג.

בלויז דער יודענטהום, נאָך מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, האָט גע־קענט פערשפּרעכען אַ גערעכטע, גליקליכע געזעלשאַפט אין דער צוקונפט, ווייל זיין פּראָגראַם, זיינע מעטהאָדען זיינען גערעכטיגקייט און עהרליכקייט.

---

נאַציאָנען אונטערדריקען, בעגעהען אונרעכטען געגען אַנדערע. עס קומט קאָסמאָפּאָליטיזם און שלאָגט פאָר זיין מיטעל: צו מאַכען אוים נאַציאָנען. דאָס איז פונקט די זעלבע לאָגיק ווי צו זאָגען: מענשען בעגעהען אונרעכטען געגען מענשען; אַלזאָ, זאָל מען מאַכען אוים מענשען, אָדער מאַכען פון אַלע מענשען איין מענש, פון אַלע סאָרטען געוויקסע אָדער חיות — איין סאָרט, פון אַלע קאָלירען — איין קאָליר....

דער אידישער נביא פערענטפערט די זעלבע פראַגע פיעל איינפאַכער און לאָגישער: דער וואָלף זאָל פערבלייבען אַ וואָלף און די שאָף — אַ שאָף, נאָר דער וואָלף מיט דער שאָף זאָלען לעבען אין פריעדען. ד אָ ס ו ו י ס ע נ ש א פ ט ד ע ם ג אָ ט ע ס דאַרף בעזאָרגען פאַר יעדען זיינע בעדירפניסע.

יעדעס פאָלק בעזיצט געוויסע אינדיווידועלע, פערשיעדענע פון אַנדערע פעלקער, אייגענשאַפטען. פעלקער קענען אַלזאָ ניט ווערען איינקאָלירדיגע מאַסע, ווייל דאָס איז אונמעגליך, געגען דער נאַטור. ווייל ווען מען זאָל זאָגאַר צו"בש איין מאָל אויסמישען אַלע פעלקער צוזאַמען, וואָלטען באַלד, נאַטירליכער ווייזע, אָנגעפאַנגען צו בילדען זיך נייע פעלקער. פעלקער דאַרפען ניט אָבגעשאַפט ווערען, ווייל דאָס מענשהייט וואָלט דאַביי זעהר פיעל פערלאָרען. וואָס דען זאָל מען טהאָן אום צו אָבשאַפען דעם פעלקער־אונרעכט, דעם אינטערנאַציאָנאַלען ברודער־מאָרד ?

— ו ג ר ז א ב ע ם כ ב ש. זאָלען נאַציאָנען לעבען פריעדליך. זאָל געשאַפען ווערען גערעכטיגקייט און עהרליכקייט צווישען פעלקער פונקט ווי צווישען מענשען. זאָל יעדער נאַציאָן געגעבען ווערען דאָס מעגליכקייט פון נאַטירליכער ענטוויקלונג אויף איהר נאַטירליכען פלאַץ.

---

פון דיעזעם אַלעם, וואָס איז דאָ ארויסגעזאָגט געוואָרען, איז צו זעהן: 1) דאָס אַלע פילאָסאָפישע, רעליגיעזע, מאָראַלע, סאָציאַלע און פּאָליטישע סיסטעמען, וואָס זיינען געשאַפען זינד דאָס מענשהייט האָט אָנגעפאַנגען צו דענקען ביז היינט, האָבען בלויז איין צוועק: צו איינצאַמען דעם מענ־שען, צו אָבשאַפען אונרעכט און צו שאַפען גערעכטיגקייט צווישען מענשען. 2) דאָס די אַלע סיסטעמען צייגען זיך ארוים ניט ווירקזאַם, בלויז איבער איין אורזאַכע: איבער דעם וואָס מענשען פעהלט עהרליכקייט. 3) דאָס דער געפיהל פון גערעכטיגקייט, די נאַטירליכע עהרליכקייט, דאָס וואָס מען רופט ג ע װ י ס ע ן, איז ניט גענוג צו האַלטען דעם מענשען אין די גרענעצען פון גערעכטיגקייט. ווייל דער געוויסען מוז אויך האָבען אַ געוויסען אָנהאַלט, אַן אורשפּרונג, אַן ע ט װ אָ ס, וואָס זאָל איהם אימער האַלטען װ אַ ך און קרעפטיג.

אָבער וואָס איז דיעזעס עטוואָס?

אַן ענטפער אויף דיזער פראַגע האָט געזוכט משה רבנו און האָט איהם געפונען אין מדבר, ביים ס נ ה. דיזען ענטפער זעהן מיר מיט אונ־זערע אויגען אין לעבען און צו דיזען ענטפער קומט צו און מוז צוקומען דאָס גאַנצע מענשהייט.

דיזער ענטפער איז . . . . .
מיר וועלען דיזען ענטפער אילוסטרירען.

---

פיר אונזערע אויגען עקזיסטירט צייט יאָהר־טויזענדע אַן אויסערגע־וועהנליכער וואונדער, כמעט אַן איבערנאַטירליכקייט.

עס לעבט אַ אידישעס פאָלק אין אַזעלכע אומשטענדען, וועלכע קיין אנדער פאָלק האָט ניט געקענט איבערלעבען. און ניט נור עס לעבט, נור עס האָט איינגעהאַלטען זיין אייגענאַרטיגע קולטור און איז פערבליבען אויף דער העכסטער שטופע פון מאָראַל און זיטליכקייט, אין דער צייט, ווען אנדערע פעלקער ,אין פיעל בעסערע לעבענס־בעדינגונגען ,זיינען גענצליך געוואָרען פערדאָרבען, פערבארבאַרט, פערלאָרען זייער פהיזיאָנאָמיע און פער־שוואונדען.*)

ערלערנענדיג די געשיכטע און בעטראַכטענדיג דעם לעבען פון דיזען פאָלק בעמערקען מיר נאָך איין מערקווירדיגע זאַך: זיין מאָראַלישער און זיטליכער צושטאַנד שטעהט ניט אימער אויף דער זעלבער הויך, נור עס וויעגט זיך אין געוויסע צייטען; אמאָהל ערהויבט עס זיך צום הימעל און אַמאָהל פאַלט עס אַראָב. און דיזעס וויגען זיך איז אימער אָבהענגיג פון איין זאַך: ווען דיזעס פאָלק האַלט זיך אָן זיין טראַדיציאָן, ביי זיינע איינ־מאָהל בעשאַפענע געזעצע, ווען ער לעבט מיט זיין אייגענאַרטיגען אַרט לע־בען, דאַן איז ער ערהאָבען אין זיין מאָראַלישער ריינקייט און זיטליכקייט, אין געגענטהייל — פאַלט אויך זיין מאָראַל, ער ווערט ערגער **), אַבוואָהל אין זיינע ערגסטע מאָמענטען פאַלט ער ניט צו אַ שטופע פון צו זיין דער ערגסטער. דען אין אַלע צייטען האָט דאָס אידישע פאָלק געשאַפען אַ פיעל גרעסערע פון אַנדערע פעלקער פּראָפּאָרציאָן גרויסע מענשען, סיי אין וויסענ־שאַפט, סיי אין גייסט, סיי אין מאָראַל א. ז. וו.. דאָס אידישע פאָלק האָט מעהר פון אַנדערע געשאַפען גערעכטיגקייט.

און דאָך, ווען אפילו מיר זאָלען צוגעבען, דאָס דיעזעס פאָלק, אַן און פיר זיך, בעזיצט געוויסע אינטעלעקטועלע אייגענשאַפטען, וועלכע קיין אַנדער פאָלק בעזיצט ניט, דאָס נאַטירליכערוויזע איז אין דעם כאַראַקטער פון דיזען פאָלק איינגעפלאַנצט אַ בעסערער געוויסען, אַ שטאַרקערער געפיהל פון גערעכטיגקייט ***), זעהן מיר דאָך, דאָס זיין געוויסען נעטהיגט זיך און געפינט אַ שטאַרקע אָנשפּאַרונג אין אַ עטוואָס און דאָס דיזער עטוואָס איז זיין געטליך־נאַציאָנאַלע געזעטצגעבונג, זיין תורה. און דיזען עט־וואָס האָט געגעבען משה רבנו:

אָנ'אמת'ן גאָט — ריינע, וואָהרע בעגריפע וועגען גאָטהייט, — אַ ריינע, העכסט מאָראַלישע גאָטעסדיענסט און אייביגע נאַטירליך־גערעכטיגע געזעטצע.

און דאָס אידישע פאָלק מיט זיין גאַנצען עקזיסטענץ האָט די ריכטיג־קייט פון דיזע דריי סטאַטוטען בעוויזען, איבערצייגט.

---

*) בעטראַכטענדיג, ווי מענשען פון נאַציאָנען, וואָס לעבען נאָך פּאָ־ליטיש מעהר אָדער ווייניגער נאָרמאַל, אויף זייער ערד, פערראַטהען זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען איבער קליינגעלד, ווי צב"ש: אין פּערסיען ווערען גאַנצע דערפער און שטעדט רוסישע אונטערטהאַנען, בלויז אום צו בעפרייען זיך פון שטייער צו זייער אייגענער רעגיערונג, מעגען מיר נאָך מיט אונזער פאָלק שטאָלצירען.

**) נאָך ניט לאַנג צוריק, ווען מיר האָבען געפיהרט אונזער אַבגעזונדער־טען, אייגענאַרטיגען, אַבוואָהל ניט נאָרמאַלען לעבען, איז ביי אונז אַ מאָרד, אַ ראָמאַנטישער, מאַטעריעלער אָדער אויס אַנדערע מאָטיווען, געווען אַ גרויסע זעלטענהייט, כמעט ניט בנמצא; יעצט ווערען מיר אויך אין דעם אַלס מעהר און מעהר אויסגעגלייכט מיט די פעלקער, וועמעס לעבען מיר האָבען אָנגענומען.

***) כי מלכי בית ישראל כי מלכי חסד הם (מלאכים א. ב.).

און אין דיזע דריי הויפּט־פּונקטען אונטערשיידעט זיך דער יודענטהום פון אלע אַנדערע טהעאָלאָגישע סיסטעמען.

די אַלטע און פיעלע פון די נייע פעלקער האָבען פערגרייזטע בעגריעפע וועגען גאָטהייט. זיי זיינען געטצענדיענער אין געוועהנליכען זין פון וואָרט. דאָס האָט זיי געמוזט פיהרען צו שלעכטע געזעטצע און שלעכטע זיטען. דאָס גערעכטיגקייט האָט ביי זיי ניט געקענט עקזיסטירען אין א פולע מאָס.

די אַנדערע פעלקער, וועלכע בעריהמען זיך שוין מיט ריינעם גלויבען, איז אויסער וואָס זייערע בעגריעפע וועגען גאָטהייט זיינען גאָר ניט ריין און די בעגריעפע וועגען די געגאַנטע מדותיו של הקב״ה גאָר ניט בעארבייטעט, האָבען זיי ניט אַקצעפּטירט די וועגען פון גאָט. ביי זיי איז די רעליגיאָן ניט א לעבענס־רעגולאַטיוו, נור בלויז א גלויבען. אמת, זיי גלויבען ניט מעהר אין געמאַכטע געטער, אָבער זיי האָבען ניט אָבגעשאַפט די פאָרמען, מיט וועלכע דיזע געטער פלעגען געדיענט ווערען, פון זייער לעבען. ניט אין טעמפּעל, אָבער אין לעבען זיינען דיזע פאָרמען פערבליבען און זיי ווירקען שלעכט אויף דעם מענשליכען געוויסען און שטערען צו שאַפען גערעכטיגקייט. די נייע רעליגיאָנען זענען געבויט אויף גלויבען און אויף טעמפּעל צערעמאָניעס. זיי זיינען גוט צוגעפּאַסט פיר אַן איבערהערשאַפט פון גייסטליכע. אָבער וואָס איז מיט די מענשען אויסער דעם טעמפּעל?

אין געגענטהייל, די אידישע תורה רעדט ווענינ וועגען גלויבען *), אָבער זי גיט געוויסע לעבענס־רעגולאַטיווען און פאָדערט פון מענשען שטרענג צו נאָכפאָלגען זיי. דער יודענטהום איז א געזעטץ פונקט ווי די נאַטור, געגען וועלכער עס העלפט קיין רעזאָנירען.

די וועלטליכע רעכטס־שאַפענדע סיסטעמען, בעזאָנדערס דיזע וועלכע שטיצען זיך אויפ'ן היסטאָרישען־מאַטעריאַליזם, זאָגען: בעשאַפט בעסערע לעבענס־קאָנדיציאָנען, שאַפט אָב די אורזאַכען וואָס שאַפען אונרעכט, דאַן וועט דער מענש בעסער ווערען. אין געגענטהייל דער יודענטהום זאָגט: דער מענש זעלבסט מוז ווערען בעסער, ער מוז די געטליך־נאַטירליכע געזעטצע היטען, דאַן וועלען די שלעכטע קאָנדיציאָנען אַלס א פּראָדוקט פון אונגערעכטיגקייט מוזען אָבגעשאַפט ווערען און גערעכטיגערע קאָנדיציאָנען געשאַפען ווערען. דער אונגערעכטער געפינט אימער אורזאַכען צו טאָהן אונרעכט זאָגאָר אין די בעסטע אומשטענדען. די געשיכטע פון דאָס מענשהייט און די אַלטעגליכע פאַקטען בעשטעטיגען דאָס לעצטע. און אַזוי זעהען מיר דאָס דער מיטעל צו אויפהאַלטען דעם מענשענס געוויסען, צו שאַפען גערעכטיגקייט אין דער מענשהייט, איז אייגענטליך אויסגעפונען און געגעבען געוואָרען דער מענשהייט נאָך מיט דריי טויזענד פינף הונדערט יאָהר צוריק און די אַלע אַרבייטען, די פערשיעדענע רעליגיעזע און וועלטליכע סיסטעמען צו שאַפען א גערעכטע געזעלשאַפט, זיינען בלויז עקספּערימענטען, פּראָבעס צו בעשטעטיגען דאָס גערעכטיגקייט פון דיזען מיטעל, פון תורת משה. די וויסענשאַפטליכע אויספאָרשונגען און ענטדעקונגען בעשטעטיגען נור די געזעצע פון יודענטהום און ציינען, דאָס זיי זיינען נאַטירליך, פונקט ווי די נאַטורגעזעצע. די געטליכע געזעצע מוזען שטימען מיט דער נאַטור **). די געזעטצע, וועלכע שטימען ניט מיט דער נאַטור זיינען ניט געטליך. און אַלס אַזעלכע, אַלס געזעטצע, וועלכע זיינען געבויט לויט די נאַטור־געזעטצע, מוז דאָס מענשהייט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אויב עס וויל אויפהערען צו ליי־

---

*) ואותי עזבו ואת תורתו לא שמרו (ירמיה ט), הלואי אותי עזבו ומצותי שמרו. (ירוש.)

**) פון דיזען שטאַנדפּונקט איז דער אידישער געזעטץ, **עין תחת עין** (משפטים) אפילו אין זיין בוכשטעבליכען זינן, אָהן דעם פירוש פון תלמוד: **עין תחת עין — ממון**, פיעל בערעכטיגטער אַלס נאַטור־געזעטץ, איידער דער קריסטליכער פּרינציפּ: **שטעל אונטער דיין צווייטע באַק; דער וואָס רויבט דיין ראָק, גיב איהם אויך דיין העמד.**

דען און אויב עס וויל ניט סוף כל סוף אונטערגעהן, זיי אָננעהמען *). וואָרום ניט גלויבען אין דיזע געזעטצע, ניט ערפילען זיי, איז פונקט ווי זיט גלויבען, דאָס מענשען קאָנען ניט לעבען אָהן לופט אָדער אז זיי קאָנען פערברענט ווערען אין פייער. און ניט גלויבען אין דאָס געטליכקייט פון דיזע נאַטור־געזעטצע, איז פונקט ווי צו גלויבען אז די נאַטור געזעטצע מיט דעם אונגעהייערען שכל, וואָס ליעגט אין זיי, זיינען בעשאַפען פון זיך זעלבסט, ד. ה. די נאַטור זעלבסט איז איהר אייגענער שעפּפער, וואָס עס מיינט נעטצענטהום אין זיין פרימיטיווער פאָרמע...

און דעריבער זעהען מיר, דאָס תורת משה, וועלכע איז אַזוי אויסגעשפּראָכען וועגען יעדען פאָרם פון געטצענדיענעריי, ווידערהאָלט אַזוי פיעל מאָהל איהרע צוויי פּרינציפּען: וידעת את ה' ויראת מאלקיך. דאָס לעצטע געפינט זיך בעזאָנדערס ביי געזעצע צווישען מענשען (בין אדם לחברו). דאָס מיינט: לערען דיין גאָט, רעספּעקטיר דיין גאָט. די אַלע געזעטצע, סיי די ריטועלע (חקים) און סיי די געזעלשאַפטליכע (משפטים) מוזען אָבגעהיט ווערען, ניט בלויז אַלס פערנונפטס און נאַטור־געזעצע, ניט בלויז פון שטאַנדפּונקט פון אייגעננוטצען, נור אַלס געבאָטע פון גאָט, אַלס מצוות. ווייל נור דאַן איז מעגליך, דאָס דער מענש זאָל זיי פּינקטליך אָבהיטען. דאָס מורא פיר גאָט איז דער אויפהאַלט פון געוויסען.

משה רבנו האָט איבערגעגעבען די תורה צום אידישען פאָלק. משה רבנו האָט אָבער אויך געאַרבייטעט, אום צו בעשאַפען דאָס אידישע פאָלק אַלס א טרויאונגס־ווערטהען און זיכערען פאַהן־טרעגער פון די ערהאַבענע אידעאַלען און געזעצע פון גערעכטיגקייט, אַלס לעבענדיגער פאַקעל פיר דאָס מענשהייט.

משה האָט אָבער אויך געפאָדערט פון די פעלקער, פון דאָס מענשהייט צו לאָזען דאָס אידישע פאָלק פריי. ווען משה האָט אָנגעפאַנגען צו ארבייטען פיר דאָס אָבשאַפונג פון אונגערעכטיגקייט איז זיין בליק געפאַלען גלייך אויף זיין אייגענער נאַציאָן, וועלכע איז אימער א ציעלברעט פיר דאָס אונגערעכטיגקייט פון דער וועלט. און ער האָט בעשלאָסען צו אָנפאַנגען פון איהם, פון זיין פאָלק זעלבסט. ער האָט אייגגעזעהען, אַז אין דאָס מענשהייט וועט קיין גערעכטיגקייט ניט געשאַפען ווערען, כל זמן עס וועט עקזיסטירען פעלקער־אונרעכט. און משה איז געגאַנגען צו פרעה'ן פאָדערען מענשליכע גערעכטיגקייט פיר זיין פאָלק, צו בעפרייען די אידען. די פעלקער, וואָס זיינען בעגאַנגען אַזאַ אונרעכט געגען דעם אידישען פאָלק, מוזען, אויב זיי ווילען ניט אומקומען אין די נעטצען פון זייער אונגערעכטיגקייט, דיזען אונרעכט אָבשאַפען און לאָזען דאָס אידישע פאָלק זיך בעפרייען.

כל זמן דאָס אונגערעכטיגקייט געגען דאָס אידישע פאָלק וועט עקזיסטירען, וועט אויף דער וועלט קיין גערעכטיגקייט ניט געשאַפען ווערען.

---

*) עס איז גענוג צו דערמאָנען די געזעטצע פון מאָראַל, טמאה וטהרה, מאכלות אסורות, וואָס נור אין דער לעצטער צייט, האָבענדיג די בעסטע מיקראָסקאָפּען און די נייעסטע וויסענשאַפטס־מיטלען, האָט מען אויסגעפונען די קראַנקהייטען, וואָס ווערען פעראורזאַכט דורך אונמאָראַלישען לעבען, די שעדליכע באַצילען פון חזיר, מייז, אויסטערס און אַנדערע שרצים; דאָס וויכטיגקייט פון שחיטה ובדיקה, וואָס פּראָפעסאָר דעמבאָ האָט בעוויזען. פאָלגענדער פאַקט קאָן דיענען אַלס מערקווירדיגע אילוסטראַציע. אין נאָרטה־דאַקאָטאַ סטייט האָט א שוחט געמאַכט טריפה א קוה איבער א סירכה אויפ'ן לונגען. א דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז די קוה איז א געזונדטע. די אַמעריקאַנער רעגיערונג, נאָך א גענויען אונטערזוכונג, האָט געפונען אין די פלייש פון דער קוה באַצילען פון אויסצעהרונג.

זאָגאַר פאָליגאַמיע, איבער וועלכעם געוויסע פּראָגרעסיסטען בעלייdיגען תורת משה, צייגט זיך ארויס, דאָס די ציוויליזירטע פראַנקרייך רעדט גאַנץ ערנסט פון אָננעהמען פאָליגאַמיע אַלס א מיטעל צו פערמעהרען דאָס פאָלק, וועלכע האַלט אין איין דעגענערירען.

כל זמן אידען זיינען אין גלות, וועט קיינער די אידישע תורה ניט אויפ־נעהמען.

אָבער בעפאָר צו פרעה'ן, איז משה געגאַנגען צו זיין אייגענעם פאָלק און האָט זיי אויפגעפאָדערט צו שאַפען גערעכטיגקייט פיר זיך זעלבסט, צו פערלאָזען דעם גלות און דאָס קנעכטשאַפט. און דאָס ערשטע זאַך, די ערשטע מצוה, וואָס ער האָט זיי געהייסען טאָהן, איז געווען: צו בעשפריטצען זייע־רע טיהרען מיט דאָס בלוט פון זייער בעפרייאונגס־קרבן, צו מקריב זיין אַ קרבן פסח, צו ברענגען אָפפערס פיר זייער בעפרייאונגס ווענען און צו ארויסווייזען זייער אידישקייט.

אָהן דיזע צוויי בעדינגונגען, אָהן אָפפערס און אָהנע צו ווערען ריכטיגע אידען, האָבען זיי ניט געקענט גערעטעט ווערען, ניט פון גלות און ניט פון מכת־בכורות, — פון די מצרים'שע און אַלמענשליכע פעסט און פערניכטונג.

דאָס אידישע פאָלק ווערט ניט בעפרייט, כל זמן דער קרבן־פסח ווערט ניט געבראַכט, כל זמן די אידישע טיהר ווערט ניט בעצייכענט אָפען מיט דעם קרבן־בלוט, מיט דעם רעליגיעזען אַקט וואָס קומט פאָר אין הויז, — כל זמן זיי ווערען ניט קיין אמת'ע, שטאָלצע און גוטע אידען.

דער נאַציאָנאַלער געדאַנק, ווערט ניט פערקערפערט, כל זמן ער ווערט ניט אויסגעפילט מיט דעם רעליגיעזען טהייל און דער רעליגיעזער טהייל פערבלייבט אַ טהייל, איז ניט גאַנץ, ניט פאָלקאָס, דװיערלאָז און פונדאַ־מענטלאָז אָהנע די פערווירקליכונג פון דעם נאַציאָנאַלען טהייל, אָהנע דאָס שאַפונג פון לאַנד און זעלבסטשטענדיגקייט. די רעליגיעזע מוזען אַלזאָ אויפ־נעהמען דער נאַציאָנאַלער אידעע אַלס אַ טהייל פון זייער טהעטיגקייט, ווייל זי איז אַ טהייל פון דער אידישער רעליגיאָן און די נאַציאָנאַלע מוזען זיך דערנעהנטערן צום יודענטהום, ווייל אין איהם לעבט די נאַציאָנאַלע אידעע. אויסער איהם איז דער אידישער נאַציאָנאַליזם באָדענלאָז, לעבענסלאָז, ווי אַ גוף אָהן אַ נשמה.

---

און ווירקליך. ווען מיר בעטראַכטען די שטערונגען, וועלכע שטעהען אויפ'ן וועג פון דאָס אידישע ערלעזונג, זעהען מיר איין, דאָס זיי זיינען מעהר אינערליכע אַלס אויסערליכע, מעהר פון אידען זעלבסט, אַלס פון אויסער אידען. וואָרום?

ווייל עס פעהלט אין אונז דאָס, וואָס האָט אונז אימער אויסגעצייכענט פון אַלע אַנדערע, וואָס האָט אונז אימער פיר איין גאַנצען פעסט־צוזאַמען־געפרעסטען, אייגהייטליכען קערפער געמאַכט. עס פעהלט אונז אידישקייט, וואָהרע, ריינע, שטאָלצע אידישקייט.

ווען מיר בעטראַכטען אונזער יעצטיגען אידישען דור, דערזעהען מיר אין איהם דאָס זעלבע אַבנאָרמאַלע וואָס אין דער גאַנצער מענשהייט — אַ דור־תהפוכות, אַ דור פון זאָנדערבאַרקייטען, קאָנטראַסטען, אַ דור פון — ענטשולדיגט — איבערגעקעהרטע מחות.

מיר זעהען אידען, וואָס לייקענען אין דער עקזיסטענץ פון אַ אידישער תורה, אין אידישער טראַדיציאָן און דאָך זיינען זיי אידען; זיי בענוגענען זיך מיט אַ אידישקייט פון ניט גלויבען אין עבודה־זרה, פון ניט זיין אַ גוי. אָבער זיי לייקענען אין עבודה־זרה און דאָך דיענען זיי איהר... פיהרען זיך אין אַלעם לויט דעם קולט פון די אַנדערע.

מיר זעהען אידען, וואָס לייקענען אין דער עקזיסטענץ פון אַ אידישער נאַציאָן, לייקענען אין אידישען נאַציאָנאַליזם אין דער צייט וואָס זיי זיינען מודה אין פרעמדען, שליסען זיך איין אין פרעמדע נאַציאָנען און דאָך זיינען זיי אידען... דאָס זיינען אַזעלכע אידען, וואָס ווערען אויס אידען, כדי מען זאָל זיי לאָזען זיין אידען... זיי טהוען אַלעס פערקעהרט פון דער אידישער תורה, אין דער צייט ווען זיי בעריהמען זיך צו טראָגען די זעלבע תורה צו אַנדערע... דאָס זעהט אויס פונקט, ווי זיי ווילען זיך בייטען מיט די פעל־קער. זיי נעהמען אָן די פרעמדע לעהרעס און ווילען, דאָס די פרעמדע זאָלען אָננעהמען זייער תורה...

עס גיעבען ביי אונז יעצט אַ סאָרט נאַציאָנאַליסטען, וואָס ארבייטען

געגען די אינטערעסען פון דער אידישער נאציאן. אין דער צייט וואס זיי שטעהען פיר די רעכטע פון אנדערע אונטערדריקטע נאציאנאליטעטען, אין דער צייט, וואס זיי זיינען מודה פיר די אנדערע די נויטווענדיגקייט פון טערריטאריאלען בעזיטץ, פון פרייער ענטוויקלונג, לייקענען זיי אין דאס זעלבע פיר זייער אייגענער נאציאן אדער זיי בענוגענען זיך פיר איהם מיט שה"י ופה"י... (מיט גלות־אויטאנאמיע, אידיש־שוהלען, סיים־חלומות א.ז.וו.)

עס האבען זיך בעוויזען א סארט אין פרינציפ רעליגיעזע אידען, וואס געהען אויפהאלטען דעם יודענטהום מיט מיטלען, וואס צושטערען איהם; מיט פרייע סינאגאגען, מיט זונטאג־שבת, מיט אסימילירען, פעראידישען דעם גוי'אישען גאט...

אין אלעם און איבעראל הערשט א מישמאש, א מין תהו ובהו.

די אמאהל שטארקע קאטעגאריע אידען, דער פונדאמענט פון אידישען פאלק, דער עכטער אידישער עלעמענט, די טרייע אידען, וועלכע אמאהל זיינען געווען פעהיג צו טאהן אלעם פיר דאס יודענטהום, האבען זיך יעצט פעררוקט אין איין קליין ווינקעלע פון יודענטהום, האבען צוגעמאכט זייערע אויגען און ווילען ניט וויסען פון אלעם וואס טוהט זיך ארום זיי, אדער זיי קוקען צו מיט א פערצווייפעלטער גלייכגילטיגקייט און העלפען דאס יודענטהום מיט א קרעכץ... ארום און ארום וויטהעט דאס פערניכטונג, דער נאציאנאלער טויט און זיי ליעגען ווי דערשלאגענע און טהוען גאר ניט. דאס שרעקליכע פערצווייפלונג האט זיך אריינגעכאפט אין די הערצער פון דיזע גלויבענס־העלדען, זיי לאזען אראב זייערע הענד און ערלויבען זייערע קינדער, דעם יונגען דור, צו אוועקגעהן פון זיי, צו פערפרעמדט ווערען, צו געהן וואהין זייער הפקר־הארץ געלוסט; זיי ערלויבען גלייכגילטיג זייערע קינדער צו טהאן, דאס וואס זיי ערלויבען ניט זיך און זיי בענוגענען זיך דאמיט, וואס זיי זעלבסט זיינען אידען. — — אין דער צייט פון דער השכלה בעוועגונג האבען זיי, צוואר מיט פאלשע, פערקעהרט־ווירקענדע מיטלען, מיט חרם און פערפאלגונגען, אבער דאך געקעמפפט. יעצט זיינען זיי ניט אימשטאנד זאגאר צו בעשיצען זיך, צו פערטהיידיגען ווי מענשען, דאס וואס זיי איז טהייער. די משכילים, וועלכע בכלל זיינען בעזעסען אביסעל אידישע און ניט פיעל־אויסערליכע וויסענשאפט און האבען ניט דערגרייכט די קנעכליך פון פיעלע פון אונזערע גאונים, זיינען אימשטאנד געווען צו אנמאכען אזא חרבן אין יודענטהום און צווישען די אלע גאונים און רבנים האט זיך כמעט קיין אייניציגער געפונען, וואס זאל זיי בעקעמפפען אויף א ריכטיגען מענשליכען אופן, וואס זאל צושמעטערען זייערע פאר'שע טהעאריעס, וואס זאל איבערצייגען דעם פאלק און בעשיטצען אונזערע פאלקסרייכטהימער. ווייל עס האט זיי געפעהלט די נעטהיגע וויסענשאפטען, די געוועהר מיט וועלכע זייערע געגנער האבען זיך בענוצט. און דעריבער האבען זיי געמוזט בענוטצען מאטעריעלע מיטלען.

אן עהנליכע ערשיינונג זעהען מיר אויך יעצט .עס האבען זיך געפונען א טהייל רבנים, וואס ווילען אויפהאלטען אידישקייט מיט דער הילף פון קאזאק, פון דער נאהייקא, מיט דעם כח פון יענע, וועלכע זוכען דאס פערניכטונג פון אידען און יודענטהום. זיי פיהלען זיך ניט בכח צו ווירקען אויף אונז, אויפ'ן נייעם דור מיט דעם כח פון אידישען גייסט, מיט זייער ווארט, מיט זייער חכמה, תורה, אמת, אידעאליזם, צניעות, מאראלישע ריינקייט, ווי עס פלעגען טאהן אונזערע אמאהליגע רבנים, נור זיי ווילען הערשען, אריינברענגען דעם רוימער אין אונזער טעמפעל.

עס זיינען ביי אונז אויפגעשטאנען א דור פון פאבריצירטע רבנים, עמי־הארצים, קלים, אונגלויביגע, וואס אבי א משכיל, א מענש מיט וועלכע עס איז וויסענשאפט, איז פעהיג זיי צו בעקעמפפען און זיי זיינען ניט פעהיג צו ענטפערען, צו בעשיטצען אונזערע הייליגטהימער. און זיי זוכען דאס גאר ניט. זיי זעהען צו בעשיטצען בלויז זייערע מאגען־אינטערעסען. און אונזער ארטהאדאקסיע האלט זיי, ערנעהרט זיי, ערציהט זיי, און העלפט זיי צו פערמעהרען זיך... וואו נור א שוהל, א מנין, האלט א רב'ל און ענטווי-

קעלט שענדליכע קאנקורענץ צווישען זיי, און ערנידערט דעם אויטאריטעט פון אונזער העכסטען אדעל און שטאלץ.

און אט איז נאך אן אוננארמאלע ערשיינונג פון היינטיגען דור.

מיר לעבען יעצט איבער א צייט, ווען עס ווערט כמעט אונמעגליך צו אויפהאלטען דעם יודענטהום אין אלע גלות־לענדער. אויפ'ן גאנצען ערד־קוגעל, אויסער ארץ־ישראל, איז ניטא א שטיקעל פלאץ, וואו אידישקייט זאל קאנען נאטירליך עקזיסטירען און זיך ענטוויקלען. מיר לעבען איבער א צייט ווען אידישקייט איז צו שאנד און צו שפאט, ווען דער חלול־השם און דער חלול האומה ווערט גרעסער פון טאג צו טאג, — א צייט פון כלל־שמד..

דאס איז א צייט, ווען אונזערע אליהו'ס שרייען אויס: קנא קנאתי לד' ווען אונזערע מכבי'ס, האלטענדיג דעם שווערד אין האנד, רופען: מי לד' אלי! ; ווען אויף יעדען, וואס פיהלט זיך אלעס איד, ליעגט א הייליגער חוב צו ווערען א קעמפפער, א לוחם מלחמת ד', א העלד פון דער נאציאן, און עס איז קלאהר ווי דער טאג, דאס עס איז געקומען די ריכטיגע צייט צו איבערזעטצען דעם יודענטהום, צו פערפלאנצען איהם אויף זיין ריכטיגען פלאץ, אויף זיין נאציאנאלען באדען *) ווייל קיין אנדער מיטעל, קיין אנדער אויסוועג איז ניטא; און די ארבייט פון די ביסעל קרעפטען, פון די אחד בעיר ושנים במשפחה, וואס ארבייטען פיר דאס אידישע אויפלעבונג אין ארץ־ישראל, איבערצייגט, אז דאס איז דער ריכטיגער וועג, דארט איז דער ריכטיגער פלאטץ. — אט פונקט אין דיזער צייט, שטעהען דיזע, וועלכע זיינען פרינציפיעל דאפיר, וועלכע בעטען גאט פיר דאס אידישע אויפלעבונג אין אונזער לאנד, וועלכע קלאגען אויף גלות האומה און גלות השכינה, אט גראדע דיזע, אונזערע פרומע און שעהנע אידען, אונזערע גאונים און גדולים, צו וועלכע די אויגען פון הונדערטע טויזענדע זיינען געווענדעט — שטעהען פון ווייטען אדער געגען דער נאציאנאלער בעוועגונג און פיר דאס פיילען אין גלות, בלויז איבער דעם: טאמער וועט גאט פעראיבעל האבען, וואס זיי געהען עפעס טהאן פון זיין כבוד וועגען, פיר זיין תורה, פיר זיין אומה, בעפאר משיח קומט. עס שיינט פונקט ווי זיי וואלטען ווארטען אז אונזערע פערניכטער זאלען זיי העלפען צו מאכען אונז פיר אידען.

אה, ווי שרעקליך, ווי דום, ווי פאלש, ווי געגען אלעס וואס איז אידיש און מענשליך איז דיזער קרומער וועג.

אה, מורינו ורבינו! אומזאנסט איז אייער מורא, אונזין איז אייער ציטערען! אברהם אבינו איז געגאנגען טהאן א גרעסערען פערברעכען, אום צו ערפילען זיין פפליכט צו זיין גאט; ער איז געוועזן פערטיג צו מקריב זיין זיין עולם הבא פיר זיין ערהאבענעם צוועק. טהוט איהר בלויז אייער פפליכט צו אייער גאט, צו אייער תורה, צו אייער נאציאן, ווען עס איז דא א מעגליכקייט דאצו.

ווארפט אראב אייער מורא פיר אייערע געמיינדעס און תקיפים. צייגט אז איהר זיינט אמת'ע אידישע פארשטעהער און פיהרער, און ניט געפיהרטע... ניט פאסטוכער וועמען זייערע שאף פיטערען. קומט צו אייער פאלק, טרעט אריין אדער פאראוים די מחנות פון ישראל און ברייגנט מיט אייערע חילות, אייערע געמיינדעס, און ווערט א מאיאריטעט אין דער נאציאנאלער בעוועגונג און פעראייניגט אורייתא מיט ישראל, אום צו געהן אין ארץ־ישראל, פעראייניגט דעם יודענטהום מיט'ן נאציאנאליזם, פעראידישט דער בעוועגונג אויב איהר דענקט אז זי איז פיר אייך ניט גענוג אידיש. די נאציאנאלע אידען אין דער בעוועגונג זיינען גענוג טאלעראנט און רעספעקטפול צו אייך. אבער מיידעט ניט אויס דאס, וואס פיהרט צום אויפלעבונג און אויפהאלטונג פון יודענטום. ווייכט ניט פון דאס, וואס איז אייגענטליך אייך זעלבסט טהייער און הייליג. געהט פאראוים אייער פאלק, אויב איהר ווילט ניט פערבלייבען הינטער'ן פאלק, אדער אהן פאלק!... פערגעסט ניט אין דעם עת לעשות לד' הפרו תורתך. עס איז יעצט אן עת לעשות, ווארום אונזער תורה איז צושטערט, דאס יודענטהום אין גלות געהט אונטער.

---

*) זעהע דעם מדרש אין קעפיל פון דיזען עפילאג.

איינער פון די סמני־הגאולה איז: הקדוש ב״ה מעמיד להם מלך שגזרותיו קשות כהמן וישראל עושים תשובה ומחזירם למוטב. (בר. צ״ח.)

ווער ווייס אויב די שרעקליכע גזרות און פּורעניות, וואָס קומען יעצט אויף אונזער פאָלק, זיינען ניט דאַפיר, וואָס מיר שווייגען אויף דעם חלול השם והאומה און טהוען גאָר ניט פיר דאָס רעטונג פון יודענטהום, פאָלק און לאַנד, אין דער צייט וואָס מיר האָבען דאַצו אַ מעגליכקייט...

אונזער פרומע קלאַססע, די עכט אידישע אידען, איז אימער צו פּאַסיוו, עס פעהלט איהר די אַקטיוויטעט, די איניציאַטיווע, אָדער איהר אַקטיוויטעט איז צו איינזייטיג, ניט אין דער ריכטיגער ווענדונג. און דעריבער פאַלט אַזוי און ווערט שוואַך דער ריינער יודענטהום, און איז ווי אַ שיף אָהן אַ קאַפּיטאַן. און דעריבער הויבען אַזוי אויף דעם קאָפּ די אַנדערע. די אידיש־געזאָנענע אידען מוזען מעהר דרייסט און אַקטיוו ווערען, מעהר פערנונפט און רעכטפערטונג פיר דעם אידישען אידעאַל.

אָה, עס מוז פערשווינדען דער דור המדבר, — דער דור פון אידען אָהן אידישקייט און פון אידען אָהן מענשליכקייט! עס מוז אוועקגעהן דער דור, וואָס האַלט פיר אַ מצוה צו פוילען אין גלות און אַנ׳עבירה צו פאַרברייטען ארץ־ישראל פיר עם־ישראל. עס מוז אויפהערען דער וואַנדערער דור, וואָס וואַנדערט פון מרה אין חרדה, פון חרדה אין צלמונה און פון צלמונה אין חרמה און בלויז געהן גלייך נאָך יהודה קאָן ער ניט!...

עס מוז אויפשטעהן אַ נייער דור, — אַ דור וואָס איז דורכגעדרונגען מיט׳ן ריינעם אידישען גייסט. אַ דור, וואָס איז ערצויגען לויט משה רבנו׳ס אַנזיכטען, ביי וועלכען יודענטהום מיט וויסענשאַפט זיינען איינס, געזעטצע פון יודענטהום מיט געזעטצע פון נאַטור געהען האַנד אין האַנד, וועלכער קען זיך שטעלען געגען אונזערע מהרסים אין פולער בעוואָפענונג פון תורה און חכמה, אידישקייט און וויסענשאַפט, און צוברעכען זייערע געטער; אַ דור וואָס זאָל זיין אידיש ווי נאַציאָנאַליסטיש און נאַציאָנאַליסטיש ווי אידיש; אַ דור פון בני נביאים, פון העלדען, וואָס זאָל אין איין האַנד האַלטען דעם שווערד צו שטרייטען מלחמת ד׳ ועמו און מיט דער צווייטער זאָל ער בויען זיין פאָלק ווי זיין רעליגיאָן, זיין לאַנד, ווי זיין גאָטעס טעמפּעל.

און דיעזער דור וועט אַריין אין ארץ־ישראל.

און דאַן וועט אויפהערען ברודער־מאָרד און דאָס מענשהייט וועט צו־קומען צום עץ־החיים.

ע נ ד ע.

